# דער ירדן רוישט...

שלמה איז געווען א קליין דאר יונגל מיט א פאר שווארצע ברענענדיקע אויגן, וואס האבן א בלאסן פנים מיט א לאנגן אויסגעבויגענעם נאז באלויכטן. לאנגע געקרייזלטע פאות זענען פון ביידע זייטן געזיכט אראפגעהאנגען. א שווארץ טיכל האט זיין קאפ פארדעקט. ביז די קני האבן זיינע דארע פיס פון אונטער דער שמוציקער העמד ארויסגעשטעקט.

„תימנער! תימנער!” און א הויכן געלעכטער האט ער דערהערט, ווען ער איז נאר פון טיר ארויסגעגאנגען. שלמה האט דעם קאפ אומגעקערט און דערזען יהודיתן, דעם קאלאניסטס טאכטער. הינטער איר, אין פענסטער, איז געשטאנען אמנון, זייער קרוב.

— וואס שטייסטו? — האט ער דער מוטערס קוויטשעדיק קול דערהערט, וועלכע האט ביי דעם קאלאניסט געארבעט.

וווהין גייט מען? האט ער א טראכט געטאן, אפגייענדיק א פאר טריט, נאר דא האט ער דערזען א גאנצע מחנה הינט און האט אויף זיי אנגעהויבן ווארפן שטיינער.

„מיין אייזעלע, מיין אייזעלע!” האט זיך דערהערט א געשריי פון קאלאניסטס הויף, און ער דערזעט יהודיתעם קליינע אייזעלע איבערן גאס. ער איז אים נאכגעלאפן און געכאפט.

— נא דיר דעם אייזל, — איז ער פריילעך צום שטוב צוגעפארן. יהודית איז מיט דעם אייזעלע אוועק.

— „איך וועל איר נישט ווייזן דעם גרויסן בין מיט די קנעפ, וואס איך האב נעכטן געפונען”, — האט ער ברוגז גע־

טראַכט נאָכקוקנדיק איד. — „אַפילו די שוואַרצע יאַשטשערקע און די פייפל אויך נישט". — איז ער שטיל מיטן וועג צום כּרם (ווייננאָרטן) געגאַנגען, וווּ זיין טאַטער איז געווען אַ שומר (וועכ־טער).

אויפן וועג, אינמיטן גאַס, זענען צוויי קליינע, שוואַרץ־גרוי־לעכע פייגעלעך אומגעשפּרונגען.

— „איך וועל זיי כאַפּן און ברענגען יהודיתן", — האָט ער זיך אָנגעהויבן אונטערגנבענען. נאָר דאָ איז אָנגעפאָרן אַ וואָגן און זיי זענען אַוועקגעפלויגן.

שטיל איז ער מיטן וועג צום אַלטן בית־עולם געגאַנגען, וווּ ער האָט אַזוי ליב אומצוגיין און טאַפּן די גרויסע אויפשריפטן אויף די שטיינערנע מצבות, אַרויפקלעטערן אויף דעם אַלטן סי־קאָמאָר אויפן רעכטן שפּיץ, פון וואַנען מען זעט אַזוי ווייט, אַזש ביז די בערג.

אויפן בית־עולם, צווישן די אייקאַליפּטוסן און קיפּאַריסן איז ער געגאַנגען צו דער גרויסער הייל, וווּ ער איז טיף אַריינגעקראָכן און האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער פייכטער, קאַלטער ערד.

לאַנג איז ער אַזוי געלעגן און געקוקט אויף האָס שטיקל ווייסן שיין, וואָס האָט זיך געזען אין דעם אַריינגאַנג פון דער הייל, און ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס ער האָט ערשט נעכטן געהערט פון טאַטן, ביינאַכט אויפן כּרם, וועגן אבימלך דעם קיסר פון גרר און יעקב אבינו.

— ווען איך בין אַ מלך, — ליגט ער און טראַכט, — וואָס וואָלט איך געטאָן?... און דאָ? — ער איז אַליין אַ מלך. ער איז אבימלך, דער קיסר פון גרר... רייך און שטאַרק איז ער, אַלע האָבן פאַר אים מורא. אַ גאַנצן טאָג ליגט ער און רויכערט די נאַרגילע. אַלע, וואָס פאָרן איבער זיינע וועגן און טרינקען זיין וואַסער, מוזן אים צאָלן.

אַ טומל, אַ גערודער ווערט אין זיין פּאַלאַץ. די שוואַרצע קנעכט לויפן אַריין און, פּאַלנדיק צו זיינע פיס, דערציילן זיי אים, אַז פרעמדע מענטשן האָבן זיי געבראַכט, אַ פרוי מיט אַ מאַן, קיינמאָל האָבן זיי אויף זייערע וועגן אַזעלכע נישט געזען.

— פירט זיי ארײן! — נעמט ער א שטרענגן באפעל, און ער זעט ווי אין מיר באווייזט זיך יהודית. ער האט זיך פון ארט אויפ־געהויבן, נאר היינטער איר האט ער דערזען אמנונען אין די לאנגע זאקן און קורצע הייזעלעך. די קנעכט מיט בלאנקענדע שווערדן שטייען הינטער זיי.

— ווער זענט איר? ווי זענט איר געקומען אין אונזער לאנד? — פרעגט ער זיי שטרענג און צארנדיק און נעמט א ווונק מען זאל זיי צעשיידן.

— אדוני מלך, — ענטפערט אמנון — פרעמדע, יידן זענען מיר, פארבלאנדזשעט האבן מיר אין דיין לאנד. פון די יידישע קא־לאניעס זענען מיר. זאלן דיינע קנעכט געפינען גנאד אין דיינע אויגן.

— אהא, „דיינע קנעכט"... — און אזוי לאכסטו שטענ־דיק: — „תימנער, תימנער" — קוקט ער לאנג אויף זיי און שווייגט. אמנון ווערט אלץ בלייכער, ער שרעקט זיך.

— ווער איז זי? — פרעגט ער ווייטער, אנווייזנדיק אויף יהודיתן, וועלכע איז מיט אן אראפגעלאזטן קאפ צווישן צוויי קנעכט געשטאנען. און אים ווילט זיך צוגיין זאגן איר: — „יהו־דית, האב קיין מורא. הו דערקענסט מיך נישט? מיין טאטע און מאמע ארבעטן ביי אייך. איך בין דאך שלמה, איך האב דיר דאך דעם אייזעלע געכאפט", — נאר ער שווייגט און ווארט אויף אמ־נונס ענטפער.

— מיין שוועסטער, אדוני קעניג, — ענטפערט אמנון.

— דיין שוועסטער! — האט ער אויסגעשריגן, נאר האט זיך גלייך פארכאפט — וואס טוסטו דא מיט דיין שוועסטער ביי אונז אין לאנד? ווי אזוי ביסטו געקומען? וויים זענען מיר פון די יידן, מיר קענען זיי נישט... אויסקוקן אונזער לאנד ביסטו געקו־מען.

— אדוני מלך, פארבלאנדזשעט האבן מיר. נישט אויסקוקן דיין לאנד זענען מיר געקומען. זאלן דיינע קנעכט געפינען גנאד אין דיינע אויגן.

— קנעכט! פארשפארט אים ביז מיר וועלן אויספארשן! —

ניט ער א שטרענגן באַפעל, — אהא, ביסט אריינגעפאַלן. איך וועל יהודיתן אָפּפירן און מיר וועלן זען, וואָס איר פאַטער וועט זאָגן... וועסט שוין לאַכן: „תימנער, תימנער"... — — — — — — — —

העי! העיאָ! — האָט זיך אויסגן הויל דערהערט. שנעל איז ער אַרויסגעלאָפן און דערזען יהודיתן מיט אמנון, רייטנדיק אויף אייזעלעך.

— יאַלאַ אויפן כּרם! — האָט מיט איר קלינגענדער שטים יהודית אויסגעשריגן.

שלמה האָט זיין העמד פאַרקאַטשעט, אָנגעכאַפּט יהודיתס אייזל פאַרן עק און איז נאָכגעלאָפן.

— זע, ווי ער לויפט, — האָט אמנון צו יהודיתן געלאַכט, טרייבנדיק אַלץ שטאַרקער די אייזלען. יהודית האָט זיך אומגעקוקט און האָט זיך אויך שטאַרק צעלאַכט. פאַרשעמט האָט שלמה דעם עק אָפּגעלאָזן און איז שוין שטיל נאָכגעגאַנגען.

— יאַלאַ, לויף נאָך, ווער קען בעסער לויפן! — הערט ער ווי אמנון שרייט אים.

— קריך אַראָפּ פון אייזל — ענטפערט שלמה מיט פאַרדרוס און אַליין טראַכט ער: — „וואַרט, דו וועסט צו מיר אַריינפאַלן, אַז איך וועל זיין אַ מלך"... נאָר יהודית האָט דעם אייזל אָפּגעהאַלטן און שטיל איז ער מיט זיי צום כּרם געגאַנגען.

— נעם בינד די אייזלעך, — איז אמנון פון אייזל אַראָפּ און אַריין אין כּרם... שלמה האָט זיך נישט הערנדיק געמאַכט. ער האָט געהאַלטן יהודיתס אייזל, וועלכער האָט נישט געוואָלט שטיין.

— תימנער! — איז אמנון אַ בעסדיקער צוגעלאָפן, אים אָפּגעשטופּט און אַליין געהאָלפן אַראָפּקריכן יהודיתן. זיי זענען אַוועק איבערן כּרם.

שלמה האָט זיי אַ ווײַלע נאָכגעקוקט און ברומענדיק אונטערן נאָז האָט ער די אייזלען געפירט, נאָר גלייך ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך עפּעס באַטראַכט, האָט ער יהודיתס אייזל און אַ זייט אַליין געבונדן און מיט צופרידענעם שמייכל האָט ער זיך אויסגעצויגן מיטן פּנים צום הימל.

אין דער שטילקייט האָט ער אַ שאַרכן דערהערט און אונטער אַ

בוים רערזען א יאָזש, געשווינד אים אין טיכל געכאַפּט און מיט א געשריי איבערן פּרם געלאָפן.

— וואָס האָסטו די אייזלען איבערגעלאָזן? — האָט ער אָמ־נונס בייזע שטימע דערהערט. יהודית איז פון ווייטן געשטאַנען.

— ווו האָסטו איבערגעלאָזן די אייזלען? — האָט אַמנון איבערגעפרעגט.

— איך האָב אייך געוואָלט ווייזן דעם יאָזש — האָט ער שטיל אויסגערעדט אומקערנדיק זיך — אויף די לאָך, ווו די וועלפ־לעך זענען, — האָט ער שטיל צוגעגעבן.

— אהער ברענג די אייזלען — האָט זיך אַמנון בייז צע־שריגן.

— וואָרט, שלמה, — האָט פּלוצלונג יהודית געזאָגט, און ביידע זענען זיי צו די אייזלען געגאַנגען. אַמנון איז זיי נאָכגע־גאַנגען. שלמה האָט יהודיתן געהאָלפן זעצן זיך אויפן אייזעלע און זיי זענען פון פרם באַגלייט.

שפּעטער, אז צו אים זענען זיינע חברים געקומען, האָט ער איינעם פאַר אַמנון געמאַכט און איינעם פאַר יהודיתן. זיי האָבן שפּאַצירט איבערן פּרם. די לאָך פון דעם שאַקאַל האָט ער זיי גע־וויזן. א יאָזש האָט ער זיי געכאַפּט. און אַמנון האָט זיך שוין נישט געבייזערט מער...

---

נאָך דער לאַנגער צייט, וואָס שלמה איז נישט געווען אין דער היים, איז ער געקומען צום פאָטער צו גאַסט, וועלכער איז, ווי שטענדיק אין דער צייט, געווען א שומר אויף א פרם. די מו־טער האָט ביי א קאָלאָניסט געאַרבעט.

— זע, ווי גרויס ער איז געוואָרן... ווי א „מאַסקאַבי מיט א ביקס", — האָט אים דער פאָטער באַגעגנט, באַוואונדערנדיק זיין הויכע, שלאַנקע פיגור און שוואַרצן פּאָס אויף דער אויבערשטער ליפּ.

— וואָס מאַכסטו, קום צום ביידל, — האָט ער ביי אים די ביקס צוגענומען, און געשיקט רופן די מוטער. דעם טלית אויף דער רעכטער רינער זייט איבערגעקערט און אויך א ווייסן „טאָב"

אַנגעטאָן. די לאַנגע פאות זענען ביי יעדער באַוועגונג אומגע־פלויגן איבער זיין טונקל־בלאַסן, טרוקענעם פנים.

מיט אַ קוויטש איז די מוטער אַנגעלאָפן. נאָך דער פאָטער'ס אַבֿי סאַלים, ווי די אַראַבער האָבן אים דעם אייגענעם טאָג אַ נאָמען געגעבן און די יידן רופן אים פשוט יחיה, האָט זי אָפּגע־שטופּט, געהייסן מאַכן קאַווע און אויך עסן.

אונטער דעם בוידל, אינם שאָטן פון די מאַנדל־ביימער, האָט יחיה אַ גרויסע ראַגזע פאַרשפּרייט און אויך אָנגעוואָרפן קי־שעלעך. שלמה האָט זיך געזעצט.

— קיף האַליאַק? (וואָס מאַכסטו), — האָט אים דער פאָטער געפרעגט אויף אַראַביש. שלמה האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן און־קוקנדיק זיך אין אַלע זייטן.

אַנטקעגן איז געשטאַנען דער אַלטער בית־עולם מיטן גרויסן סיקאַמאָר, וועלכער האָט זיך אַזוי מאַיעסטעטיש אַרויסגערוקט פון אַלע ביימער.

— איטפאַדאַל, יאַ איבני (איך בעט דיר מיין זון) עס... — האָט די מוטער צוגעטראָגן געקאָכטע רייז, פייגן, אַ שטיקל אַראַ־בישן קעז און אַזעלכע געקאָכטע גראָז „חובעזע", ווי די אַראַ־בער רופן עס.

שלמה האָט געקוקט אויפן פאָטערס טרוקן־געלבלעכן געזיכט, וואָס איז באַדעקט געווען מיט אַזאַ האָר, אַזוי ווי קליינע ביימעלעך אָנגעזעצט, זייער רחמנותדיק שוואַך האָט ער אויסגעזען, אונטער דעם שוואַרצן טיכל, וואָס האָט זיין קאָפּ באַדעקט.

ער האָט אויף דער מוטער געקוקט, וועלכע איז נעבן געזעסן אין איר לאַנגער בלויער אַראַבישער העמד, מיט די גרויסע, ווייסע רינגען אויף די הענט און אין די אויערן, און עפּעס זייער נישט גוט איז אים געוואָרן. ער ווייס אַליין נישט פאַרוואָס.

אַלץ וואָס מען האָט געגעבן האָט ער געגעסן און אין דער אייגענער צייט האָט זיך אים געוואָלט זיין אין גליל, אין זיין צימער'ל.

— וואָס מאַכסטו? ווו האָסטו געאַרבעט? — האָט ווייטער דער פאָטער איבערגעפרעגט.

מיט אָפּגעהאַקטע אײנצלנע װערטער האָט שלמה דערציילט, װי ער איז אַװעק פֿון יהודה אין גליל, װו ער האָט אין אַ פֿערמע געאַרבעט פֿאַר אַ טאָגלער אַ טאָג (1 פר. 40 ס.) און נאָך דעם איבערגעשלאָגן צו אַ קאָלאָניסט, װו ער האָט פֿאַרדינט 20 פֿראַנק אַ מאָנאַט מיט עסן—און איצט בין איך אַ װעכטער און די אַראַבער האָבן פֿאַר מיר גרױס דרך־ארץ, — האָט ער שטאָלץ פֿאַרענדיקט מיט אַ פֿײַערל אין די אױגן.

פֿון דער װײַטן, פֿון נאָך אַ כּרם, װו עס איז אױך געװען אַ װעכטער אַ תּימנער, האָט זיך דערהערט אַ דינע שטימע, פֿון אַ צעצװײגטער ליד. מאָדנע־װײנענדיק האָט זיך צעטראָגן דאָס געזאַנג, אַזױ װי אַ קלײן קינד, װאָס מען האָט געשלאָגן, אָדער צו־גענומען דאָס שפּילצײַג װײנט, און דאָס ליד איז פֿאַרענדיקט גע־װאָרן מיט אַ לאַנגער אױסגעצױגענער נאָטע, אַזױ װי ער װאָלט זיך אין זײַן זינגען פֿאַרגײן.

אײַנהערנדיק זיך אין דעם ליד, איז שלמה געזעסן מיט ברײט אָפֿענע אױגן און געקוקט אין דער זײַט פֿון בית־עולם.

— שלום־עליכם! — זענען אײניקע עלטערע תּימנער אָנגע־גאַנגען, געקומען מקבל פּנים זײַן דעם גאַסט. שלמה איז אױפֿגע־שטאַנען, נאָך קישעלעך געבראַכט, באַדינט זײ. מען טרינקט שװאַרצע קאַװע, מען הױבערט די נאַרגילע און מען שװײַגט קוקנדיק אױף שלמהן, גאַרנישט װי זײער געװײנהײט איז. װען נישט װען װאַרפֿט מען זיך איבער מיט אַ װאָרט. שלמהן האָט דאָס געװונ־דערט.

— רומיה איז שױן געװאָרן אַ גרױס מײדל, — האָט אױס־גערעדט אַ הױכער, דאַרער אין אַ לאַנגער העמד, תּימנער.

— און פֿיל געלט װעט איר פֿאָטער נישט בעטן, — האָט נאָך אײנער, אין אַ שװאַרצע „לעפּע" צוגעגעבן. און װײַטער געשװיגן. נאָר דער פֿאָטער האָט אױף אים געקוקט, נישט דאָס מיט געבעט, נישט דאָס מיט באַפֿעל. שלמה האָט זיך אָפּגעקערט.

און די שטימע פֿונם תּימנער, דעם װעכטער, האָט זיך װידער צעטראָגן איבער די גערטענער, נאָך מער לײדנשאַפֿטלעכער און טרױעריק.

מי בלי חטא שוט מני,
יעבוד פסל וסמל, ואני עובד לקוני
שממו ערי יסודי, קום, ידידי ודרוש שלומי
אחפצה אראה לדודי, הממלא את מקומי.

אלץ געגמטער איז דאס ליד געקומען, ביז ארום זיי איז אויס־געוואקסן א יונגער תימנער.

— א, שלמה, קיף האליאק? — האט דער צוגעקומענער אויסגעשריגן, און זיי האבן זיך צעקושט אין די אקסלען, ווי אראבער.

— וואס מאכסטו?... געווארן א דיעדא, א מאסקאווי, — האט ער שלמהן דעם ביקס אפגעגעבן.

— דו ווייסט, רומיה איז שוין א גרויסע מיידל געווארן! — האט ער איבערגעהזרט, די איינציגע ווערטער, וואס די תימנער האבן פריער געזאגט.

שלמה איז געזעסן און געשוויגן. ער האט געקוקט אויף זיין אלטן חבר, וואס האט אזוי פריילעך מיט די אויגן געבליצט און ער האט זיך דערמאנט, ווי זיי פלעגן זיך דא אין פרס שפילן און אין זיינע אויערן האט אפגעקלונגען:

„בינט צו די אייזעלעך, תימנער!"...

— אט גייט רומיה! — האט וויטער דער חבר אויסגעשריגן.

— זעסט, זעסט ווי זי איז! — האט ער אנגעוויזן שלמהן אין פרס־אריינגאנג, וו עס איז אריינגעקומען א יונגע תימנערקע אנגעטאן אין בלויען, איבערגעגארטלט מיט א ברייטן גארטל. אין די אויערן, אויף די הענט און פיס, איז געווען אנגעטאן ווייסע רינגען און הייס האבן אירע שווארצע אויגן באלויכטן דעם געלב־לעכן, אן בלוט געזיכט. א שווארץ טיכל האט איר קאפ ארומגע־וויקלט.

— שופעט! (זעסט). — האט איינער צו שלמהן אויסגעשריגן.

— ווייסט, אמנון איז דא? — האט דער חבר אים אונטער־געשטורכעט, — אלע זומער קומט ער אהער.

— אלע זומער איז אמנון הא? — האט ווי צו זיך אליין גע־זאגט שלמה.

— וואָס זאָגסטו? — האָט דער חבר איבערגעפרעגט.

— וואָס טוט דאָ אַלע זומער אָמנון?

— ער איז דאָך זייער קרוב...

— זייער קרוב?... — איז שלמה פון זיין אָרט אויפגעשטאַנען און נישט אומקוקנדיק זיך אויף דעם, וואָס מען האָט אים גערופן, איז ער געגאַנגען צום בית־עולם און אויף דעם גרויסן סיקאָמאָר אַרויפגעקלעטערט, אויפן רעכטן שפּיץ, פון וואַנען מען זעט אַזוי ווייט, און איז דאָרט געזעסן ביז די שטערן האָבן דעם הימל באַדעקט און זיך אומגעקערט אין כּרם. די געסט האָט ער שוין נישט געטראָפן.

— וווּ ביסטו געווען? — האָט אים דער פאָטער געפרעגט. — אַ בושה פאַר לייטן אַנטלויפן. זיי זענען דאָך געקומען שדכנען...

— איך גיי אויפן גורן זען די אַרבעטער. — האָט ער דעם פאָטער איבערגעשלאָגן און איז אַרויס פונם כּרם.

---

שטיל איז אַרום גורן. די נאַכט קומט אָן. אין דרום־זייט הימל איז נאָך ליכטיק. דער טאָג האָט זיך מיט דער נאַכט באַגעגנט. דער הימל ווערט מיט שטערן באַשאָטן, מיט אַזעלכע פינקלדיקע, ווייטע שטערן, און אויפן גורן, קופּקעסווייז, ליגן צעוואָרפן די אַרבעטער און די יוגנט.

שטיל איז שלמה אַרומגעגאַנגען פון איין קופּע צו דער צווייטער און האָט זיך איינגעהערט אין דעם שטילן זשומען.

— שלמה! ווען ביסטו געקומען? — האָט ער אַ פאַרוואונדערטן קול דערהערט און האָט אַרום אַ קופּע יהודיתן דערזען.

— ווער איז דאָס? — האָט ער געהערט, ווי עס פרעגט פון דער קופּע אַ שטימע.

— דער תימנער, דו דערקענסט נישט? — האָט יהודית געענטפערט.

נישט רעדנדיק קיין וואָרט, ווי פאַרשעמט, איז ער אַוועקגעגאַנגען, ער האָט זיך אפילו נישט אומגעקערט, ווען די אַרבעטער האָבן אים גערופן, און איז אַריין אין די אייקאַליפּטוסן, פון וועלכע עס האָט זיך געצויגן אַ גראָבע, שווערע פינסטערניש.

מיט זיינע אויגן בלאָנדזשעט ער אין אַלע זייטן, אין זיינע אויערן קליינגט נאָך איר געלעכטער און די ווערטער: — „דאָס איז דאָך דער תימנער".

עס דוכט זיך אים, אַז אין דער פינסטער צווישן די ביימער פינקלען אַ פּאָר הייסע, ברענענדע אויגן, אַזוי ווי זי האָט אויף אים געקוקט—יהודיתס אויגן. זיי טראָגן זיך אַרום, פליען אַרום אין אַלע זייטן, און מאָדנע ווינקען זיי...

אַ שטאַרקער געזאַנג פון אַ פרויענצימער. אַ ציטער איז איבער זיין קערפּער דורכגעלאָפן. מיט אַ קרעכץ האָט ער זיך צו אַ בוים צוגעשפּאַרט. אים האָבן ווייטער די פינקלדיקע אויגן אַרומגערינגלט אין אַ פייערדיקן קאַראַהאָד. זיינע אויגן האָט ער צוגעמאַכט. ער זעט איר שלאַנקע פיגור, ער הערט איר קלינגענדע שטים. זיינע פיס האָבן זיך אונטערגעבויגן, ער האָט זיך אויף דער ערד געזעצט און... ער געפינט זיך אין אַ גרויסן פּאַלאַץ. ער זיצט צעוואָרפן אויף אַ ווייכער טערקישער סאָפקע און רויכערט אַ נאַרגילע. פאַר אים, אין אַ משוגע־ווילדן טאַנץ, דרייען זיך עפּעס געשטאַלטן מיט ברענענדע אויגן... ער קען די אויגן, ער האָט זיי געזען. אָט פליען זיי פאַרביי אים, ער וויל זיי כאַפּן, נאָר זיי גליטשן זיך אַרויס. אָט האָט איינע, שטיל דרייענדיק זיך, דער־נענטערט זיך צו אים. — ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן, און יענע — אַלץ נענטער און נענטער. מיט אַמאָל האָט זי אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט און דעם שלייער פון קאָפּ אַראָפּגעוואָרפן.

— יהודית! — האָט ער אויסגעשריגן און האָט זיך צו איר אַ וואָרף געטאָן. אַ שטאַרקן קלאַפּ האָט ער דערפילט, אַרום בוים איז ער געלעגן.

---

שלמה האָט זיך אין גליל אומגעקערט. ער איז אַ וועכטער אין דער קאָלאָניע, וואָס ליגט ביי דעם ברעג ירדן. די אַראַבער האָבן פאַר אים דרך־ארץ, און ווען זיי דערמאָנען זיין נאָמען גיבן זיי צו: „דיעדאַ", דאָס הייסט — אַ ווילער יונג. זיין פּנים איז פון זון פאַרברענט געוואָרן, די אויגן קוקן שאַרף מיט אַ שטאַ־לענעם גלאַנץ. די גאַנצע נאַכט היט ער די קאָלאָניע און ביי טאָג

שלאָפט ער, אָבער עפּעס זייער נישט גוט פילט ער זיך זינט ער איז פון יהודה געקומען, ער ווייסט נישט פאַרוואָס.

פריער נאָכן שלאָף פלעגט ער גיין צו די קאָלאָניסטן, זינגען, און איצט זיצט ער דעם גאַנצן טאָג אין צימער, און פאַרנאַכט גייט ער צו דעם צווייטן וועכטער, דעם אַראַבער, זיצט מיט אים, טרינקט קאַווע און יענער זינגט אים אַראַבישע לידער. איבער־הויפּט האָט ער ליב דאָס ליד פון דעם משוגענעם אַראַבער.

גאַנץ אָפט טרעפט, אַז דאָס האַרץ הויבט אים אָן קלאַפּן, דאָס פּנים פלאַמט, פאַר די אויגן דרייען זיך פיל־פאַרביקע רייפן, די פּיס ציטערן און שטענדיק ווילט זיך אים בשעת מעשה יהודיתן זען.

פיל מאָל ווייזט זיך אים אויס אין פענסטער, אַז יהודית גייט, און ווען ער וויל אַרויסלויפן, קען ער זיך פון אָרט נישט רירן. ווי צוגעשמידטע זענען די פּיס...

איינמאָל האָט זיך אים נישט געשלאָפן. ער איז צום ברעג ירדן אַראָפּ.

די אַלעאַנדרעשן האָבן זיך נידריק צו די לויפנדע וואַסערן אַנגעבויגן, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך אין לײדנשאַפטלעך־צאַרטן באַנגער געקושט. ער קוקט אויף די פּאָר קליינינקע פויגעלעך, וואָס פליען אַרום דאָרט אַנטקעגן, מיט צעגומענע פליגעלעך. ער זעט די רויטע אַנעמאָנעס, וועלכע האָבן זייערע קעפּלעך אין וואַסער אַנגעבויגן, אַזוי ווי זיי וואָלטן, אין אַ מיוראָלשן געלעכטער, גע־ווונקען צו דעם, וואָס זיצט דאָרט אויפן דעק ירדן... ער קוקט אויף די זון־שטראַלן, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אַזוי ברענענדיק אין דעם ירדן־שטראָם, אַז ער האָט געמוזט די אויגן צומאַכן, און ווידער האָט ער פאַר זיך דערזען אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן... האַסטיק האָט ער זיך אויפגעהויבן, נאָר עס איז קיינער נישטאָ, און אין אַ שוואַכער מידקייט האָט ער זיך אויסגעצויגן מיט אָפענע אויגן אויף דער ערד.

לאַנג איז ער אַזוי געלעגן, אויסקוקנדיק זיך אין יענע גרויסע, ווייסע וואָלקנס. אָט האָט זיך איינע אָפּגעריסן, צעשוווּמען געוואָרן און אַרום איז אַזוי שטיל...

אָנגעשטרענגט קוקט ער אין דעם לויטערן הימל און... דאָס איז גאָר נישט קיין הימל, דאָס איז גאָר אַ קריסטאַלענער דאַך איבער אַ גרויסן פֿאַרצעליענעם פּאַלאַץ, וועלכער איז באַפּוצט מיט דער גאָלדענער זון, בריליאַנטענע שטערן און לבֿנה. די וואַסערפֿאַלן פֿון אַלע זייטן וויען אַן אַ שטילע קאַלטקייט און אַ טייערע בשׂמים־דופֿט צעטראָגט זיך אין דער לופֿט...

אין פּאַלאַץ עפֿנט זיך אַ ווייסע, מיט מאַרמאָר אויסגעלייגטע טיר. עס גייט אַריין אַ פֿרוי אין אַ לאַנג ווייס העמד, מיט אַ קרוין פֿון גין־גאָלד, באַפּוצט מיט טייערע שטיינער. צוויי גרויסע ווייסע שוואַנען פֿליען איבער איר קאָפּ. אַ קליינע גאַזעל, באַקראַנצט מיט בלוט רויטע רויזן, ווייסע כריזאַנטעמעס און ליליעס לויפֿט איר נאָך.

שלמה גייט איר אַנטקעגן און קניענדיק, גיט ער איר די האַנט און פֿירט זי איבער דעם פּאַלאַץ צו דער גלעזערנער שטול וואָס שטייט אינמיטן, מיט קראַנצן פֿון גאָלד און זילבער אויסגעלייגט. צוויי זיילן שטייען בײַ די זייטן און אויף זיי זיצן די שוואַנען. אונטער די פֿיס איז אַ טייערער טעפּיך אויסגעבעט, אי וועלכן, ווי לעבעדיקע, זענען צוויי לייבן איינגעפֿלאָכטן. ער זעצט זי אַוועק און אַליין געבליבן שטיין.

מיט אַ שמייכל האָט זי אים אַ קראַנץ אויף זיין איינגעבויגענעם קאָפּ אַרויפֿגעלייגט.

— מיין מלכּה! — איז ער פֿאַר איר געפֿאַלן אויף די קני. נאָר דאָ האָט ער אַ טייוולשן געלעכטער דערהערט און ער זעט, אַז פֿון הינטער איר פּלייצע קוקט אַרויס אמנון מיט אַ מויל ביז די אויערן צענומען, די צונג אַרויסגעשטעקט.

— אַהאַ, דו ביסט עס! — האָט ער זיך אין איין רציחה אַ וואָרף געטאָן, — נאָר אַלעס איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן און...

ער זעט פֿאַר זיך גרויסע בײַז דעם הימל בערג, איבער וועלכע ווו נישט ווו, ווי שטאַרקע ריזן, אין אַ אייביקן קאַמף מיט דער אַרומיקער וועלט, הויבן זיך גרויסע שוואַרצע שטיינער.

אַזוי ווי מיט אַ אַש־מאַנטל זענען די בערג צוגערעקט. עס איז נישט נאַכט און נישט טאָג, עס איז נישט דעמערונג און נישט

באַגינען. אויפֿן טונקל־העלן הימל קיין איין שטערן, נאָר אַ העל־בלייכע לבֿנה שווימט. פֿון הינטער דעם גרויסן שוואַרצן שטיין, וואָס זעט זיך דאָרט ווייט־ווייט, האָט זיך ווי אַ האַלבער ראָד געוויזן אַ ליכטיקער שיין, אַזוי ווי די זון וויל זיך אַרויסרייסן פֿון הינטער דעם שטיין.

אַ מאַטאָווע, פֿאַרחלשטע שיין, אין וועלכער אַלעס נעמט אָן אַ בלייכן אויסדרוק, איז אַרום צעגאָסן, און עפּעס אַ פֿיגור פֿון אַ זקן אין אַ לאַנג העמד מיט אַ גראָבן שטעקן אין האַנט גייט אַרום איינער אַליין. די גראָע לאַנגע באָרד איז איבער דער ברוסט צעוואָרפֿן.

אײַנזאַם גייט ער אַרום איבער די בערג, פּעסט שטעלט ער די פֿיס און נאָך יעדן טריט בלייבט ער שטיין, אַזוי ווי ער וואָלט פֿון עפּעס געטראַכט, זיך מיישבֿ געווען. הינטער אים זעט מען קיין שאָטן. אַ טויטע, אומגעשטערטע, טעמפּע שטילקייט הערשט אַרום און אַרום. דער אַלטער לאָזט זיך אין טאָלן אַראָפּ, קלעטערט אויף די בערג אַרויף און ווערט פֿאַרשוווּנדן הינטער די שטיינער.

שלמה קוקט און וווּנדערט זיך. פֿון הינטער דעם שטיין שווימט אַרויס אַ ווייסער וואָלקן און נעמט אָן אַ געשטאַלט פֿון אַ פֿרוי, און שאָקלענדיק זיך פֿאַרהאַלטן אויפֿן שפּיץ שטיין. דער אַלטער האָט צו אים די הענט אויסגעשטרעקט.

— יהודית! — האָט שלמה אויסגעשריגן. ער האָט זי דער־קענט, נאָר ער הערט נישט זיין שטימע. זי איז אָן אָן אָפּקלאַנג געפֿאַלן נעבן אים.

— יהודית! — האָט ער זיך נאָך דעם אַלטן געוואָרפֿן, וועלכער איז מיט אויסגעשטרעקטע הענט געלאָפֿן, נאָר ער פֿילט נישט, אַז ער קען זיך נישט רירן פֿון אָרט. ער האָט נישט קיין הענט, קיין פֿיס. און די פֿרויען־געשטאַלט לאָזט זיך אַראָפּ פֿון שטיין און, וויגנדיק זיך אין דער לופֿט, גענאַנגען צו אים.

— יהודית! יהודית! — האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו שרייען, דרייענדיק זיך אויף איין אָרט. עס ווערט ליכטיקער, די לבֿנה איז נישט געוואָרן, און פֿון הינטער דעם שטיין רייסן זיך

ארוים גאנצע זיילן מיט גאלדענעם שיין... א ווייכער פויגל איז שטיל, ווי א שאטן, פארבייגעפלויגן, אים מיט זיינע פליגל פארמשעפעט און איז פארשוואונדן... און שלמה פילט, אז די אברים האבן זיך צו אים צוריקגעקערט און מיט דעם געשריי: — „יהודית!" — איז ער אויפגעשפרונגען און געלאפן נאך דעם אלטן, וועלכער האט זיך געקוליעט, ווי אן אונטערגעשאסענער פויגל.

— יהודית! יהודית! — האט ער נישט אויפגעהערט צו שרייען, לויפנדיק צום געשטאלט.

דער שטיין האט זיך אנגעהויבן באוועגן, שאקלען זיך, אזוי ווי ער פאלט אום און גאנצע טייכן ליכט גיסן זיך פון דארט.

— יהודית! יהודית! — האט שלמה נישט אויפגעהערט צו שרייען און לויפן. דער אלטער, איז נישטא. דער פויגל איז ווידער אמאל דורכגעפלויגן, מיט זיין פליגל פארדעקט און איז אוועק. ער שרייט, זיין שטימע קלינגט, די בערג ענטפערן. ער פילט זיך מעכטיק, יונג, פריילעך. זי איז שוין נאענט... נאך פלוצלונג איז דער שטיין אומגעפאלן און די זון האט אים גלייך אין די אויגן אריינגעשיינט. א פארבלענדעטער איז ער אומגעפאלן...

שלמה האט זיך אויפגעכאפט פון זיין ארט, ווו ער איז געלעגן, זיך אין אלע זייטן אומגעקוקט, נישט פארשטייענדיק, וואס ער האט דא געזען. מיט א שווערן געמיט האט ער זיך אין סקלאניע אומגעקערט.

די צייט איז פאר פסח. א שטילער ווייכער ווארימער ווינטל בלאזט איבער די בערג און טאלן, בלאזט זיך אראפ צום ירדן און לויפט איבער זיינע וואסערן, וועלכע זענען בייז און שטרענג, מיט א שטארקן געוויש געשווינד געלאפן, אזוי ווי זיי וואלטן עפעס געטראגן איבערגעבן זייער א וויכטיקע זאך ווייט אין דער וועלט אריין.

א טעפיך פון אלערליי בלומען האט די בערג און טאלן באדעקט. די אנגעגאסענע זאנגען האבן מיט זייערע קעפלעך געשאקלט צו דעם ריינעם, טיף־לויטערן הימל, אונטער וועלכן אן

א צאל, מיט גרוים געזאנג און צווימשען, פייפן און שרייען, זענען פויגעלעך ארומגעפלויגן. טשערעדעס פערד, אייזלען, שאף, בהמות, זענען איבער די בערג און פעלדער אומגעלאפן. אפילו די מענטשן האבן נישט געקענט רואיק זיצן אין זייערע הייזער און זענען געווען, קינד און קייט, ביים ירדן. מען זינגט, מען טאנצט, מען ווארפט שטיינער אין וואסער און מען פירט א קאראהאד.

און אויף דער נאכט לויפן אלע אין קאלאניע באגעגענען די טשערעדע, וועלכע לויפן ארום, מיט פארריסענע עקן, בריקען זיך, ביסן איינע די צווייטע, און שפעט־שפעט נאכדעם זיצן אלע ארום זייערע הייזער, אינהערנדיק זיך אין דעם ווייכן ירדן־געריוש.

אין דער צייט, אין איינעם פון די טעג, א פארנאכט, איז שלמה פריער ווי שטענדיק ארויס אויף דער וואך. די זון האט זיך ערשט הינטער די בערג אראפגעלאזט. איבער דער גאס זענען נאך קינדער ארומגעלאפן, טאפן די ציגן, וועלכע האבן נישט געוואלט אריינגיין אין הויף.

אין דער אבאיע איינגעוויקלט, איז שלמה געגאנגען צו דעם פרעג ירדן, ווו ער האט אזוי ליב צו זיצן אונטער דער גרויסער „סידרע” (א ווילדער בוים).

פונם וועג, וואס פירט אויפן בארג צו דער צווייטער קאלאניע, האט זיך דערהערט א רעדער־קלאפן, — א וואגן פארט. שלמה האט זיך אפגעשטעלט, איינגעקוקט זיך און קוועטשנדיק די פלייצעס איז ער ווייטער געגאנגען.

שטיל איז ארום און ארום. א טונקל־העלער שאטן שוועבט איבער די פעלדער. אויף די בערג פון דעם צווייטן זייט ירדן פינקלען פייערלעך, גלייך ווי שטערן וואלטן אראפגעלאפן פון הימל, וועלכער איז אזוי רואיק אין דער הויך פאנאנדערגעשפרייט.

נאכט־שטימען שטילע, רואיקע, א בלומען־געשמאק א שארפער, אן אויפרייצנדער טראגט זיך פון טייך.

שארף הערט זיך פון דער קאלאניע דאס קלאפן פון רעדער. הויכע פרויען־שטימען האבן זיך צעטראגן. האסטיק האט זיך שלמה פון ארט א הויב־געטאן, דאס הארץ האט אים געקלאפט,

ער האָט דערהערט א הויכע גראָבע מענער־שטים. ווי פון א קלאַפּ האָט ער זיך צוגעזעצט און אין זיינע אויערן האָט זייער א באַקאַנטע שטים געקלונגען... ער קוקט אַראָפּ אויף די פינסטערע וואַסערן און ער זעט זיך עפּעס צווישן בוימער... ער שטייט אייגער אליין און אים איז אַזוי גוט... נישט באַמערקנדיק אליין האָט ער שטיל אָנגעהויבן זינגען. וואָס ווייטער, אלץ העכער און שטאַרקער. ער האָט דאָס ליד פון דעם משוגענעם אראַבער געזונגען.

אים ווייזט זיך אויס, אַז ער איז דאָס דער אראַבער, אַז ער איז משוגע געוואָרן. ער גייט דאָס אין די בערג אַרום און רופט און בעט: — „עס ברענט מיר דאָס האַרץ... ווי א האָגל זענען דיינע ציין... ווי אַנדזשאַס דיינע ליפּן... אין דיינע אויגן שפּילט זיך די זון... ווי צוויי קליינע שעפּסעלעך זענען דיינע בריסטן״...

הויך, ווייט צעטראָגט זיך און וועקט די נאַכט זיין היים־לייזנשאַפטלעכער, פול־שמערץ געבעט, און זינגענדיק איז שלמה פון זיין אָרט אויפגעשטאַנען, מיט שטילע טריט צו דער קאָלאָניע געגאַנגען און הינטער די הייזער פאַרשוווּנדן.

— הידד! הידד! — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט א געשריי און א געלויף אין קאָלאָניע, און ווען ער איז צוגעגאַנגען צו דעם וועג, וואָס שניידט איבער די קאָלאָניע האָט ער דערזען, ווי א גאַנצע קאָמפּאַניע לויפט און שרייט: — שלמה! שלמה! ער איז שטיין געבליבן.

— שלמה! שלמה! — האָט זיך העכער פון אלעמען א קלינגענדיקע שטימע געהערט.

„דאָס איז זי״ — האָט ער זיי געמאַכט אַנטקעגן א פּאָר טריט.

— אָט איז שלמה, — האָבן זיך אלע צו אים געוואָרפן.

— וווּ זענט איר געוועזן? — מען קען אייך נישט געפינען. פון יהודה זענען געסט געקומען און ווילן אייך זען. — האָט מען אים פון אלע זייטן געשריגן.

שלמה הערט גאָרנישט, און רייסט זיך דורך צו יענער פּיטור. וואָס שטייט פון דערווייטן און פינקלט אַזוי מיט די אויגן.

— יהודית! — איז ער צוגעגאַנגען, האָט איר די האַנט גע־געבן און איז שטיין געבליבן.

— וואָס מאַכסטו, שלמה? — הערט ער, ווי מען פרעגט אים.

שלמה שווייגט און שאַרף קוקט ער זיך איין אין דעם שוואַרצן געשטאַלט, וואָס שטייט אַרום איר.

— דו הערקענסט נישט אמנונען? — האָט יהודית מיט אַ ליכטן געלעכטער אויסגערעדט.

— איר וועט דאָ לאַנג פאַרבּרענגען? — האָט שלמה מיט אַ פאַרשטיקטן קול געפרעגט.

— ,,תּימנער!" — הערט ער, ווי אמנון האָט זיך צו יהודיתן אָנגעבויגן, לאַכנדיק.

צאַרטליך האָט ער די ביקס פון די אַקסלען אַראָפּגעריסן און האָט זיך אָנגעשפּאַרט.

— יאַלאַ אין קאַלאַניע! יאַלאַ קומט שפּאַצירן! — האָבן אַלע צו אים געשריגן.

— קום, שלמה — האָט אים יהודית גערופן, נאָר ער איז שטיל אַריין הינטער די הייזער.

דאָס פייכטע גראָז האָט אים איבער די פיס געקלאַפּט, און ער איז פאַרטראַכט אַראָפּ צוריק צום ירדן.

דער ירדן, אַ שוואַרצער, האָט שטאַרק געברומט און גערוישט. אַזוי ווי ער וואָלט זיך מיט דער ערד געקריגט, וועלכע איז גע־לעגן אין דעם שוואַרצן נאַכט־מאַנטל איינגעדעקט און האָט עפּעס שטיל גערעדט און געסודעט זיך מיט דער סידרע, אונטער וועל־כער ער האָט זיך געזעצט.

אַ פאַרוויגטער פון דער אומגעשטערטער שטילקייט איז ער געזעסן און געקוקט אויף די בערג און ירדן, איבער וועלכע עס האָבן עפּעס שאָטנס געשוועבט און... ער איז אין פּאַלאַץ. עס עפנט זיך די טיר. זי גייט אַריין און הינטער איר זעט ער אמנונס לאַכעדיק געזיכט.

— אהא, דו ביסט דא! — האט ער די ביקס געכאפט. און דא זעט ער נאר, אז ער לויפט גאר ארום איבער די אש־קאלירנדע בערג... ער שטרעבט צו דער פרויען־געשטאלט, וואס שווימט אים אנטקעגן... פלוצלונג האט אים די זון אין די אויגן א קלאפ געטאן. ער איז אומגעפאלן.

א שטארקער קראך האט די נאכט־שטילקייט צעשטערט, א בליץ איז איבער דעם ירדן איבערגעפלויגן, וועלכער האט אזוי ווי אויפגעציטערט.

שלמה איז אויפגעשפרונגען, נאר עס איז ווייטער שטיל. דער ירחן האט זיך געוויגט און געדרימלט אין דער פינסטער, אזוי ווי ער וואלט זיך נאך נישט געקענט באַרואיקן פון דעם קלאפ, וואס האט צעשטערט די שטילקייט. שלמה האט זיך אין אלע זייטן ארומגעקוקט, אנגעלאדן די ביקס און איז אוועק צו דער קא־לאניע.

---

די קאלאניע שלאפט. ווי נישט ווי ברענט נאך א פייערל, ווען נישט ווען הערט זיך א געוויין פון א קינד און גלייך ווערט דאס אנטשוויגן. די העלע פינסטערניש איז פארשפרייט איבער דער גאס פון דער שלאפנדיקער קאלאניע און גראבע שווארצע שאטנס האלטן זיך אין די ביימער, וועלכע שאקלען זיך אונטער דעם נאכט־ווינטל און אינאיינעם מיט דעם ירדן זינגען זיי א שלאף־ליד.

הונדערטער, מיליאנען, אן א צאל פייערלעך הענגען איבער דער קאלאניע. ווען נישט ווען ווערט איינער פארשוואונדן, נאר גלייך קומט אן אנדערער אויף איר ארט און מיט מער חן און ליבשאפט ווינקען זיי אראפ צו דער שלאפנדיקער ערד מיט דער קאלאניע אויף איר. אין גאס איז שטיל, קיינעם זעט מען נישט. נאר אויפן גאניק פון דער שטוב, ווו יהודית איז פארפארן זעען זיך א פאר שאטנס.

— אט גייט דער תימנער, — הערט ער, ווי איינער פון די שאטנס זאגט, ווען ער איז פארביי־געגאנגען. ער האט אמונוגס קול דערקענט.

— וואַרט, דו וועסט צו מיר אַריינפאַלן — האָט שלמה אין יענער זייט מיט חער האַנט געדראָט און אים האָט זיך געוואָלט אין זיי די ביקס אויסלאָדן.

— שלמה! — האָט ער הינטער זיך אַ לייכטן רופן געטאָן. ער האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, האָט ער הערט און איז שטיין געבליבן. ער הערט פון גאַניק אַזוי ווי מען קרינט זיך. און גלייך אַרום זיך האָט ער יהודיתן דערזען.

— דו ביסט ברוגז? — קום אויפן גאַניק! — האָט זי אים גערופן.

אים האָט זיך איצט געוואָלט פרעגן, צי אמנון איז דאָרט, וואָס ער איז געקומען, — נאָר שווייגנדיק איז ער איר נאָכגעגאַנגען און האָט זיך אַרום איר אויפן גאַניק געזעצט. די ביקס האָט ער צווישן די פיס אוועקגעשטעלט. זיי זיצן און שווייגן.

— ער זיצט נאָך, דער תימנער? — האָט זיך אין שטוב פון הינטער דער טיר אמנונס קול דערהערט.

שלמה האָט זיך מיטן פנים צום טיר געקערט און אַ דראָבנער קלאַפּן, אַזוי ווי מען צעשיט שרויט, האָט זיך פון ביקס אין גאַניק געהערט.

— וואָס איז? — האָט אים יהודית מיט אַ צערטלעכער שטימע געפרעגט, מיט אַ מילדן שמייכל האָט זי אַרויסגעקוקט פון אונטער דער וואַרעמער טיכל, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ.

שלמה איז געזעסן און, ציטערנדיק, געוואָרפן בייזע בליקן צום טיר.

— ווייז מיר די ביקס, — האָט יהודית איר האַנט אויסגעצויגן. שלמה האָט די קויל אַרויסגענומען.

— ווי עפנט זי זיך? — האָט זי אין אַלע זייטן די ביקס געדרייט. שלמה האָט איר געוויזן. מיט אַ שטיל געלעכטער האָט יהודית אויך אים די ביקס אָנגעשטעלט, אַזוי ווי זי וואָלט אים שיסן. שלמה האָט אפילו נישט געשמייכלט.

— דו ביסט ברוגז? — האָט זי אים פאַר דער האַנט אָנגענומען, נאָר גלייך אָפּגעלאָזט. שלמה האָט אויך איר אַ ווילע געקוקט, דערנאָך מיט אימפּעט די ביקס צוגענומען און, מיט אַ שטאַרקן

קלאַפּ, די קויל אַריינגעלייגט. זיינע אויגן האָבן אין דער פינסטער געפינקלט.

— וואָס קוקסטו אַזוי? — האָט יהודית געלאַכט — ביסטו נאָך ברוגז?

— ניין. — האָט שלמה שטיל געענטפערט.

— און דו וועסט מער נישט זיין אין כעס?

— ניין. — האָט ער ווייטער שטיל געענטפערט.

— יהודית, עס איז שוין שפּעט, צייט שלאָפן — איז אַמנון אויפן גאַניק אַרויס.

אַ שטאַרקער קלאַפּ האָט זיך אַרום שלמהן דערהערט אין, אויסגעצויגן זיין גאַנצער קערפּער, איז ער קעגן אַמנונען געשטאַנען, די ביקס אין דער האַנט.

אַמנון איז צוריק אין שטוב אַריין.

— דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו וועסט נישט זיין אין כעס, — האָט נאָך אַ קליינעם שווייגן יהודית געפרעגט.

— אָבער, אַז איך דערזע אַמנונען...

— שלום! — האָט זי אים איבערגעשלאָגן און איז גע־שווינד אין שטוב אַריין. פון דאָרט האָט זיך גלייך אַמנונס גע־לעכטער דערהערט.

באַטריבט איז שלמה איבער דער קאָלאָניע אַרומגעגאַנגען און הויך האָט זיך דאָס ליד פון דעם משוגענעם אַראַבער צע־טראָגן.

---

אַלע נאַכט זיצט איצט שלמה מיט יהודיתן אויפן גאַניק. ער דערציילט איר פון דעם ירדן, ווי ער גייט אַלע פאַרנאַכט צו אים און ווי ער האָט דאָרט געזען דעם קריסטאַלענעם פּאַלאַץ, וווּ זיי ביידע גייען אַרום... ער דערציילט איר פון די גרויסע אַשיקע בערג, ווו ער, איינזאַם ווי אַ שאָטן, בלאָנקעט אַרום... און ווי עס ווייזט זיך דאָרט די פרויענגעשטאַלט, צו וועלכער ער שטרעבט אַזוי...

ער דערציילט איר פון דעם, ווי ער גייט אַרום איינזאַם אין

דער נאכט אלן קען זיך קיין ארט נישט געפינען.. און ווען ער דערזעט אמנונען וואלט ער אים דערשאסן.

— אויף וואס האט איר אים געבראכט אהער? — ענדיקט ער מיט א שמערצליכן געשריי.

מיט אן איינגעהאלטענעם שמייכל הערט דאס אלץ יהודית און שווייגט, נאר פעסטער וויקלט זי זיך אין דעם מאנטל און שטיל גלעט זי זיין ביקס.

שלמה קוקט אויף דעם ווייסן קליינעם הענטל, וואס גלעט די ביקס און פילט זיך זייער מאדנע. ווי צעטומלט ווערט ער. דאס פנים פלאמט, איבער די אויגן איז א נעפל פארצויגן. אין די אויערן קלאפן האמערס, קליינגען גלעקער, ער ציטערט ווי אין א פיבער. דער הימל טאנצט און די שטערן גייען א קאראהאד. די קאלאניע האט איר ארט געביטן. ער פילט ווי ער האט א גע־פערלעכע קראפט באקומען, ער איז שטארקער פון שמשון הגבור, ער קען איצט די גאנצע וועלט איבערקערן...

---

עס איז איינע פון די לעצטע ווינטער־נעכט. פינסטער, חשך, שווערע וואלקנס פליען שטיל, קריכן שטום איבערן הימל. ווי פון א שווארצער טיר, האבן זיך די ווינטן פון די בערג אויף דער קאלאניע געטראגן און אין די איוקאליפטוסן געהודעט. פון די פארמאכטע לאדנס האבן זיך פאסן שיין ארויסגעריסן און מאכט־לאז ארום די פענסטער געפאלן.

און אין דער נאכט גייט ארום שלמה איבער דער קאלאניע. ער באוואכט. ער איז היינטער די הייזער אריין און איינהערנדיק זיך שטיין געבליבן.

הודעט דער ווינט אין די סאדעס, רוישט דער ירדן, מישט זיך צונויף מיט דעם שטיל־מעלאדישן זשומען פון די פעלדער תבואה, וועלכע האבן זיך אזוי ווי מיט דער ערד געסודעט...

שוין צייט, שוין צייט, — אטעמט שווער די ערד.

לאנג שטייט, איינהערנדיק זיך, שלמה. אלץ איז רואיק. ער איז צוריק אין דער קאלאניע אריין.

„זי וועט נישט אַרויסגיין‟, — איז ער די שטוב ווו יהודית איז פאַרפאַרן פאַרבייגעגאַנגען, נאָר גלייך האָט ער זיך אומגע־קערט און האָט זיך אין דעם שאָטן פון דעם גרויסן בוים אַרום דעם גאַניק געשטעלט. אין שטוב האָבן זיך הויכע מענטשן־שטימען געהערט.

„זי וועט נישט אַרויסגיין‟, — טראַכט ער, איינהערנדיק זיך אין אַמנונס גראָבער שטימע, וועלכע האָט זיך שאַרפער און העכער פון אַלץ געהערט, און צאַרנדיק האָט ער אַ שטאַרקן זעץ געטאָן דעם בוים און איז דערשראָקן שטיין געבליבן. די טיר האָט זיך געעפנט. געשווינד האָט ער זיך מיט דער לענג פאַס גיין געלאָזט.

— שלמה! — האָט ער דערהערט ווי מען רופט אים, ער האָט זיך אומגעקוקט און אויף דעם גאַניק אַ שוואַרצן שאָטן דער־זען. ער האָט יהודיתן דערקענט, וועלכע איז אין אַ וואַרימען מאַנטל געזעסן. ער איז צוגעגאַנגען.

— איך האָב געמיינט, אַז איר וועט נישט אַרויסגיין — האָט ער שטיל אויסגערעדט שטייענדיק קעגן איר.

— און דו האָסט געוואַרט? — האָט זי שטיל געלאַכט.

פון שטוב האָבן זיך טריט דערהערט. אַמנון איז אַרויס.

— וואָס זיצסטו אין דער קעלט? — האָט ער זיך צו יהו־דיתן געווענדעט, נישט זעענדיק שלמהן, וועלכער איז אין דעם שאָטן פון בוים געשטאַנען, — דער תימנער איז נאָך נישט געקו־מען — האָט ער שפּאָטיש מיט אַ געלעכטער צוגעגעבן און איז אין שטוב אַריין.

יהודית האָט געשוויגן.

— שלום! — האָט שלמה האַסטיק אויסגערעדט און איז פון אונטער דעם בוים אין גאַס אַריין.

— שלמה! — האָט זי אים נאָכגערופן.

ווי אַ מענטש, וואָס עצהט זיך מיט זיך אַליין, איז ער אַ ווײַלע שטיין געבליבן און זיך צוריק צום גאַניק אומגעקערט. ער האָט זיך אַרום יהודיתן געזעצט, די ביקס ביי דער זייט געלייגט.

זיי זיצן און שווייגן.

דער ווינט, ציטנוויז, פליט דורך די קאָלאָניע, אַ קלאַפּ געבנדיק מיט אַן אָפענער לאָדן אָדער טיר, פּאַרטשעפּעט און שפּילט זיך מיט די ביימער, וועלכע הודען ברוגז, וואָס מען האָט זיי דעם שלאָף געשטערט, און פליט ווייטער. דער הימל איבער די ביימער ווערט שוואַרצער און שוואַרצער. די הייזער פון דער קאָ־לאָניע זעט מען שוין נישט.

— מען דאַרף די קאָלאָניע אַרומגיין — האָט ער, ווי צו זיך אַליין געזאָגט און איז זיצן געבליבן.

פון ערגעץ פון דער נאַכט האָט דער ווינט אַ שאָס הער־טראָגן.

— אַ פינסטערע נאַכט, — האָט ער ווייטער שטיל צוגע־געבן.

— שווער צו וועכטעווען אין אַזעלכע נעכט!

— עס מאַכט נישט, די אַראַבער וויסן, אַז איך היט די קאָ־לאָניע — האָט שטאָלץ שלמה געענטפערט.

— אין אַזאַ פינסטערע נאַכט קענען זיי זיך באַהאַלטן און שיסן — האָט זי ווייטער מיט אַ ציטער אויסגערעדט און האָט די ביקס גענומען.

— זי איז אָנגעלאָדן — האָט ער זי געוואָרנט. זי האָט די ביקס פון זיך אָפּגעשטופּט.

אַ שטאַרקער פייף האָט זיך איבער דער קאָלאָניע צעטראָגן. שלמה האָט זיך צוגעהערט

— ווער איז דאָ?

— דער צווייטער וועכטער,—האָט שלמה קורץ געענטפערט.

דער ווינט איז שטיל געוואָרן. דאָרטן אויף די בערג זעט זיך ווי די וואָלקנס טיילן זיך אָפּ און ווי אייגעלעך פינקלען די שטערן איבער זיי אויף דעם ריינעם שטיקל הימל.

— דער ירדן... האָט זי שטיל אויסגערעדט, איינהערנדיק זיך אין דעם ירדן־געריוש, וואָס האָט זיך זייער שטאַרק געהערט.

— דער ירדן, — האָט ער אויך שטיל אַרויסגערעדט, איינ־קוקנדיק זיך אין איר קלאָר רונד געזיכט, ווו עס האָבן געברענט צוויי גרויסע, טיפע אויגן.

פון שטוב האט זיך ווייטער טריט צו דער טיר דערהערט. שלמה האט דעם ביקס גענומען.

— זיץ, וואס אנטלויפסטו?

די טריט האבן זיך אומגעקערט און אין שטוב פארשוואונדן.

— דו האסט מורא, וואס דו אנטלויפסט? — האט זי ווייטער איבערגעפרעגט שפאטיש און האט פון קאפ דעם שאל אראפגערוקט.

— איך אנטלויף נישט פאר אים. איך האב פאר אים נישט קיין מורא, — האט שלמה מיט א ציטערדיקער שטים אויסגערעדט. — נאר אז איך זע אים שטענדיק ארום אייך, איז... — און דערשראקן אנטשוויגן געווארן.

— נו? — האט ער מער דערפילט איידער דערהערט, וואס איז פון אירע ליפן אראפגעפלויגן.

ער האט זיך נענטער צוגערוקט און ווייטער שטיל גערעדט.

— שטענדיק זע איך אים ארום אייך... איך וועכטעווע ביי־נאכט, איך גיי צום ירדן... איך שפאציר איינער אליין... שטענדיק זע איך פאר מיינע אויגן זיין לאכעדיקן פנים און ווי ער זאגט: „תימנער, תימנער“... א, ציטנוויז ווילט זיך מיר אים געבן מיטן ביקס! — האט ער פלוצלונג אויסגעשריגן.

א גיכן, ווי א בליץ, קוק, האט יהודית אויף אים געווארפן און האט גלייך צוריק דעם קאפ אראפגעלאזן. ער האט נאר געזען, ווי איר קערפער טרייסלט זיך. ער איז פון ארט אויפגעשפרונגען. הייסע כוואליעס זענען איבער זיין קערפער געלאפן, דאס הארץ האט גענאגט, די הענט — געציטערט.

— וואס לאכט איר? — האט ער פון צווישן די ציין אויסגערעדט.

ווי פריער איז יהודית געזעסן דעם קאפ אויף די הענט אראפגעלאזן און מערער געטרייסלט זיך.

— וואס לאכט איר? — האט ער מיט א טרוקענעם קלאפ די ביקס געעפנט און פארמאכט.

— זיץ! — האט יהודית דעם קאפ אויפגעהויבן, פארן ברעג פון אבאיע א שלעפ געטאן — זיץ!

ווי א יונגער אייקאליפטוס אונטער דעם גרויסן ווינט, האט ער זיך שאקלענדיק ארום איר געזעצט. זיינע ווייסע ציין האבן אין דער פינסטער געלויכטן און זי האט געהערט ווי זיי קלאפן.

דאס געזאנג פון דעם אראבער האט זיך אין דער פינסטערניש צעטראגן. ער האט דאס ליד, וואס שלמה האט אזוי ליב, געזונגען. ווייט, הויך, זיס־שמערצלעך האט דאס ליד אונטער דעם אקאמפאנימענט פון דעם ירדן געקלונגען. פלוצלינג איז דאס ליד איבערגעריסן געווארן, נאר באלד מיט מערער קראפט און ליידנשאפט האט עס זיך ווידער צעטראגן.

שטיל האט שלמה אנגעהויבן אונטערזינגען און פון דעם ליד א באאיינפלוסטער, האט ער וואס ווייטער אלץ העכער און העכער געזונגען. ער דערציילט:

איינזאם גייט ער ארום... ער רופט זיין געליבטע... די בערג און טאלן, שטיינער און בוימער און די לויפנדע וואסערן דערציילט ער פון זיין געליבטע און פרעגט: „אויף דער נאכט האב איך זי געזען, און מיט דעם טוי איז זי פארשווונדן... [illegible] וואו די געזען? — האט ער צו יהודיתן די הענט אויסגעצויגן.

— מען לאזט גארנישט שלאפן, — האט זיך קלאפן אין פענסטער אמנונס קול דערהערט.

ווי א בליץ איז צווישן זיי געפאלן, אזוי האבן זיי זיך איינער פון דעם צווייטן אפגעווארפן. מיט אויסגעגלאצטע אויגן און אויסגעשטרעקטע הענט איז שלמה זיצן געבליבן.

— יהודית, גיי אין שטוב. דו וועסט זיך פארקילן, — האט זיך ווייטער אמנונס קול דערהערט — דער תימנער איז נאך נישט אוועק?...

ווי פון א שלאנגען־ביס איז שלמה פון זיין ארט אויפגעשפרונגען.

— זיץ! — האט אים יהודית געבעטן. אין דער צייט האט דער אראבער ווייטער אנגעהויבן זינגען.

שלמה איז נאך אלץ געשטאנען מיט דער ביקס אין האנט. ווארפנדיק צארנדיקע בליקן אין דער זייט פון פענסטער

— זעץ זיך, — האט זי אים שטיל געבעטן און האט פיי

אים די ביקס פון האנט גענומען. צערטלעך האבן אירע אויגן אויף אים געקוקט.

מאָדנע גוט איז אים געוואָרן. שטיל האָט ער זיך אַרום איר געזעצט, מיט די אויגן ערגעץ ווייט אין דער נאַכט געקוקט... ער גייט ווייטער אַרום אין דעם קרישטאָלענעם פּאַלאַץ... מיט איר גייט ער אַרום... ער פירט זי צו דער גלעזערנער, מיט גאָלד אויס־געלייגטער, שטול. זי זיצט... ער קניט פאַר איר... זי האָט זיין קאָפּ באַקראַנצט. אַמנחנען זעט ער שוין נישט הינטער איר.

— וואָס זינגט ער? וואָס איז דאָס פאַר א ליד? — הערט ער ווי זי פרעגט אים פון דער הויך פון דער שטול.

— דאָס איז דאָס ליד פון דעם אַראַבער, וואָס איז פון גרויס ליבע משוגע געוואָרן, מיין הערשערין.

— וואָס איז מיט דיר, דו שלאָפסט? — האָט ער אַרום זיך א געלעכטער דערהערט.

אַלץ איז פאַרשוווּנדן, ער קוקט זיך אַרום און — ער זיצט נעבן יהודיתן אויפן גאַניק און זי לאַכט.

— דו ביסט געשלאָפן?

— ניין. — האָט ער נאָך ווי פון שלאָף געענטפערט.

— וואָס זינגט ער? — האָט זי ווייטער איבערגעפרעגט.

— דאָס איז דאָס ליד פון מחמעד מעזנון, וועלכער איז פון ליבע צו א בעדואינקע משוגע געוואָרן.

— דו ווייסט די מעשה, דערציייל, — האָט זי אים מיט א לייכטן געבעט געזאָגט.

— הערסט, הערסט, — האָט ער איר אויפמערקזאַמקייט צו דעם זינגענדיקן אַראַבער געצויגן, — דו הערסט, ער גייט איצט איבער די בערג און קלאָגט איבער זיין ליבע.

— און די אַראַבער דערציילן, — האָט ער נאָך א קליינעם שטילשווייגן אָנגעהויבן:

מחמעד מעזנון, ווי מען רופט אים, איז געווען א ברו־דער פון א שייך ביי א גרויסן און מעכטיקן שבט אַראַבער. שיין, הניך, געזונט איז געווען מחמעד. ווייט, ווייט איז זיין נאָמען פאַר־

ווּסט געווען. די גאַנצע געגנט האָט פאַר אים מורא געהאַט.

און ביי זייערן אַ שכן, אויך ביי אַ ייִד, איז אַ מיידל גע־ווען. אַ שלאַנקע ווי אַ גאָזעל און אַ פלינקע ווי אַן אסילע און ליב האָט „זי" באַקומען מחמעד אַבו נימער. ער האָט שדכנים גע־שיקט, גמלים און קאַפּ־בענדער און אויירינגלעך און האַז־בענדער, פיס־ און הענט־רינגען, אַלץ זילבער און גאָלד, טעפּיכער און שאַלן און קליידער און בריימע גאַרטלען, אַלץ זייד און וואָל, — נאָר זי האָט נישט הערן און זען געוואָלט. אַלץ האָט זי צוריק־געשיקט. און פון גרוים צער האָט מחמעד זיין שטוב פאַרלאָזן און איז אין די בערג אַוועק. אין היילן פלעגט ער שלאָפן, אַ צע־ריסענע העמד געטראָגן, ער האָט געגעסן אַר מצות מיט וואַסער און דעם נאָמען מעזוזהן באַקומען.

— הערסט, הערסט, — האָט ער זיין דערציילונג איבערגע־ריסן, איינהערנדיק זיך אין דעם טרויעריק־לידנשאַפטלעכן גע־זאַנג — מיט אַלערליי שבועות באַשווערט ער זי, אַז זי זאָל צו אים קומען, — האָט שלמה שווער אָטעמענדיק, אויפגערעגט דער־ציילט.

— הערסט, הערסט, — איז ער פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען מיט ברענענדיקע אויגן, — ער האָט זי געזען. זי איז ביי אים גע־ווען, זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ער איז משוגע געוואָרן... אויף דער נאַכט, קיינער ווייסט נישט, פלעגט זי דעם גמל אָנזאַטלען, צו אים אין הייל קומען, אַרום אים ליגן און מיט דעם מאָרגן־שטערן אַוועקפאָרן... ער האָט נישט געוווּסט, ער איז געשלאָפן, — אַזוי האָט שלמה אויפגערעגט, אין איין אָטעם דערציילט.

— דו הערסט, דו הערסט, — האָט ער, טרייסלענדיק זיך, געשריגן, — זי איז געווען ביי אים... ער זאָגט — דאָס איז אין חלום... ער האָט דערפילט... ער גייט אַרום איבער די בערג און דערציילט: ער האָט זיך שלאָפן געלייגט. זי איז צו אים געקומען און אַרום אים געווען. מיט איר קערפּער האָט זי אים געוואַרעמט. ער פילט נאָך איצט איר בערג־דופט. נאָר מיט דעם מאָרגן־טוי איז זי פאַרשוווּנדן געוואָרן...

— בערג, איך האָט געזען, זי איז ביי מיר געווען — האָט

ער זינגען אָנגעהויבן — מיט דעם דופט פון מיין געליבטער איז מיין הייל אָנגעפולט... ווי דער ווינט איז זי פריי, און ווי דער קלאַנג פון דעם וואַסער־קוואַל איז דער איבערקלאַנג פון אירע מטבעות... פאַרשאָלטן איז דער פרימאָרגן, וואָס האָט מיך פון שלאָף געוועקט...

דו נאַכט! באַדעק דעם טאָג אין דיין שוואַרצן פליגל, און מיין געליבטע וועט צו מיר קומען — האָט ער מיט אַ געשריי געענדיקט און האָט צו יהודיתן זיינע אָרעמס געעפנט. שטיל, אָן ווערטער האָט זיך יהודית צו אים געבויגן...

— יהודית, עס איז שוין נאָך האַלבע נאַכט, — האָט זיך דאָס פענסטער געעפנט. אַ שרעקלעך צאָרנדיקער ברום, ווי פון אַ ווילדע חיה, האָט זיך ביי שלמהן אַרויסגעריסן. יהודית, נישט רעדנדיק קיין וואָרט, האָט צו אים געשאָקלט מיט איר קאָפּ און איז אַריין אין שטוב.

מיטן ביקס אין האַנט איז שלמה פון גאַניק אַוועקגעגאַנגען, אין יעדן שטיין פאַרטשעפּעט, אין יעדן בוים זיך אָנגעשטויסן. ער האָט די פינסטערניש נישט באַמערקט, ער האָט דעם ווינט נישט געפילט, וועלכער האָט זיך אויף אים געוואָרפן און אין אַלע זייטן געריסן.

ער איז צוריק אין קאָלאָניע אַריין, צום גאַניק, וווּ זיי זענען געזעסן, צוגעגאַנגען, אַ ווילע געשטאַנען און אַ פריילעכער, לע־בעדיקער געזאַנג האָט זיך איבער דער קאָלאָניע צעטראָגן: „מיין געליבטע איז ביי מיר געווען... דעם דופט פון די בערג האָט זי אין מיין הייל געלאָזן" — ער פילט, אַז דאָס האַרץ וועט אים צע־שפּרונגען.

פילע פון די קאָלאָניסטן, אויפוואַכנדיק פון שלאָף, וווּנדערן זיך, וואָס שלמה האָט זיך אין אַזאַ נאַכט צעזונגען. עס לאָזט זיי נישט שלאָפן.

שלמה איז צום ירדן אַראָפּגעגאַנגען, און אויף זיין שטענדיק אָרט זיך געזעצט. ער האָט נישט געזען די פּאָר אַראַבער מיט פּאַר ווייקלטע געזיכטער, וואָס זענען איבערן וועג געגאַנגען, און דער־זעענדיק אים, האָבן זיי זיך אין גראָז באַהאַלטן.

די נאכט גייט דורך. א העלע ליכטיקייט האט זיך איבער די בערג פארשפרייט. ווי א מילך־ווייסער צודעק איז איבערן ירדן נ"ער נעפל געלעגן, דער טייך חלומט נאך. מיט א פרישע קאלטקייט איז די לופט פול. די וואלקנס אין מערב ווערן רויט און שטיל שאקלט זיך די תבואה אויף די פעלדער, פון ערגעץ־ווו צווישע־דיק, איז ארויסגעפלויגן א פייגעלע און פלאטערנדיק מיט די פליגעלעך, געבליבן הענגען אין דער ריינער לופט.

באלד איז די צווייטע צוגעקומען און ביידע צוזאמען הויבן זיך אין דער הויך, אין דער הויך, און צווישערן, צווישערן קעגן דער זון, וואס איז פון הינטער די בערג ארויסגעגאנגען און אין א שימערירנדיקן טייערן קלייד די ערד אנגעטאן.

צוזאמען מיט די פייגעלעך האט אויך שלמה געזונגען און עפעס א ווייטיק האט אים אלץ שטארקער ארומגענומען.

— א נאכט! א נאכט! נעם ארײן די וועלט אין דעם שווארצן שלייער און מיין געליבטע וועט צו מיר קומען... — האט זיך שלמה געבעטן ביי דער נאכט, וועלנדיק זי פארהאלטן וואס לענגער.

שלמה האט זיך אן זיינע קינדער־יארן דערמאנט. א קליינער יונגל איז ער. אין א שמוציק לאנג העמד לויפט ער ארום דעם גאנצן טאג אויפן אלטן בית־עולם און די שטיינערנע מצבות, און אויך די הייל האט ער פאר זיך דערזען...

— וווהין ביסטו אנטלאפן מיט איר! — שרייט ער צו די דערשראקענע אמנון און יהודית, ווען מען האט ערשט געכאפט און אמנונען הייסט ער אריינווארפן אין גרוב מיט די שלאנגען און עקדישן...

„מיין געליבטע איז ביי מיר געווען. דער דופט פון איר קער־פער איז אין מיין הייל געבליבן..." קלינגט דעם ארעמערם ליד.

— שטיי אויף, צו דיין פאטער וועל איך דיך אפפירן, דו קענסט מיך נישט?... איך בין דאך שלמה דער תימנער, מיין פא־טער און מוטער ארבעטן ביי אייך — רעדט ער צו יהודיתן. אמ־נון איז נישטא. די שווארצע קנעכט האבן אים אין גרוב אריינ־געווארפן.

— אדוני מלך, — פאלט יהודית צו זיינע פיס, — לאז אפ אמנון, ער איז מיין קרוב, דער טאטע וועט שרייען...

— ניין, ניין, איוביקע תפיסה, די שלאנגען וועלן אים אויפ־עסן, — איז ער אין צארן אויפגעשפרונגען, — פארוואס איז ער מיט דיר אנטלאפן... פארוואס שרייט ער אויף מיר תימנער, ווען איך זיץ מיט דיר אויפן גאניק...

— אדוני קעניג!... — קלאגט און וויינט יהודית, קושנדיק דעם זוים פון זיינע קליידער. אן אומגעהויערער רחמנות־געפיל האט אים ארומגעכאפט, און אוועקזעצנדיק זי נעבן זיך, האט ער געהייסן די שווארצע באפרייען אמנונען.

— אין מיין הייל איז זי געווען... דער דופט פון איר קער־פער האט זי געלאזן, — קלינגען די ווערטער פון דעם ליד.

און יהודית!... איז אמנון א צעריסענער, א צעביסענער, מלא רציחה ארייננעלאפן מיט א שפיז אין האנט.

— יהודית וועט דא בלייבן!...

— תימנער! — האט זיך צו אים אמנון געווארפן און דעם שפיז אויף זיין קאפ אראפגעלאזן.

— יהודית! — איז שלמה מיט א קרעכץ צו דער ערד גע־פאלן...

די זון האט זיך שוין אויפן ראנד הימל געוויזן און א שטראל האט זיך אין די צווייגן דורכגעגנבעט און אויף שלמהס געזיכט זיך פארהאלטן.

צוויי אראבער זענען נעבן אים געשטאנען. באזוכט, אלץ צוגענומען און איבערגעגאנגען דעם ירדן.

און אין דער פרי האבן די קאלאניסטן געפונען שלמהן ביים ברעג ירדן א קאלטן...

# די וועכטער

א דראמע אין דריי אקטן

פון ארבעטער־לעבן

אין ארץ־ישראל פאר דער מלחמה

מ ע נ ט ש ן:

מישע,

בערל,

מיכל,

אסתר,

רבקה,

ר' זאַנוול

ערשטער וועכטער,

צווייטער וועכטער,

ערשטער קאָלאָניסט,

שלמה ספרדי,

קאָלאָניסטן, קאָלאָניסטקעס, אַראַבער.

סיקומט פאָר אין איינער פון די גלילער קאָלאָניעס פאַרן וועלט־קריג.

## ע ר ש ט ע ר   א ק ט

(פינף אַזייגער פאַרנאַכט . אַ צימער. נישט זייער קיין גרויסער. צוויי גרויסע פענסטער קוקן אַרויס צום וועג, וואָס פאַרלירט זיך ווייט אין די בערג. די הייזער מיט פאַרמאַכטע לאָדן און טירן. די זון ברענט זייער שאַרף. די פענסטער זענען אָפן. אין מיטן צימער אַ לאַנגער הילצערנער טיש מיט צוויי הילצערנע בענק ביי די זייטן. פון איין זייט צימער שטייען דריי בעטלעך. צוויי בערטער אָנגעלייגט אויף צוויי קעסטלעך. פון צווייטן

זייט צימער צוויי בעטלעך. איין וועכטער ליגט אויף דער ערד פאַרווי־ט אין זיין „אַבאַיעיי אַזוי, אַז מען זעט אים נישט אַרויס. די וועכטער שלאָפן. אין אַ ווינקל שטייען דריי הילצערנע קעסטלעך געמאַכט געוואָרן ווי אַן אַלמער, פאַרהאָנגען מיט אַ ווייסער פאָרהאַנגל, איין ברעג פאַרהויבן, ווו מען זעט צעשאָטענע גרויפּן, ברויט, טעלער, אַ גרויסער טאָפּ. אויף די ווענט הענגען ביקסן, רעוואָלווערן, נאַהייקעס, שטעקנס מיט גראָבע קעפּ, שטעך־מעסערס, פּאַטראָנעס, און צווישן זיי אַנזיכטס־קאַרטלעך פון די יידישע קאָלאָניעס און פון די יידישע גרויסע מענטשן, ווי קאַרל מאַרקס, דר. הערצל, פּרץ סמאָלענסקי, מאַקס נאָרדוי און אַנדערע. אויפן טיש און אויף די קעסטלעך זעען זיך אָנגעוואָרפענע יידישע און העברעאישע צייטונגען, ביכלעך. אַ וועכטער שלאָפט נעבן פענסטער און זיין באָרד שטעקט שפּיציק אין דער הויך. עס הערט זיך אַן אַראַביש ליד פון דער ווייטן, דערנענטערט זיך, גייט פאַרביי דעם פענסטער און פאַרשווינדט):

איך פאַר פון אייך אַוועק
איך פאַר פון אייך אַוועק
מיין געליבטע לאָז איך ביי אייך.

איך באַשווער אייך, באַשווער אייך,
וואָס זי וועט בעטן
זאָלט איר געבן.
אין נאָמען פון גאָט,
אין נאָמען פון גאָט,
פאַר אַלץ וועל איך אייך באַצאָלן.

(פאַרשווינדט הינטער די הייזער. עס הערט זיך אַ קווי־
טשעדיק קול פון אַ פרוי):

די פרוי: — זע נאַר, ווי ער האָט זיך צעוויינגען! (שרייט): מי־
שע! מישע!

דער מאַן: — איי ווי אַ!

די פרוי: — מישע, וואָס איז מיט דער שוואַרצער ציג?

דער מאַן: — זי ליגט אין שטאַל.

די פרוי: — זי עסט דאָס גראָז?

מישע: — ניין.

די פרוי: — וואָס וועט זיין מיט דער בהמה? מען דאַרף זי
אויסמעלקן. (דער וועכטער אַרום פענסטער פאַרהויבט זיין
קאָפּ. הערט זיך איין און קוקט אַרויס פון פענסטער).

דעם מאַנס קול: — איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך וועל
נישט מעלקן די בהמה. דאָס איז דער באַלעבאָסטעס אַרבעט.
(אַ פויזע).

די פרוי: — טראָג אָפּ דעם זאַק, דודע! (נישט ווייט פון פענס־
טער ווייזט זיך אַן אַרבעטער מיט אַ זאַק אויף די אַקסלען. דער
וועכטער פאַרהאַלט אים).

מיכל: — וואַרט, מישע, איך וועל דיר העלפן.

מישע: — מען דאַרף נישט, מיכל. עס איז נישט שווער.

מיכל: — (קוקט אים אָן). פיבערסט ווייטער?

מישע: — ווען האָב איך דען אויפגעהערט?

מיכל: — וווהין טראָגסטו דעם זאַק?

מישע: — צו ר' זאַנווילען. אַז מען וויל נישט מעלקן די בהמה,
מוז מען טראָגן אַ זאַק. ארץ־ישראל. (ער גייט אַוועק. דער
וועכטער קוקט אים נאָך און לייגט זיך צוריק שלאָפן. עס
עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ מיידל).

מיכל: — שלום, אסתר

אסתר: — (מוטערלעך ברוגז). שלום. שטייט אויף, פוילע־
צער! שוין באַלד נאַכט און איר ליגט, ווי די געהרגעטע!
(זי גרייט דעם טיש. די וועכטער רירן זיך נישט. מיכל צעדינגט
זיך פון זיין בעטל).

מ י כ ל: — (זינגט)

פאַר דיינע שוואַרצע אויגן
וועל איך דיר אָפּגעבן מיין לעבן,
פאַר דיינע שוואַרצע האָר
וועל איך דיר אָפּגעבן מיין טויט.

(די וועכטער כאַפּן זיך פון זייערע בעטלעך. דער אויף דער ערד דירט זיך נישט. איינער באַקוקט זיין געווער).

איין וועכטער: — שוין דאָס צווייטע מאָל, ווי מיין ביקס פאַרהאַקט זיך.

צווייטער וועכטער: — און מיין רעוואָלווער האָט צום פערטן מאָל נישט געוואָלט שיסן.

מיכל: — (ווישט זיין שטעך־מעסער. קרימט זיי איבער). מיין ביקס האָט זיך פאַרהאַקט. מיין רעוואָלווער האָט נישט געוואָלט שיסן. טפוי, אַ חרפה!

יחזקאל: — (פון אונטער דער אַבאַיע). אַזוי, אַזוי אַלטער. גיב זיי די גרינגע טייוואָלים. זאָלן זיי וויסן, וואָס ס'הייסט צו זיין אַ וועכטער.

מיכל: — (פאַרוואַרפט אים מיט בעטגעוואַנט). און דו מיינסט, אַז דו ביסט בעסער?

יחזקאל: — (הויבט זיך אויף). זאָג נאָר, מיכל, דו האָסט נישט אויסגעזופט מיין פלאַש קאָניאַק?

מיכל: — האָסט דען?

יחזקאל: — געוויס, אונטערן בעט. (ביידע וואַרפן זיך. יחזקאל כאַפּט זי אָן. ביידע ראַנגלען זיך. די איבעריקע וועכטער פאַרוואַרפן זיי מיט די זאַכן, וואָס זיי שלעפן אַראָפּ פון די בעטן. עס ווערט אַ באַרג).

אסתר: — (קומט אַריין מיט עס־זאַכן). זע נאָר, וואָס דאָ איז געוואָרן! (חברה שלעפט זי אויך אַריין אין קאָן און פאַר־וואַרפן זי אויך. פלוצלינג דערהערט זיך אַ שאָס. אַלע בלייבן שטיין. דער שאָס חזרט זיך נישט איבער. הויבט מען אָן צו־צוקלייבן די אָנגעוואָרפענע זאַכן. צוגרייטן דעם טיש. מען

איז געוואָרן ערנסט. אַזוי ווי דער שאָס האָט צוגענומען זייער
פרייִלעכקייט).

**אײן װעכטער:** — (צו אסתרן). אסתּר, טאָמער האָסטו אַ
גאַנץ העמדל? מײַנע האָט זיך איינגאַנצן צעריסן. אין דער
נאַכט האָב איך זיך פאַרטשעפּעט אין אַ דראָט.

**אסתּר:** — (באַקוקט זײַן העמדל). דאָרט ליגט אַ העמדל פאַר
דיר.

**מיכל:** — גיב אים נישט, אסתּר. זאָל ער וויסן ווי צו היטן די
וועכטערס זאַכן. (צום וועכטער): אַ העמדל דאַרף מען טראָגן
צוויי יאָר מיט עלף חדשים. אָט, יחזקאל, ער טוט זי קיינמאָל
נישט אויס. (אַלע לאַכן).

**יחזקאל:** — (ערנסט). דו ווייסט, מיכל, די נעכט געפעלן מיר
נישט.

**אַלע:** — וואָס? וואָס האָסטו געזען?

**יחזקאל:** — צופיל אַראַבער דרייען זיך אַרום אויף די וועגן.

**מיכל:** — זיי פירן איצט די תּבואה.

**יחזקאל:** — דאָס זענען אונזערע אַראַבער, נישט קיין
פרעמדע.

**אַלע:** — פון וואַנען ווייסטו?

**יחזקאל:** — נעכטן פאַרטאָג, דער עמוד השחר האָט זיך שוין
געוויזן, האָב איך זיך צוגעזעצט אונטער דער סידרה הינטער
דער קאָלאָניע. די נאַכט איז געווען אַזוי שטיל, אַז זי האָט
מיך דערמאָנט אונזער דאָרף אין קאַווקאַז. ווי איך זיץ אַזוי
האָב איך דערזען פאַרבײַפאָרן צוויי אַראַבער. אין שאָטן פון
בוים האָבן זיי מיך נישט געזען און איינעם פון זיי האָב איך
דערקענט, אַבו־פאַרעס. אָן זײַן פערד האָב איך אים דערקענט.
וואָס טוען זיי פאַרטאָג אויף די וועגן?

**אַ װעכטער:** — איך האָב אויך געהערט שטימען אויפן וועג.
(אַלע ווערן פאַרזאָרגט).

**אסתּר:** — (ביים טיש). און וווּ איז בערל? (קיינער ענטפערט
נישט). דעם גאַנצן טאָג איז ער בײַשטאַ. ער איז נאָך הײַנט
נישט געשלאָפן.

י ח ז ק א ל : — (בורטשעט). ער וועט קומען.

א ס ת ר : — (ווי פריער). אָבער ער האָט דאָך נאָך היינט נישט געגעסן.

מ י כ ל : — (קוקט אַרויס פון פענסטער). זאָרג זיך נישט, אסתר, אָט קומט ער.

ב ע ר ל : — (קומט אַריין). דער טייוול ווייסט וואָס! די גאַנצע נאַכט האָבן זיך אַרומגעדרייט אַראַבער אויף די וועגן.

א  ו ו ע כ ט ע ר : — יחזקאל האָט דאָס אויך באַמערקט.

ב ע ר ל : — איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער איך פיל אַן אומרואיקייט אין די נעבט.

מ י כ ל : — עס איז גאָרנישט. אַבו־פאַרעסעס שטיק. עס וועט גאָרנישט זיין.

א ס ת ר : — (וואַרפט פאָר). וואָס איז מיט אייך געוואָרן. דעם ערשטן מאָג זענט איר וועכטער? אַראַבער אויף די וועגן? גייט בעסער עסן.

מ י כ ל : — (כאַפּט אונטער). געריכט, אסתר. (יחזקאלען): גיב דיין קאָניאַק!

י ח ז ק א ל : — מאַפּיש!

מ י כ ל : — זע, יחזקאל, איך וועל דיר געבן אַזאַ מאַפּיש, אַז עס וועט דיר ווערן פינסטער אין די אויגן, דו קאַווקאַזסקע מאָרדע! (מיט אַ טאָן פון עליות־פּאַרקויפן): יעמוד החתן הקאָניאַק! (יחזקאל גיט אים די פלאַש. מיכל גיסט אָן די גלעזער). נו, חברה, איינס, צוויי, דריי, אַלע מיט איין מאָל! (מען טרינקט. בערל שווייגט).

א ס ת ר : — וואָס איז מיט דיר? פאַרוואָס עסטו נישט?

ב ע ר ל : — (ווי צו זיך). אין אַלע קאָלאָניעס איז אומרואיק.

י ח ז ק א ל : — וואָס איז, בערל? דו פיבערסט שוין ווידער?

ב ע ר ל : — (וויקלט זיך אין דער אַבאַיע). קאַלט.

א ס ת ר : — (לויפט צו). וואָס רעדן, נישט מען עסט, נישט מען טרינקט, געווים וועסטו קראַנק ווערן. גיי לייג זיך צו. איך וועל דיר געבן אַ גלאָז טיי מיט קאָניאַק. וועסט איינגעמען

כינע און דו וועסט אנטשלאָפן ווערן. (אַלע פּאַרען זיך אַרום אים. לייגן אים אויף אַ בעטל. דעקן אים איין. אין דער צייט הערן זיך שטימען פון דרויסן).

אַיין קול: — איך וויל נישט גיין. וואָס האָב איך צו טאָן מיט זיי?

אַ צווייטער קול: — קום, קום. זאָג זיי, וואָס דו האָסט אונז דערציילט.

אַ דריטער קול: — וואָס איז דאָ צו דערציילן? איך האָב דאָך נאָך פריער געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט האָבן די ייִדישע וועכטער, אַז מיר וועלן האָבן פון זיי צרות. און האָט איר אייך.

ערשטער קול: — אפשר האָט שלמה אַ טעות, וואָס ער האָט געהערט?

צווייטער: — פאַרלאָז זיך אויף אים. ער ווייסט, וואָס ער רעדט. און צו וואָס האָט מען זיי געדאַרפט? מיט די אַראַבער איז געווען פיל בעסער. איצט וועלן מיר נישט קאָנען אַרויס־פאָרן אַקערן, נישט קאָנען פאָרן אין שטאָט, מיר וועלן האָבן בלוט.

יחזקאל: — (שפּרינגט צום פענסטער). דער מוכטאַר! (אין פענסטער ווייזן זיך דריי קאָלאָניסטן).

די קאָלאָניסטן: — שלום!

מיכל: — שלום, שלום, וואָס שטייט איר אין פענסטער, קומט אַריין אין שטוב. (די קאָלאָניסטן גייען אַריין. בלייבן שטיין ווי זיי ווייסן נישט, וואָס צו טאָן מיט זיך. קוקן זיך איבער, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואַרט, ווער פון זיי זאָל אָנהויבן רעדן).

דער ספרדי: — (הויבט אָן רעדן). סאַבהאַס על הער (מיכלען): קיף האלאק יא מיכל, שוין לאַנג דיך נישט געזען!

מיכל: — (לאַכט). נו, שלמה, רייד ווייטער. פרעג, וואָס מאַכט דיין אָקס, דיין איזל, דיין ווייב, דיין שטאָל. ביסט נאָך אַלץ אַן אַראַבער, דער אייגענער, ווי פריער?

דער ספרדי: — עס מאַכט נישט. אַן אַראַבער צו זיין איז פיל בעסער פון אַ ייד אַ וולאַיד על מות.

מיכל: — נו, געוויס, ווען מען איז נאך שותפות מיט די אראַבער.

דער ספרדי: — (ווערט אָנגעצונדן). וואַ־אַ־אַ ס?

מיכל: — מאַך נישט קיין אַראַבישע שטיק, שלמה, איך קען דאָך דיך, ווען דו ביסט נאָך אַרומגעגאַנגען אַ באָרוועסער און איך האָב דיך אַרויסגעטריבן פון הויף. (פרוווט זיך דערמאָנען). פאַר וואָס איז דאָס געווען? אַהאַ! דו האָסט געגנבעט אַ זאָטל.

דער ספרדי: — רעד נישט, וואַלאַי ליאַזים!

ר' זאַנוויל: — דו דערציילסט זיי בעסער, וואָס דו האָסט געהערט אין דאָרף.

דער ספרדי: — (בורטשעט). נישטאָ וואָס צו דערציילן. אין דאָרף זאָגט מען, אַז זיי האָבן דערהרגעט דעם אַראַבער און האָבן אים באַהאַלטן.

אלע: — וואָס? וואָס זאָגט מען? ווער זאָגט עס? (אַ שטיל, שטום בילד. בערל זעצט זיך אויף אין בעטל. ער ציטערט אין פיבער).

ר' זאַנוויל: — אַן אומגליק. וואָס זאָל מען איצט טאָן? די קאָלאָניע קאָן נאָך חרוב ווערן. (שלמהן): וואָס זאָגסטו, שלמה, וואָס זאָל מען טאָן?

שלמה: — (האַרט). זאָגט זיי אָפּ. דאָס איז איבער זיי.

די וועכטער: — איבער אונז!?

שלמה: — יאָ, איבער אייך. איר האַלט זיך אין איין קריגן מיט די אַראַבער. (זאַגוולען): און וואָס האָבן זיי צו פאַרלירן? היינט זענען זיי דאָ און מאָרגן, ווער ווייסט וווּ.

יחזקאל: — (געלאַסן, ציילט די ווערטער, אָבער אין זיי ליגט אַ שרעקלעכע רציחה). זאָג מיר, שלמה, וואָס האָסטו געטאָן נעכטן פאַרטאָג אויפן וועג מיט אַבו־פאַרעסן?

שלמה: — ווער? איך?

יחזקאל: — (ווי פריער). יאָ, דו. איך האָב דיך געזען. (דראָענד): זע, שלמה, דו ביסט אַ שותף מיט אַבו־פאַרעס. דו האַלטסט מיט אים שאָף.

דער ספרדי: — (מאַכט זיך אין כעס און מיט דעם וויל ער פאַרדעקן, וואָס יחזקאל דערציילט). איך וויל מיט איך נישט ריידן. (לויפט אַרויס).

בערל: — איר וועט אונז מוזן העלפן, ר' זאַנוול. איר וועט מיט אונז מוזן וועכטערן און די אַראַבישע אַרבעטער, וואָס אַר־בעטן אין דער קאָלאָניע, וועט מען מוזן אויף בייטאָג אוועק־שיקן אין דאָרף אָדער האַלטן פאַרשלאָסן אין די שטאַלן און אין די הויפן. מיר קאָנען זיי נישט לאָזן אַרומגיין ביינאַכט אין דער קאָלאָניע.

א קאָלאָניסט: — מיר קאָנען דאָס נישט טאָן.

בערל: — איר וועט מוזן. אַנדערש קאָן דאָס נישט זיין. מיר זענען איצט נישט זיכער מיט אונזערע לעבנס. אַלץ, וואָס ביי אונז קומט פאָר, ווייסן די אַראַבער. די אַרבעטער דערציילן אַלץ.

דער קאָלאָניסט: — דאָן זאָגט זיך אָפּ.

בערל: — וועט איר ווייטער נעמען די אַראַבער.

דער קאָלאָניסט: — מיר קאָנען נישט איינשטעלן אונזערע לעבנס, אונזער האָב און גוטס, איבער דעם, וויל איך ווילט זיך דאָ זיין וועכטער. ווי קאָנט איר זיך גאָר גלייכן מיט די אַראַבער?

ר' זאַנוול: — אָבער צו וואָס דאַרפט איר זיך קריגן?

מיכל: — (כאַפּט אונטער). טאַקע, צו וואָס דאַרף מען זיך קריגן? מיר דאַרפן אַרויסגיין וועכטערן. עס וועט וועבן שפּעט. שלום, ר' זאַנוול, שלום, שלום. (באַגלייט זיי אַרויס).

איין וועכטער: — איצט וועט מען מוזן אַרומגיין אין צווייען.

בערל: — (פאַרזאָרגט). און וואָס וועט זיין פון דעם?

מיכל: — נישט געזאָרגט, בערל, דאָס האָט דאָך נאָר שלמה דערציילט. מיר אַליין ווייסן דאָך נישט. אַז אַראַבישע באַנדע־מעשה. דאָס איינציקע, וואָס מיר דאַרפן, איז גוט וועכטערן. ווי עס ווייזט אויס, ווילן אונז די אַראַבער אָפּטאָן אַ שפּיצל. זיי ווילן אונז פאַרטרייבן פון דאַנען. אַבו־פאַרעס וויל דאָ

וויטער וערן וועכטער און איבער אונז קאָן ער נישט. מען דאַרף זיי ווייזן, אַז די אַראַבער, אַז אונז קאָן מען נישט אַפּשרעקן.

בערל: — (פון בעט'ל). האָבן מיר דען ווען עס איז געווען פּחד? פאַרקערט. פאַר יעדע קליינקייט האָבן מיר זיך גלייך געשלאָגן מיט די אַראַבער. געוויזן, אַז מיר האָבן נישט מורא פאַר זיי. און וואָס? פריער האָבן זיי אונז גערופן געפּגרטע קינדער און איצט רופן זיי אונז קינדער פון געפּגרטע.

אסתר: — וואָס איז מיט דיר, בערל? דעם ערשטן טאָג ביסטו אַ וועכטער? (אַ שווערע פּויזע. עס פילט זיך, אַז מען האָט פיל צו זאָגן, צו טאָן, אָבער מען ווייסט נישט וואָס און ווי אַזוי, ד. ה. עפּעס אַן אינעוויייניקסטער אימפּולס האַלט זיי איין. בערל שטאַרקט זיך אָבער, דאָך מוז ער זיך צולייגן אויפן בעטל. אסתר לויפט צו אים צו. אין טיר קומט אַריין אַ יונגער אַרבעטער).

מישע: — שלום, חברה! וואָס וועט איצט זיין? (אַלע שווייגן). וואָס איז מיט אייך? ביי די קאָלאָניסטן איז איצט פריילעך. זיי טומלען. מען דאַרף אייך משלח זיין פון דאַגעו.

אסתר: — אָבער מען ווייסט דאָך גאָך גאָרנישט! מען קאָן שלמהן נישט גלויבן.

יחזקאל: — זאָרג זיך נישט, אסתר. שלמה ווייסט, וואָס ער רעדט. (אַלע טועו זיך אָן און איינציקווייז רוקט מען זיך אַרויס פון שטוב וועכטעווען).

מיכל: — (פאַרהאַלט יחזקאלען אין טיר). נעם, זאַטל אָן דעם פערד און פאָר אַרויס אין פעלד. אָבער זיי פאַרזיכטיק.

מישע: — (אויף בערלען) פּיבערט?

מיכל: — און ווי?

מישע: — ווי געוויינלעך.

אסתר: — (צו מישען). גיי טרינק טיי.

בערל: — (פאַרהויבט דעם קאָפּ. ער וויל עפּעס זאָגן, אָבער דער קאָפּ פאַלט צוריק און ער מורמלט אין דער שטיל). איך בין זיכער, אַז שלמה ווייסט, וואָס ער רעדט. וואָס טוט

מען איצט? מיט אונז וועלן זיי טאָן, וואָס זיי ווילן. פאַר אונז זענען זייערע מנהגים און געזעצן נישט געשריבן. צווישן זיך וועלן זיי קיינמאָל נישט איבערטרעטן דעם נישט געשריי־בענעם געזעץ פון מזרח. אָבער מיר? יידן? ווליאד על מות? אַהאַ!

אסתר: — (צאַרט). נעם, בערל, טרינק אויס אַ גלאָז טיי. דו האָסט דאָך נאָך אין דיין מויל נישט געהאַט, און דו ביסט דאָך קראַנק. מיט די אַראַבער וועט מען שוין ווי עס איז דורכקומען. דאָס איז נישט צום ערשטן מאָל. וועט דאָס קאָסטן דער „יקאַ״ נאָך אַ פּאָר לירעס.

מיכל: — זי איז גערעכט, בערל. מיר מוזן ווייזן די אַראַבער, אַז מיר קאָנען זיי געבן דעם ערשטן קלאַפּ. דער אַראַבער איז דאָך, ווי אַ חיה. ווייז אים זיין אייגן בלוט, וועט ער פון דיר אַנטלויפן, ווו דער פעפער וואַקסט.

מישע: — אָבער יעדע חיה ווערט צערייצטער און בלוטדור־שטיקער, ווען זי דערזעט פרעמד בלוט.

מיכל: — (שפּאָט). פון וואַנען ווייסטו דאָס?

מישע: — אַזוי לערנט אונז די וויסנשאַפט. (אַ געדריקטע שטימונג, ווי פאַר אַ גרויסן שטורם. די שטימונג פילט זיך ביז דער פאָרהאַנג פאַלט).

בערל: — (פון אונטערן צודעק). עס קאָן זיין, אַז שלמה האָט דאָס אויסגעטראַכט. עס קאָן זיין, אַז די אַראַבער פאַרשפּרייטן דאָס, כדי פון אונז פטור צו ווערן. אָבער אַ פאַקט איז דאָך, אַז די אַראַבער וועלן טאָן, וואָס זיי קאָנען, און אונז פאַר־טרייבן. זיי שרעקן די קאָלאָניסטן מיט בלוט. דאָס ערגסטע פון אַלץ איז, ווען עס זאָל זיך אפילו עפּעס טרעפן, קאָנען מיר זיך דאָך אויך נישט שטעלן אַנטקעגן. מיר קאָנען זיך נישט דערלויבן דעם פאַרגעניגן צו דערשיסן אָדער גאָר פאַרוווּנדן אַן אַראַבער. בלוט, דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע. און וואָס וועט זיין, אַז די אַראַבער וועלן דערשיסן אַ קאָלאָניסט?

אסתר: — איך פאַרשטיי דיך נישט, בערל. דו רעדסט אַזוי, ווי

מיר וואַלטן שוין געהאַט בלוט מיט די אַראַבער. און וואָס דאַרפסטו זיך אַזוי זאָרגן פאַר די קאָלאָניסטן?

מישע: — (כאַפּט אונטער). פאַר די קאַפּיטאַליסטן. (אַלע שווייגן. אסתר קלייבט צו אין צימער. מישע ליגט אויף אַ בעטל אַרום פענסטער. די שטילקייט ווערט שאַרף אונטער־געשטראָכן דערפון, וואָס מיכל קלאַפּט מיטן ביקס אין דער פאָדלאָגע).

מיכל: — (פלוצלינג צו מישען). ווייסטו, וואָס איז בלוט? (רעדט, ווי צו זיך אַליין). עס איז שווער צו פאַרשטיין. מיר און די אַראַבער? פון איין בלוט, גאַר נאָענטע קרובים, און דאָך! פאַרוואָס זאָלן מיר נישט לעבן מיט זיי ווי גוטע פריינט? מיר גיבן זיי אַרבעט, מיר אַנטוויקלען דאָס לאַנד, בויען נייע קאָלאָניעס, וווּ זיי פאַרקויפן זייערע אויסגעאַרבעטע זאַכן, זייער גרינס און מילכיקס. ביז איצט זענען זיי דאָך געווען קנעכט ביי זייערע עפענדים.

מישע: — (צעלאַכט זיך). נו, און די קאָלאָניסטן? עפּעס ברי־דער פון איין פאָלק! נו, און זיי האָבן דיך ליב? עך, אַלטער, אַלטער, דאָ האָט נישט צו טאָן מיט בלוט. מיט קרובים. דאָ האָט צו טאָן מיט דעם אוראַלטן געזעץ, וואָס זאָגט, אַז איך דאַרף דיך נישט, ווו איך געפין זיך און וויל דעם אָרט, ווו דו געפינסט זיך, און מיט קרובהשאַפט האָט דאָ נישט צו טאָן. און אָט האָסטו דעם בעסטן ביישפּיל. דו זאָגסט, אַז מיר טוען די אַראַבער גרויסע טובות. זיי זאָגן, אַז זיי זענען דיר מוחל, זיי ווילן בעסער זיין שקלאַפן ביי זייערע עפענ־דים. זיי ווילן דיך דאָ נישט האָבן. און דאָס, וואָס דו האָסט דאָ געהאַט געשיכטע, אַרט זיי זייער ווייניק, ווייל אויף די קברים פון אַנדערע האָסטו דאָך דיין געשיכטע געשאַפן. און די קאָלאָניסטן? די ארץ־ישראלדיקע קאַפּיטאַליסטן? אפילו זיי ווילן דאָך דיך דאָ נישט האָבן. סיבות? פאַרוואָס? זייער פיל. אָבער די הויפּט־זאַך איז, וואָס אי מיר, אי זיי, ראַטע־ווען דאָס יידישע פאָלק. זיי זענען געקומען פריער, ווילן זיי

נישט האָבן קיין קאָנקורענטן. און דער סוף איז — מיר אַר־בעטן, כּדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער.

מיכל: — אַט די תּורה האָבן מיר נאָך געוווּסט אין רוסלאַנד. (בערל הויבט זיך אָן וואַרפן אויף זיין בעטל. אסתּר לויפט צו).

אסתּר: — (מישען). און וואָס האָסטו זיך אַזוי צעדרישנט!?

מישע: — וואָס איז דאָ מיט אייך צו ריידן. איך וועל בעסער גיין אַנטרינקען די פערד. (גייט אַרויס. מיכל נאָך אים. אסתּר בלייבט נעבן בערלען און פּרוּווט אים איינשלעפערן מיט שטילע ווערטער: שלאָף, שלאָף. ער פאַרמאַכט די אויגן. זי קוקט זיך איין, און זעענדיק, אַז ער איז רואיק, הויבט זי אָן צורוימען אין שטוב און דאַן נעמט זי אַראָפּ אַ קליינעם רע־וואָלווער, בינדט אים אונטער און לאָזט זיך אַרויסגיין פון שטוב. ביים טיר פאַרהאַלט זי זיך, קוקט אים אָן און גייט אַרויס. אַ ווײַלע בלייבט ליידיק. נאָך דעם הויבט זיך אָן די טיר שטילערהייט צו עפענען און עס רוקט זיך אַריין אַ מיידל־שער קאָפּ. קוקט זיך אַרום און וויל שוין צוריק פאַרמאַכן די טיר, ווי בערל האָט זיך ווייטער אָנגעהויבן וואַרפן אויף זיין בעטל. דאָס מיידל גייט אַריין אויף די שפּיץ פינגער. גלייך צום בעטל. דעקט אָפּ די קאָלדרע און שרייט אויס פאַרוווּנ־דערט:) בערל, דו!?

בערל: — (פאַרהויבט זיין קאָפּ). רבקה, דו? ווו זענען דאָס אַלע? ווו איז אסתּר? (זעצט זיך אויף און רייבט דעם שטערן).

רבקה: — איך האָב דאָ קיינעם נישט געטראָפן. (קוקט אים אָן) וואָס איז מיט דיר? דו פיבערסט שוין ווייטער?

בערל: — (רייבט דעם שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך וועלן אָן עפּעס דערמאָנען, נישט דאָס פאַרטרייבן פון זיך אַ שווערן געדאַנק. רעדט שטיל): יאָ, ווי געווייגלעך. וואָס פאַר אַ חלום איך האָב דאָס געזען! (שוידערט אויף).

רבקה: — (ער זיצט. זי דעקט אים איין). איך וועל דיר מאַכן אַ גלאָז טיי מיט קאָניאַק.

**בערל:** — (האַלט די צו). זיץ, רבקה. שוין צוויי טעג, אַז איך האָב דיך נישט געזען. אַזוי ווי יאָרן זענען זיי פאַר מיר אַרים.

**רבקה:** — (קאָקעטיש־ברוגז). יאָ, איך טו אַלץ, וואָס דו הייסט מיך און דו קומסט אפילו נישט זען. (בערל רייבט דעם שטערן. עס פילט זיך, אַז ער געפינט זיך נאָך אונטער דער ווירקונג פונם חלום). אַ שרעק, וואָס ביי אונז טוט זיך איצט. דער טאַטע שרייט, די מאַמע וויינט און אַמנון וויל נישט בלייבן אין דער היים. ער וויל פאָרן קיין אַמעריקע. ער זאָגט, אַז דאָרט וועט ער מאַכן אַ סך געלט. וועט שיקן דעם טאַטן און דער טאַטע וועט קאָנען צודינגען נאָך אַ דריי־פיר אַראַבער.

**בערל:** — (אויטאָמאַטיש). ווען פאָרט ער?

**רבקה:** — איך ווייס נישט. מיר זענען איצט זייער פאַרנומען. מיר גרייטן אים אין וועג. (בערל ציטערט אין פיבער. רבקה צווינגט אים זיך לייגן, וויקלט אים איין און אַזוי ווי די וואָלט געפילט, אַז מיט רייד וועט זי אָפּציען זיין אויפמערקזאַמקייט און מאַכן אים גרינגער, רעדט זי, דערציילט זי. דאָס קומט ביי איר אַרויס אינסטינקטיוו). בערל, נעכטן האָב איך שוין געמאָלקן די שוואַרצע קו און די מאַמע האָט פון מיר געלאַכט, געזאָגט, אַז איך זאָל דאָס בעסער איבערלאָזן צו פאַטמען. איך האָב אַליין וועטשערע אָפּגעקאָכט און דער טאַטע האָט געשריגן, אַז עס שמעקט מיט רויך, און אַמנון האָט זיך געוואָרפן, אַז אין אַמעריקע וועט ער נישט דאַרפן עסן מיט רויך. און דו ביסט נישט געקומען מיך זען.

**בערל:** — יאָ, קינד. איך בין נישט געקומען דיך זען (און אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַפרייען פון דעם, וואָס אים דריקט, האָט ער אָנגעהויבן לאַנגזאַם צו דערציילן. זיין געזיכט גייט איבער פון אַ שטילער פאַרוווּנדערונג צו אַ פאַרצווייפלטער אומרואיקייט). איך בין דאָ געלעגן, ווי פלוצלינג האָב איך דערזען... (האַקט אָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געכאַפּט, אַז איר דאַרף ער דאָס נישט דערציילן. פון אויפרעגונג הויבט ער אָן שטאַרקער ציטערן).

רבקה: — (דערשראָקן). בערל, איך וועל דיר געבן כּינע. איך וועל דיר מאַכן הייסע טיי. איך וועל... (פאַרצווייפלט). סאָר אויך קיין אַמעריקע. דו וועסט דאָך נאָך דאָ קריגן געלן פיבער!

בערל: — (גלעט די אין פיבער). איך האָב נישט קיין געלט. איך האָב דאָרט נישט קיין פריינט.

רבקה: — (קינדיש־פאַרצווייפלט). דאָרט איז דאָ נפתּלי. בײַם דעם טאַטן וועט ער דיר געבן געלט.

בערל: — (ווי פריער). און דו, רבקה?

רבקה: — איך וועל אויך פאָרן.

בערל: — דו אויך. און ווער וועט דאָ מעלקן די שוואַרצע קו?

רבקה: — (קינדיש־באַליידיקט). איך וויל נישט, בערל, אַט שרעקסטו מיך און אַט לאַכסטו פון מיר. פאַרוואָס טוסטו עס אַזוי?

בערל: — איך לאַך נישט פון דיר (ער נעמט זי אַרום און טוליעט דיך צו איר). הער, רבקה, טײַערע, איך וועל דיר עפּעס דערציילן. איך וועל דיר דערציילן אַ מעשהלע, און דו ביסט נאָך אַ קליין מיידעלע וועסטו זי אויסהערן. הער, רבקה. אויף יענער זייט ים, איין אַ גרויס לאַנד, אין אַ קליין שטעטל, האָבן קבצנים געוווינט. די קבצנים האָבן אַ זון געהאַט און פון דעם זון נחת דערוואַרט. גרויס איז געוואָרן דער זון. נישט געוואָלט האָט ער אין זיין קליין שטעטל פאַרבלייבן און איז אַוועק אין דער גרויסער ווייטער וועלט. איז ער געקומען אין אַ לאַנד, פון וועלכן ער האָט נאָך געטרוימט אין זיינע קינדעריאָרן. איבער די בערג און פעלדער, טאָלן און וועלדער איז ער אַרומגעגאַנגען און האָט געטראַכט: דאָ וועט ער זיין ביידל שטעלן, מיט רויזן באַפלאַנצן, מיט ליליען באַקראַנצן און מיט בוימער באַזעצן. און אַזוי האָט ער געטאָן. אָבער אין אַ טאָג איז ער אין זיין גאָרטן געקומען און בײַ די שנייווייסע רויזן האָט ער דערזען אַ שוואַרצן מאַן מיט אַ קאָפּ פון אַ מת. דער מאַן האָט די רויזן געהאַלטן אין זיינע הענט און זיי האָבן געוועלקט, געוועלקט. דער גאַנצער גאָרטן האָט

אנגעהויבן וועלקן. געוואָרפן האָב איך זיך צום מאַן. געוואָלט די רויזן ראַטעווען. דער מאַן איז מיט אַ שרעקלעכן געלעכטער פאַרשוווּנדן. די פאַרוועלקטע רויזן זענען געלעגן אויף דער ערד. דער מאַן, רבקה, בין איך געווען. (פּיבערט).

רבקה: — וואָס איז מיט דיר, בערל? דיר איז ווידער קאַלט? איך וועל דיר געבן אַ ביסל קאָניאַק, הייסע טיי, כינע?

בערל: — (האַלט זי צו). זיץ, קינד, מיין סעלט ווע(ס)טו מיט אַ גלאָז טיי און קאָניאַק נישט פאַרטרייבן. וואָרעם איז מיר, ווען דו זיצסט אַרום מיר. אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ קינד און געזעסן נעבן מיין מוטער, ווען זי פלעגט מיר דערציילן אַזעלכע שיינע מעשהלעך.(פּאַרטראַכט). אָבער איך געדענק זיי נישט.

רבקה: — (באַאיינפלוסט). מיר האָט אויך אַמאָל די שוואַרצע פּאַטמע דערציילט אַ מעשהלע. פון דעם שוואַרצן שייטאַן, וואָס גייט אַרום אין די בערג. און כאַפּט צו די ווייסע מיידלעך, וואָס פאַרבלאָנדזשען דאָרט. שוואַרץ איז שטאַרקער פון ווייס.

בערל: — שוואַרץ איז שטאַרקער פון ווייס. גליקלעך ביסטו קינד. וויפל מאָל וויל איך זיך דערמאָנען וועגן דעם, וואָס מיין מוטער האָט מיר דערציילט און איך קאָן נישט. שוואַרץ שלינגט איין ווייס.

רבקה: — יאָ, שוואַרץ שלינגט איין ווייס, און איצט האָב איך מורא צו גיין אויפן גאָרן. שטענדיק ווייזט זיך מיר אויס, אַז דער שייטאַן וועט קומען פון די בערג. די ווייסע קליידער טראָג איך שוין נישט מער.

בערל: — מיט מיר, קינד, וועסטו גיין. מיט מיר האָב נישט קיין מורא. עס קאָן זיין, אַז דו ביסט מיין מוטערס מעשהלע. אַזוי קלאָר, ווי דו, איז מיין מוטער געווען, און ליכטיק אירע מעשהלעך. און ווען איך קוק אויף דיר און האַלט אַזוי דיינע הענט, דאַן קלינגט אין מיינע אויערן מיין מוטערס רייד. אָבער די ווערטער געדענק איך נישט.

רבקה: — (אין דער צייט פון איר ריידן, הערט זיך פון דער

ווייטנס אַ טעמפּער געוויש, אַ טומל, אַזוי ווי מענטשן וואָלטן געשריגן, דערשראָקענע. זיי דערנענטערן זיך און ווערן שאַר־פּער. קינדער וויינען. פּרויען קווייטשען. עס הערט זיך, ווי מען וואָלט פאַרהאַקט טירן און פענסטער). מיט דיר, בערל, וועל איך גיין. מיט דיר האָב איך נישט מורא. מיט דיר וועל איך אפילו די ווייסע קליידער טראָגן (בערל בויגט זיך צו און וויל איר אַ קוש טאָן, אָבער דער טומל איז שוין געווען נעבן פענסטער, ווו ער האָט דערזען די וועכטער און קאַלאַניסטן. בערל לאָזט זיך זיי אַנטקעגן, אָבער באַלד פאַרהאַלט ער זיך און וואַרט ביז זיי וועלן צוקומען).

קאַלאָניסטן: — דערלעבט, האַ? וואָס וועלן מיר איצט טאָן!? מיר וועלן דאַרפן זיצן פאַרשפּאַרט אין די הייזער! מען וועט ביי אונז „הארעבען” די משערעדעס! איר וועט אונז אומגליקלעך מאַכן! גייט פון דאַנען! זאָגט זיך אָפּ פון דער וועכטעריי!

בערל: — אָבער וואָס האָט געטראָפן?

מיכל: — (דורכן פענסטער). אויף אברהמס באָדן האָט מען געפינען אַ געהרגעטן אראַבער.

בערל: — ווער? וואָס? ווען?

מיכל: — (ווייזט אויף אַ קאַלאָניסט). ער.

דער קאַלאָניסט: — מיין מוסטאַפע איז געפאָרן זוכן זיין אייזעלע, האָט ער אים געפונען.

בערל: — (ווי פאַרשטיינט נישט). ווער איז דער געהרגעטער?

א קאַלאָניסט: — פון אבו־פּארעסעס פאַמיליע. (אַ שטילע פּויזע, ווי פאַר אַ גרויסן אומגליק, ווען מען קאָן נישט גע־פינען קיין עצה, וואָס צו טאָן. בערל האָט זיך מיטאַמאָל אָנ־געהויבן שנעל אָנטאָן, כאַפּן דעם ביקס, דעם רעוואָלווער און שרייען צו די קאַלאָניסטן): שיקט צום טויטן אַ וואַך, לאָזט אים נישט אַליין. שנעלער! וואָס שטייט איר!?... (אַ טומל. אייניקע לויפן אַוועק. דער פאַרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם).

## צ ו וי י ט ע ר א ק ט

(האלבע נאכט. אלע שלאפן. איין שטוב, ביים ווינקל פון גאס, איז ליכטיק. די פאר טרעפ, וואס פירן אין שטוב, זענען באלויכטן פון דעם שיין, וואס פאלט פון פענסטער. מען זינגט, מען טאנצט, מען שרייט ,,לחיים". אין גאס זענען זיך צייטנווייז שאטנס פון מענטשן, וואס שלייכן זיך פארביי זייער שטיל. בלייבן שטיין א ווילע קעגן דער שטוב און גייען ווייטער. דאס זענען די וועכטער. ארום דער באלויכטענער שטוב שטייען צוויי רעדער פון א וואגן, אן איבערגעקערטער אקער, אן אויפגעשטעלטע בארנע. א פאר גרויסע ביימער. די טיר פון שטוב עפנט זיך. די זאנוול גייט ארויס און מיט כעס פארהאקט ער די טיר הינטער זיך. זעצט זיך אויף דעם איבערגעקערטן אקער. נאך זיינע באוועגונגען, נאך זיין זיצן, זעט מען, אז ער איז זייער פארזארגט און נידערגעשלאגן. עס קומען אן צוויי וועכטער. מיכל און בערל. מישע קומט ארויס פון א הויף. די זאנוול באמערקט זיי נישט).

**מ י ש ע :** — (ווייזט צום שטוב). עס איז זיי פריילעך. אמנגון פארט קיין אמעריקע. א לעבן אויף זיי.

**ב ע ר ל :** — זיי צעפארן זיך און מיר בלייבן אליין. ווער ווייסט, וואס עס וועט זיך אויסלאזן מיטן געהרגעטן אראבער.

**מ י כ ל :** — ס'וועט גארנישט זיין. און דער בעסטער באווייז איז, וואס די אראבער האבן צוגענומען דעם הרוג צו זיך אין דארף.

**ב ע ר ל :** — זאג דאס נישט, מיכל. נעכטן ביינאכט, ווען איך בין געלעגן הינטער דער קאלאניע, ביי דעם גרויסן שטיין, האב איך געזען שלמהן מיט אבו־פארעסן. (א שאקאל צעוויינט זיך אין דער נאכט). אבער פארוואס? פארוואס האבן זיי דאס אונז אפגעטאן? ווי מיט פייער זענען מיר ארומגערינגלט.

מ י ש ע : — לאָז אָפּ די וואָך.

בּ ע ר ל : — די קאַלאַניסטן זאָגן דאָס אויך.

מ י ש ע : — געווים. מיט די אַראַבּישע וועכטער פילן זיי זיך בעסער.

מ י כ ל : — היינט פאַרוואָס אַרבּעטסטו דאָ? בּיי די קאַלאַניסטן?

מ י ש ע : — איך ווייס נישט. (פאַרטראַכט זיך): עס איז אומעטום צרות, אפשר וועט דאָ זיין בעסער. אַ נייַ לאַנד, יונגע מענטשן. (אַ שטאַרקער פייפן. עס הערן זיך טריט. עס קומען אַריין אסתר מיט יחזקאלען און פירן מיט זיך אַן אַראַבּער).

י ח ז ק א ל : — שלמהס אַראַבּער.

בּ ע ר ל : — ווּהין ביסטו געגאַנגען?

אַ ר אַ בּ ע ר : — פּיכיאַט דינאַק יאַ כאַוואַרזשאַ. דער בּאַלעבּאָס האָט מיך געשיקט.

בּ ע ר ל : — ווּהין האָט ער דיך געשיקט?

אַ ר אַ בּ ע ר : — פּיכיאַט אַללאַ יאַ כאַוואַדזשאַ, ער האָט מיך געשיקט צו דאַודן פרעגן, אויב ער פּאַרט אין שטאָט.

בּ ע ר ל : — דו ווייסט, אַז מען טאָר בּיינאַכט נישט אַרומגיין?

אַ ר אַ בּ ע ר : — דאַכיליאַק יאַ כאַוואַדזשאַ, דאַכיליאַק. בּיי דיין לעבּן, לאָז מיך אָפּ. איך האָב נישט געוווּסט.

ר׳ ז אַ נ ו ו י ל : — (פון זיין אָרט). וואָס איז דאָרט?

בּ ע ר ל : — שלמהס אַראַבּער דרייט זיך אַרום אין דער קאָלאָניע.

ר׳ ז אַ נ ו ו י ל : — לאָזט אים אָפּ דאָס מאָל (צום אַראַבּער): גיי, מוסטאַפאַ.

י ח ז ק א ל : — ניין, איך וועל אים אָפּפירן. קום, אסתר. (אָפּ)

ר׳ ז אַ נ ו ו י ל : — וואָס וועט זיין?

בּ ע ר ל : — וואָס דאַרף זיין. מען דאַרף היטן. גיט אונז יעדע נאַכט אַ פּאָר קאָלאָניסטן זאָלן מיט אונז וועכטערן.

ר׳ ז אַ נ ו ו י ל : — איר ווייסט דאָך, אַז זיי וועלן נישט גיין.

מ י כ ל : — אָט דאָס איז דאָך טאַקע דאָס אומגליק. (הערט אויף. פאַרכאַפּט זיך). עס וועט גאַרנישט זיין.

בּ ע ר ל : — נו, געווים. די קאָלאָניסטן וועלן אונז נישט העלפן.

ווילן זיך נישט מישן צווישן די וועכטער און די אראבער, אזוי ווי מיר זענען גאר נישט קיין יידן. די אראבער ווילן אונז פארטרייבן פון דאנען. פארוואס זאל אייער אמגון נישט גיין וועכטעווען מיט אונז?

ר׳ זאנוויל: — (מאכט האפנונגסלאז מיט דער האנט). ער פארט קיין אמעריקע. דער ברודער האט אים געשיקט א שיפס־קאר־טע. א ווייטאג צו רעדן. (טרויעריק). אזויפיל געהאפט, געווען א ייד א סוחר, אן אידעאליסט, געוואלט זיין אין ארץ־ישראל, אן אייגן לאנד, עס וועט צוהאלטן די קינדער. און וואס?

מיכל: — (טרייסט אים). עס מאכט נישט, ר׳ זאנוויל, מיר קו־מען, זיי פארן אוועק. איר ווייסט דאך, אז די וועלט איז קיי־לעכדיק און דרייט זיך.

ר׳ זאנוויל: — (ביטער). אבער צו וואס פארן זיי? ווו איז דען בעסער? און וואס וועט זיין מיט דער קאלאניזאציע? מיט אונ־זער גאנצער ארבעט? מיר ווילן דאך בויען. (פארגראבט זיין קאפ).

מיכל: — (טויב). מען דארף נישט, ר׳ זאנוויל. מיר זענען נישט די ערשטע און נישט די לעצטע. איר ווייסט דאך, אז ווי נאר די קאלב הויבט אן עסן גראז, אזוי פארלאזט זי די מוטער.

בערל: — (טרייסט אים אויך). וואס איז מיט אייך, ר׳ זאנוויל? מיר זענען דאך אויך געווען אזוי צו אונזערע עלטערן, און אונזערע עלטערן צו זייערע עלטערן. איר זייט דאך א קלוגער ייד און נעמט זיך אזוי צום הארצן. ווי זייט איר דען געווען צו אייערע עלטערן?

ר׳ זאנוויל: — מיר זענען דאך געווען אין רוסלאנד, נישט אין ארץ־ישראל. (ברעכט צוזאמען). אבער בלייבן אליין, בלייבן אליין.

מיכל: — עי, ר׳ זאנוויל, אנדערע וועלן קומען. דאס יידישע פאלק איז נאך גענוג שטארק. אויף איין אוועקגעפארענעם וועלן קומען צען אנדערע.

בערל: — און ביי אייך בלייבט דאך רבקה.

ר' זאנוויל: — (גייט אין שטוב). רבקה? אָבער זי איז דאָך א מיידל. (גייט אַריין).

מיכל: — (בורטשעט). נאָך איינער. (עס הערט זיך א פייפן פון די וועכטער. בערל ענטפערט. אסתר און יחזקאל קומען אַריין).

יחזקאל: — אָפּגעפירט דעם אראבער. שלמה איז געשטאַ אין דער היים. (קוקט זיי אָן). וואָס איז מיט אייך?

בערל: — (זיפצט אָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט פון זיך עפּעס אַראָפּגעוואָרפן). ווו איז שלמה?

יחזקאל: — איך ווייס נישט.

בערל: — מען דאַרף זיך היטן.

מיכל: — היינט וועט גאָרנישט זיין.

יחזקאל: — אויף די וועגן איז נישט רואיק.

מישע: — (ווי די ווערטער וואָלטן אים אויך אויפגעוועקט). שטענדיק אַזוי. דער טאַטע קלאָגט. די קינדער פאָרן אוועק, — אידעאַל. די קאָלאָניסטן ווילן נישט העלפן די וועכטער — אידעאַל. און וואָס איז פון דעם? עך, מען דאַרף גיין.

מיכל: — און וואָס ווילסטו, בונדיסט איינער? וואָס ווילט זיך דיר און וואָס ביסטו געקומען אַהער?

מישע: — (קוקט אים אָן און פרעגט שאַרף). זאָג מיר, אַלטער, וויפל זענען געבליבן אין ארץ־ישראל פון די, וואָס זענען געקומען מיט דיר אין איין צייט?

מיכל: — וויפל? (מיט כעס). נו יאָ, זיי זענען געווען אַזעלכע, ווי דו. אויף די באַריקאַדן וועט איר גיין, אָבער נישט אַרבעטן אין פעלד.

מישע: — פאַר וועמען? צו וואָס?

מיכל: — פאַר וועמען? צו וואָס? פאַרן 'פאָלק, פאַרן לאַנד. פרעגט דער רוס, דער פראַנצויז, אַזאַ פראַגע? נאָר וואָס רעדן ביי אייך, שיינע ווערטער, פיינע רייד, אָבער נישט ליידן א לאַנגווייליקן אַלטעגלעכן ליידן אין אַרבעט. און איבער דעם פילאָזאָפירט איר און וויינט. און צעלויפט זיך פון דאַ־

נען. וואָס האָט איר געטאָן און וואָס טוט איר פאַר ארץ־ישׂ־ראל?

מ י ש ע : — און דו, אַלטער, וואָס האָסטו געטאָן? וואָס טוען אַט די אַלע? האָט איר עפּעס אויפגעטאָן?

מ י כ ל : — מיר? יאָ, מיר האָבן אויפגעטאָן. אַט זעסטו, אַט די אַלע קאָלאָניעס, אַט דעם גרויסן ישוב, אַט דאָס איז אונזער אַרבעט. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז ווייניק, זענען מיר אויך נישט שולדיק. מיר זענען אויך נישט דער פאַסנדער דור, וואָס זאָל זיך קאָנען מקריב זיין פאַר זיין פאָלק און לאַנד. (פאַרטראַכט). און די אַראַבער? דאָך געוועזענע יידן. זיי פאַרשטייען אונז נישט. צו לאַנג זענען מיר געווען אָפּגעריסן פון דעם לאַנד. (פויזע). און מיר אַליין פאַרשטייען זיך?

מ י ש ע : — (לאַכט סאַרקאַסטיש). דער אייביקער אַלטער פּאַנטאַזיאָר. מילא, איך בין אַ בונדיסט. אָבער בערל, יחזקאל, אסתּר?

י ח ז ק א ל : — נישטאָ וואָס צו רעדן. יעדער דאַרף קעמפן פאַר זיין לאַנד. דו זעסט אַט די בערג? ווען איך זעץ זיך אויף מיין שקאַפע, פאַרוואַרף דעם ביקס אויף די אַקסלען און טו זיך אַ לאָז איבער די טאָלן און פעלדער אַזוי, אַז דער ווינט זינגט מיר די אַלטע גרוזינער לידער פון די ניעכאַטשעוואַנער בערג, דאַן פיל איך, אַז דאָס איז מיין לאַנד, מיינע בערג און אַך און ווייז איז צו דעם, וועמ׳ עס וועט מיר זיך שטעלן אין וועג.

מ י ש ע : — און דו, בערל? פאַרוואָס שווייגסטו?

ב ע ר ל : — נישטאָ וואָס צו ריידן. דאָ איז אונזער לאַנד, אונזערע קבֿרים, אונזער געשיכטע...

מ י ש ע : — (שלאָגט איבער). לאָז צורו געשיכטע. זאָג מיר, וואָס האָסטו אויפגעטאָן און וואָס טוסטו אויף פאַרן פאָלק, פאַרן לאַנד, פאַרן אידעאַל?

ב ע ר ל : — דאָס אינטערעסירט מיך נישט. די ערשטע צייט, דאָ אין ארץ־ישׂראל, האָב איך געטראַכט וועגן דעם. אָבער איצט טראַכט איך שוין מער נישט. דאָס לעבן איז שטאַרקער פון

אונז. איך בין א וועכטער, א יידישער וועכטער. איך היט, אז מען זאל נישט גנבענען. און וואס דארפסטו נאך?

א ס ת ר: — (מישט זיך אריין). און וואס ביסטו דאס פאר א בריגער, מישע? און וואס טוסטו אויף מיט דיינע פראגן? די, וואס פרעגן, האבן דא נישט וואס צו טאן. איך קאך אן פרא־גען, פארגיי די העמדלעך אן פראגעס, קלויב צו די שטוב אן פראגעס, ווייל איך ווייס, אז מיט דעם, וואס איך העלף יעדן פון אייך, ברענג איך נוצן די איבעריקע. דו זאג מיר בעסער, וואס טוסטו דא אויף (קרימט אים איבער) פארן פאלק, פארן לאנד, פארן אידעאל?

מ י ש ע: — (דער געזאנג אין שטוב ווערט אלץ העכער און פריי־לעכער. מישע שווייגט אביסל, הערט זיך איין און פלאצט אויס). אט זיי, זיי ווייסן, וואס זיי ווילן. עס איז פריילעך און לעבעדיק. א פארגעניגן. מען פארט קיין אמעריקע!

מ י כ ל: — (טרויעריק). דו האסט דא געהערט, ווי ר' זאנוויל האט זיך געקלאגט. ער קלאגט, פונקט ווי מיר אלע. ער, מישע, מי־שע, מענטשן אן געטער זייט איר. זאג מיר, מישע, ווער און וואס איז דיין גאט?

מ י ש ע: — (אזוי ווי געצוואונגען צו טראכטן). איך ווייס נישט, אלטער. אט דאס איז דיר דער ריינסטער אמת. אמאל האב איך געהאט א גאט. איך און נאך פיל, ווי איך, דארט אין גלות. מיר, ארבעטער, האבן געהונגערט, געקעמפט און גע־שטארבן. אבער דא? אט די בערג האבן מיין גאט צוגענומען און קיין אנדערן נישט געגעבן. און דו, אלטער, ווו און ווער איז דיין גאט? קאן אונז דען געבן א גאט פאר דער צוקונפט די אוראלטע פארגאנגענהייט, וועלכע האט נישט קיין קעגנ־ווארט?

מ י כ ל: — (מיט שרעקלעכן צער). מיין גאט? מיין גאט האט איר צוגענומען. ווען איך קוק אויף אייך, אזעלכע יונגע און געזונטע, און דערמאן זיך און לעב דורך מיינע יונגטיארן, דאן זע איך, אז מיין גאט האט איר אויך צוגענומען. אמאל, מיט יארן צוריק, מיר זענען דא געווען נאר איינצלנע, האבן

מיר רען געזוכט געטער? מיר האָבן געאַרבעט און די אַרבעט איז געווען אונזער גאָט. און איצט? איצט בין איך אַלט, וואָס קאָן איך טאָן? און איר? איר זייט נאָך עלטער פון אונז און מיר דוכט זיך, אַז איך זע פאַר זיך אַלטע, אַלטע מענטשן, ביי וועמען דאָס בלוט איז ווי וואַסער.

יחזקאל: — (דרייט זיך די גאַנצע צייט אומגעדולדיק). צום טייוול! וואָס האָט איר זיך אויסגעשטעלט קלאָגן, ווי די אַלטע ווייבער ביים כותל המערבי? צו אַלדי שוואַרצע יאָר! און דו אויך, מיכל!? וואָס איז מיט דיר געוואָרן? וואָס מיר גאָט, ווען מיר גאָט? (קרימט זיי נאָך). מיין גאָט, דיין גאָט. איך ווייס נישט, איך האָב נישט קיין גאָט. טפוי זאָל דאָס ווערן. (מישען): ווער אָקאַרשט אַ וועכטער, וועסטו גלייך געפינען דיין גאָט. עך וואַלאַי ליאַזים! פילאָזאָפן זייט איר, נישט קיין וועכטער! ווען איך האָב דאָ אַ פּאָר גרוזינער חברה, וואָלט מען שוין נישט געטראַכט פון אַזעלכע זאַכן. צום טייוול! קום, אסתר, מיר וועלן אַרומגיין די קאָלאָניע, איך קאָן נישט שטיין מיט זיי. (כאַפּט די אונטערן אָרעם און גייט אַוועק. זיי קוקן זיי נאָך. פון שטוב הערט זיך אַ ליד, וואָס גיסט זיך צונויף מיט יחזקאלס ליד, וועלכער האָט אָנגעהויבן זינגען, ווי נאָר ער איז אַוועק אין דער נאַכט. דאָס ליד ווערט ביסלעכווייז פאַרלאָרן אין דער נאַכט):

גיב מיר מיין פערד,
גיב מיר מיין פערד,
ווי דער ווינט איז ער פלינק אין די בערג.

גיב מיר מיין שווערד,
גיב מיר מיין שווערד,
ווי דער שאַרף פון אַ בליץ איז דער שטאָל.

באַפאַלן זענען מיך צוואַנציק,
באַפאַלן זענען מיך צוואַנציק,
מיין קאַמפס־געשריי האָט זיי פאַרטריבן.

איינער אויף צוואַנציק,
איינער אויף צוואַנציק,
דעם רוויב שיקט מיר נאָט אויף די וועגן.

(מישע, בערל און מיכל הערן זיך איין. מישע שאָקלט מיטן קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט נישט צוגעשטימט צו דעם ליד. מיכל ווערט פריילעכער, מוטיקער. בערל איז פאַר־טראַכט. פון שטוב הערט זיך אַ פריילעכער טומל. עס קומט אָן אַ יונגער קאָלאָניסט, וואָס גייט צום נשף).

בערל: — מען דאַרף נישט. מיכל, גענאַנגען. (פאַרשווינדן אין דער נאַכט. מישע גייט אַוועק און קערט זיך אום מיט אַ רעוואָלווער ביי דער זייט. בלייבט שטיין, איינהערנ־

בערל: — אַזוי שפּעט?

דער קאָלאָניסט: — עס מאַכט נישט. וואָס שטייט איר דאָ? פאַרוואָס גייט איר נישט אַרויף?

מישע: — (טוט אַ לאַך). מיר פאָרן נאָך נישט קיין אַמעריקע.

מיכל: — (שלעפּט אים פאַרן אָרבל). מיר וועלן אויך באַלד אַרויפקומען. (דער קאָלאָניסט גייט אַריין אין שטוב. מיכל צו מישען): וואָס פאַר אַ פליג האָט דיר היינט אַ ביס געטאָן, דו בונדיסט איינער?

מישע: — איך ווייס נישט, אַלמער. עס איז נישט גוט. מען דאַרף גיין פון דאַנען.

מיכל: — וווהין? צו וואָס?

מישע: — איך ווייס נישט. (שפּאַטיש). פרעג בערלען, אפשר ווייסט ער.

בערל: (קוועטשט מיט די אַקסלען). נישטאָ נאָך וואָס צו גיין. (אין דער צייט הערט זיך פון דער ווייטנס איין שאָס נאָכן צווייטן און עפּעס געשריי. זיי כאַפּן די ביקסן און זענען אינגאַנצן אָנגעצויגן איינהערנדיק זיך. פון שטוב רייסט זיך אַרויס אַ הויכער געזאַנג און טופּען מיט די פיס. בערל מאַכט אַן אומגעדולדיקע באַוועגונג. מישע ווייזט אין שטוב־דייט זיין פויסט. בערל רעדט): וואָס קאָן דאָרט זיין? (ווייטער צוויי שאָסן איינער נאָכן צווייטן. עס פילט זיך אַ מורא. בערל): מיכל, גענאַנגען.

מיכל: — ווהין?
בערל: — קום, מיר וועלן זען וואָס דאָרט איז.
מישע: — רופן די איבעריקע וועכטער?
בערל: — מען דאַרף נישט.
מישע: — איך וועל אַריינגיין נעמען מיין רעוואָלווער. וואַרט, איך וועל אויך גיין מיט אייך.

דיך זיך אין יענער זייט, וו מיכל מיט בערלען זענען אַוועקגעגאַנגען. פון שטוב הערן זיך געשרייען און אויסרופן: — די ראַנדאַ! די לעצטע ראַנדאַ — זאָל אמנון טאַנצן אַ האָרע, אַ האָרע. אַלע שיטן זיך אַרויס אין דרויסן. אמנון מיט נאָך אַ פּאָר קאָלאָניסטן און קאָלאָניסטקעס טאַנצן אַ האָרע. אַלע פּאַטשן מיט די הענט אַלץ שנעלער און פעסטער. דער טאַנץ ווערט ווילדער, ביז דאָס פּליעסקען מיט די הענט הערט אויף און זיי טאַנצן נאָך, נאָר ווילד און אין עקסטאַז קלאַפּן זיי מיט די פיס. די איבעריקע האַלטן זיי אונטער מיט זייערע באַוועגונגען. פּלוצלינג רייסט זיך אַריין ווי אַ שאַרפער בייטש דער אויסגעשריי פון אַ פרוי: דער „זאַרטיי". הויבט מען אָן ווייטער זינגען און פּאַטשן מיט די הענט. און אַזוי ווי דאָס וואָלט צעשטערט די הייליקייט פון דעם ראַנדע, צעפאַלט זיך. די זאַנוול, פון פענסטער, שאָקלט מיטן קאָפּ).

אלע: — (שרייען). פיין, טוב מאד. נו, אמנון, שלום, להתראות, להתראות באמעריקע, זאָלסט שרייבן בריוו.

אמנון: — שלום, שלום. מיר וועלן זיך נאָך זען. שלום. להתראות. (גייט אַריין אַ מידער, אַ פאַרשוויצטער אין שטוב. רבקה אין הויז קלויבט צו פון טיש. עס איז שטיל. אַ מאָדנע שטילקייט, אין וועלכער עס איז דאָ אַ מין פחד נאָכן טומל, וואָס איז דאָ פריער געווען. אַ הונט צעוואָיעט זיך פּלוצלינג אין דער נאַכט. אין שטוב זעט מען נאָר רבקהן אַרומדרייען זיך. מישע קומט צו צום פענסטער).

מ י ש ע : — (אין פענסטער). שלום, רבקה.

ר ב ק ה : — וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט? פאַרוואָס שלאָפט איר נישט?

מ י ש ע : — קומט אַרויס, רבקה.

ר ב ק ה : — (ווי נישט הערנדיק). פאַרוואָס זייט איר נישט געקומען אויפן נשף? ווו זענען עס די איבעריקע? דאָ איז געווען זייער פריילעך.

מ י ש ע : — קומט אַרויס, רבקה. לאָזט דאָס איבער. די אַראַבּעס וועט דאָס שוין מאָרגן צוקלייבן.

ר ב ק ה : — (קוועקלט זיך). באַלד, איך וועל נאָר אויסלעשן די לאָמפּן. (עס ווערט פינסטער. זי קומט אַרויס און זעצט זיך אויף די טרעפּ. מישע מיט אַ טרעפּל נידעריקער). פאַרוואָס שלאָפט איר נישט? איר דאַרפט דאָך אַרבעטן מאָרגן!

מ י ש ע : — עס שלאָפט זיך נישט.

ר ב ק ה : — איר פיבערט?

מ י ש ע : — צו ביסלעך, איר האָט נישט מורא, אַז דער מאַמע וועט אויף אייך שרייען? (רבקה שווייגט. מישע רעדט פאַרטראַכט אַזוי גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָבער אין דער זעלבער צייט איז צו מערקן, אַז ער וויל, אַז רבקה זאָל אים הערן) מען דאַרף שוין ווייטער גיין.

ר ב ק ה : — וווהין, מישע?

מ י ש ע : — איך ווייס נישט. מען דאַרף גיין. (פּלוצלינג). אַך, ווי מיר האָט אַלץ דערעסן.

ר ב ק ה : — וואָס איז מיט אייך, מישע? פאַרוואָס זייט איר אַזוי אומרואיק? פאַרוואָס ווילט איר אַוועקגיין? אַט זעט, בערל, מיכל, יחזקאל, אסתר, אַלע זיצן דאָ רואיק, צופרידן, טראַכטן נישט וועגן אַוועקגיין, און וווהין וועט איר גיין? ווו וועט איר איצט קריגן אַרבעט?

מ י ש ע : — מוז מען דען אַרבעטן? און ווי עס ווילט זיך מיר נישט אַוועקגיין פון דאַנען.

ר ב ק ה : — אַט גייט איר און ס'ווילט זיך אייך נישט. פאַרוואָס?

מישע: — (ווי פלוצלינג באַשלאָסן). ווייל איך האָב אייך ליב.
רבקה: — גייט, רעדט נישט קיין נאַרישקייטן.
מישע: — עס איז נישט קיין נאַרישקייטן, רבקה. שוין לאַנג, אַז איך האָב אייך ליב. איך האָב דאָס אייך נישט געזאָגט, ווייל איך ווייס, אַז איר האָט ליב בערלען. אָבער איצט, אַז איך גיי פון דאַנען, זאָג איך אייך.
רבקה: — רעדט נישט אַזוי, מישע. קיינער רעדט נישט אַזוי.
מישע: — אָט דאָס איז עס דאָך. קיינער רעדט דאָ נישט, וואָס ער טראַכט. דאָ רעדט מען נאָר וועגן פאָלק, וועגן לאַנד, וועגן אידעאַל.
רבקה: — קיינער האָט מיט מיר אַזוי נישט גערעדט. (פאַרגראָבט איר פנים). דאָ איז אַזוי אומעטיק.
מישע: — (וואָרעם, און אין דער זעלבער צייט אַזוי, ווי מיט זיינע ווערטער האָט ער געזוכט עפּעס אויפצוּוועקן אינם מיידל. סיאיז צו באַמערקן, אַז ער טוט עס נישט באַוווּסטזיניק). רעדט, רבקה, רעדט כאָטש איצט, דאָס מאָל. קאָן זיין דאָס איינציקע מאָל אין אייער לעבן. (פאַרן גוידער הויבט ער אויף איר קאָפּ). רעדט, רבקה. באַלד וועט דאָך קומען בערל, וועט איר דאָך ווייטער דאַרפן ריידן וועגן הימלישע זאַכן.
רבקה: — פאַרוואָס רעדט איר מיט מיר אַזוי וועגן בערלען?
מישע: — (לאַכט מיט וויי). ווייל ער איז דאָך נישט ווי אַלע, אַ מענטש פון דער ערד, ער איז דאָך אַ הימל־מענטש. אַלע זענען אַזוי.
רבקה: — (דערשראָקן). אָבער ווער זייט איר? איר אַרבעט דאָך אויך ביי די קאָלאָניסטן! איר העלפט דאָך זיי אויך וועכטער־ווען!
מישע: — יאָ, איך זייט גערעכט, (צאַרט). אָבער רבקה, איר זייט דאָך אויך נישט ווי אַלע. פאַרוואָס זיצט איר שטענדיק אין פענסטער און אין די אָוונטן גייט איר נישט, ווי אַלע, אויפן בערגל?
רבקה: — איך ווייס נישט. קיינער האָט מיך דאָ נישט געפרעגט וועגן דעם. און דאָ איז דאָך אַזוי אומעטיק.

מ י ש ע : — איך איז אומעטיק? פאַרוואָס? איר זייט דאָך נאָך אַזוי יונג. דאָס גאַנצע לעבן מיט אַלע זיינע פאַרגעניגנס, צרות און לײדן, איז דאָך אָפן פאַר אייך.

ר ב ק ה : — דאָס גאַנצע לעבן... פאַרגעניגנס... וואָס איז דאָס אַזוינס? קיינער האָט נאָך מיט מיר נישט גערעדט וועגן דעם...

מ י ש ע : — יאָ, רבקה. עס איז דאָ אַ לעבן מיט אַ ים לײדן און צרות. איר, רבקה, איר זייט די גליקלעכסטע. ווו האָט איר געזען אַ יידישע טאָכטער זאָל האָבן אַ היים, זאָל האָבן אַ לאַנד, זאָל האָבן אַ פאָלק? איר האָט דאָס. ביי אייך איז דאָס נישט קיין אילוזיע.

ר ב ק ה : — איך פאַרשטיי נישט, וואָס איר רעדט צו מיר.

מ י ש ע : — (וואַרעם). איר זייט די גליקלעכסטע אין דער וועלט, רבקה. איר האָט נישט קיין ספקות. אַלץ, וואָס איר זעט האָט איר אָנגענומען אָן ספקות, אָן צווייפל, אָן פראַגעס, ארץ־ישראל איז אונזער לאַנד — פאַר אייך איז דאָס זעלבסט־פאַרשטענדלעך. מיר אַלע מוזן בויען ארץ־ישראל — ווי קאָן דאָס נאָר זיין אַנדערש. איך פרעגט נישט, ווי אַזוי. איר ווייסט נישט, אַז אין דער וועלט גייט אָן אַ גרויסע מלחמה פון די, וואָס בויען אַלץ מיט זייערע אייגענע הענט, מיט זייער שווייס און בלוט, מיט די, וואָס האָבן דאָס געלט, טוען גאָרנישט און ווילן זיין די בויער מיט יענעמס שווייס, מיט יענעמס בלוט. אַ וועלט איז אויפגעבויט געוואָרן און די בויער זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער, נויט און קראַנקהייטן.

ר ב ק ה : — (פאַרטראַכט, דערשראָקן). מען זאָגט, אַז חאַרוזאָן, וועלכער האָט זיך אויפגעהאָנגען, האָט געלאָזן אַזאַ בריוו, וואָס האָט אויך גערעדט פון אַזעלכע זאַכן. בערל האָט דאָס מיר קיינמאָל נישט דערציילט.

מ י ש ע — בערל האָט דאָס אייך קיינמאָל נישט דערציילט? ער וועט אייך קיינמאָל נישט דערציילן. זיי זאָגן, אַז דאָ דאַרף מען פאַרגעסן פון גלות, דאָ דאַרף מען אָנהויבן אַ ניי לעבן. אָבער וואָס פאַר אַ לעבן, ווייסן זיי דאָך אַליין נישט. חאַרזאָן? יאָ, איך ווייס, פאַרוואָס חאַרזאָן האָט זיך אויפגעהאָנ־

גען אויף דעם נידעריקן בוימל, אַז ער האָט אויך געדאַרפט אונטערבויגן די פּיס, כּדי ער זאָל געקאָנען ווערן. (גלעט איר פּנים). דערזאַן האָט געליבט אַ מיידל, ער האָט געליבט דאָס לאַנד מיט פּשוטער, ערדישער ליבע און צו אים האָט מען גערעדט וועגן שיינע מעשיות, וועגן הימל־זאַכן. (רבקה וואַרפט זיך אָפּ). זיי האָבן זיך דאָ פאַרשלאָסן אין אַ שאַלעכץ, וואָס הייסט יידיש לאַנד, יידיש פאָלק און ווייטער ווילן זיי נישט וויסן פון גאָרנישט. די קאָלאָניסטן פאַרדינען פון דעם. אָבער מיר? וואָס האָבן מיר פון דעם? גייסטו ווען עס איז אַרויס מיט אַ מיידל שפּאַצירן, דערציילט זי דיר גלייך, אַז זי טוט עס לשם ארץ אבות. און ווען דו ווילסט אויסדינגען ביי אַ קאָלאָניסט נאָך אַ פּאָר פּיאַסטער פאַר דיין אַרבעט, איז גלייך — לשם אידעאַל. אַ צום טייוול זאָל דאָס גיין! (האַקט אָפּ און הערט זיך איין צו די טריט און שטימען, וואָס האָבן זיך דערהערט אין דער נאַכט).

רבקה: — צו וואָס רעדט איר מיט מיר אַזוי?

מישע: — איך ווייס נישט.

רבקה: — אָבער איך ווייס. איר ווילט זיך אַרויסווייזן גרעסער פון די איבעריקע.

מישע: — עס קאָן זיין.

רבקה: — איר ווילט (האַקט אָפּ).

מישע: — רעדט, רעדט, האָט נישט קיין מורא, זאָגט, אַז איך וויל זיי מאַכן צו קליין־געלט און איך זאָל ווערן דער העלד. זאָגט, שעמט זיך נישט. (רבקה כאַפּט אים אָן, אַזוי ווי מיט דעם וואָלט זי אים געוואָלט מאַכן שווייגן. אָבער ער רעדט ווייטער) און פאַרוואָס נישט? צוויי מענער און איין פרוי. אָבער צו וואָס דערצייל איך אייך דאָס?

רבקה: — (כמעט זי וויינט). מישע, וואָס ווילט איר פון מיר? איך פאַרשטיי אייך נישט.

מישע: — (שאַרף). איר פאַרשטייט נישט, ווען מען רעדט צו אייך פּשוט יידיש? איר דאַרפט מען זאָל אייך דערציילן שיינע מעשהלעך אין העברעאיש.

רבקה: — נישט דאָס, מישע. עס איז אַזוי מאָדנע. עפּעס פיל זאַכן זעען מיר איצט אויס אַנדערש. (פאַרטראַכט). און וואָס איז אונזער לעבן? אָדער מעלק די קו, אָדער זיץ אין פענסטער.

מישע: — יאָ, רבקה, איך ווייס, פאַרוואָס איך איז אומעטיק. איר ווייסט, רבקה, אַז דאָרט אין דער גרויסער וועלט, אין די גרויסע שטעט, ווערט געבויט אַ גרויס לעבן, פון וועלכן איר ווייסט נישט. און אין יענער וועלט איז אַזעלכער, ווי איר, נישט אומעטיק, ווייל זי אַרבעט, זי אַרבעט נישט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר אַלעמען, פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. יעדער, אויב ער וויל נאָר, געפינט די אַרבעט, צו וועלכער ער איז צוגעפּאַסט.

רבקה: — רעדט, מישע, רעדט.

מישע: — יאָ, דאָרטן ווערן פיל צעטראָטן פון לעבן. אָבער די שטאַרקערע האַלטן אויס און שאַפן אַ נייעם דור, פאַר אַ ניי לעבן, פאַר אַ נייער מענטשהייט. ווי אויף אַ פאַרוואָרפענעם אינזל לעבן מיר דאָ. אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, און ווי ווערים קריכן מיר אַרום איינער איבער דעם צווייטן, טרייסטנדיק זיך, אַז מיר טוען עפּעס, אַז מיר שאַפן עפּעס. דאָ האָבן מיר נישט צו טאָן מיט דער קעגנוואַרט און אויך נישט מיט דער צוקונפט, נאָר מיר טרייסטן זיך מיט דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס איז פאַר אונז נישט מער, ווי אַ פאַר־שוווּנדענער חלום. (אין שטוב הערט זיך הוסטן. עס באַווייזט זיך ר׳ זאַנוול אין די נאַכט־קליידער).

ר׳ זאַנוול: — וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט?

רבקה: — איך זיץ דאָ מיט מישען.

ר׳ זאַנוול: — גיי אַריין אין שטוב. נישט שיין צו זיצן אַזוי שפּעט (פאַרמאַכט די פענסטער. רבקה שטייט אויף און וויל אַריינגיין אין שטוב. מישע נעמט זי אָן פאַרן האַנט).

מישע: — זיצט, רבקה, נאָך אַ ביסל. נאָך אַ פּאָר טעג און איך גיי דאָך אַוועק פון דאַנען. (רבקה קווענקלט זיך און ווייס נישט, וואָס צו טאָן: בלייבן אָדער נישט, ווי עס האָבן זיך

דערהערט שטימען. רבקה כאַפּט זיך אַריין אין שטוב. מישע ווערט פאַרשוווּנדן אין דער נאַכט).

יחזקאל: — לויף נישט אַזוי, אסתּר.

אסתּר: — איך לויף דען?

יחזקאל: — וואָס דען, דו גייסט? דו ווייסט, דיינע שיך קאָסטן דאָך דריי בישליקעס. און ווי לאַנג וועלן זיי האַלטן, אויב דו וועסט אַזוי לויפן? (יחזקאל און אסתּר קומען אַרויף. אסתּר פאַרזאָרגט קוקט זיך אַרום).

אסתּר: — אָבער פאַרט, ווו איז דאָס בערל?

יחזקאל: — אַלץ בערל און בערל. (ווייזט אָן אונטערן באַל־קאָן). זעץ זיך דאָ, אסתּר. פון דאַנען קאָנען מיר זען דעם גאַנצן וועג, אָבער אונז וועט קיינער נישט זען (זעצן זיך).

אסתּר: — אָבער פאַרט, ווו איז דאָס בערל? פאַר די לעצטע טעג האָט ער דאָך נישט געהאַט אין זיין מויל. ער עסט נישט, טרינקט נישט און שלאָפט נישט.

יחזקאל: — (שפּאָטיש). נו, יאָ, אים ווילט זיך נישט זיין קיין געפּגרטע.

אסתּר: — פאַרוואָס לאַכסטו? איך ווער משוגע אין די נעכט. (פּייפט).

יחזקאל: — (כאַפּט זי פאַרן האַנט). פייף נישט, אסתּר. איך בעט דיך.

אסתּר: — אָבער דאָך, ווו איז בערל? וווהין פאַרשווינדט ער אַלע נאַכט?

יחזקאל: — וואָלטי ליאַזים! אסתּר, זאָג, וויפל וועכטער זענען מיר דאָ?

אסתּר: — וואָס הייסט וויפל? פינף.

יחזקאל: — (אויסגעצויגן). פינף? און איך האָב געמיינט, אַז נאָר איינער.

אסתּר: — (קוקט זיך איין). וואָס איז מיט דיר געוואָרן?

יחזקאל: — אַט דאָס האָב איך דיך טאַקע געוואָלט פרעגן.

אסתּר: — איך בין די זעלבע, וואָס פריער.

יחזקאל: — ניין, אסתּר, דו האָסט זיך שטאַרק געביטן. זע,

ווי דו האָסט פאַרלאָזן די שטוב, וואָס פאַר אַן עסנס דו קאָכסט און וואָס האָסטו פלוצלינג אָנגעהויבן וועכטערן אַלע נאַכט?

**אסתּר:** — וואָס הייסט? איר האָט דאָך נישט ווער עס זאָל אייך העלפן. איר נעמט די אַרבעטער, אָבער איר קאָנט דאָך דאָס נישט טאָן. זיי קאָנען דאָך נישט אַרבעטן ביי טאָג און וועכטערן ביי נאַכט. און איך בין דען אַ שלעכטער וועכטער?

**יחזקאל:** — אָ, יאָ, דו ביסט זייער אַ גוטער וועכטער. אָבער דו קאָנסט דאָך אויך נישט קאָכן ביי טאָג און וועכטערן ביי נאַכט.

**אסתּר:** — זאָרגט זיך נישט, יחזקאל. איך בין שוין געוווינט צו דעם. נישט דאָס מאַכט מיך מיד. וואָס איז עס פאַר אַן אַרבעט אָפּקאָכן עסן פאַר פינף מענטשן? און וואָס איז דען, ווען מען דערשלאָפט נישט אַ פּאָר נעכט? דאָרט, אין גלות, האָט געטראָפן, אַז איך פלעג וואָכנווייז נישט שלאָפן. ביי טאָג אַרבעטן, געווען אַ נייטאָרין, פאַרדינט דריי רובל אַ וואָך, און ביי נאַכט געווען אויף פאַרזאַמלונגען און אַרומגעטראָגן „ליטעראַטור". (פאַרזאָרגט). אָבער וואָס איז דאָ צו דערציילן? בערל איז נאָך אַלץ ישמאַ.

**יחזקאל:** — (פייפט). וואַליי ליאַזים! אסתּר, וואָס פון דיר איז געוואָרן! אין אַזאַ נאַכט זיצסטו און קרעכצסט, פונקט ווי בערל, ווען מען דערמאָנט אים געפערטע. גאָר אַ גלייבע פאָר.

**אסתּר:** — (ציטערט אויף). אַ גלייכע פאָר?

**יחזקאל:** — יאָ, אַ גלייכע פאָר. ווען איך זיץ נעבן דיר, פאַרגעס איך גאָר, אַז דו ביסט אַ מיידל, און מיר דוכט זיך, אַז בערל רעדט דאָס. (אַ שאַקאַל צעוויינט זיך אין דער נאַכט). דו הערסט, ווי דער שאַקאַל וויינט? ער גייט איבער די בערג און זוכט. ווייסט, וואָס ער זוכט, אסתּר? ביי טאָג איז ער בלינד און ביי נאַכט זוכט ער די „זי", און דו, אסתּר? אין אַזעלכע נעכט זיצסטו און קרעכצסט.

**אסתּר:** — (פאַרטראַכט). דער שאַקאַל גייט אַרום אין די נעכט.

אַז אײנזאַמער בלאָנדזשעט ער אַרום זײַן לעבן, אַזוי אויך איז בערל. אַלײן גײט ער אַרום מיט זײַן װײ און אומעט.

**יחזקאל:** — און מיר!? װאָס זענען מיר, די איבעריקע װעכטער? אײנזאַמע שטײען מיר אין די נעכט און היטן די קאָלאָניסטן. צי הערן מיר װען אַ מילד, צאַרט װאָרט? װערט בערל קראַנק, פיבער, אַזוי האָט ער שױן געבן זיך אי דיך, אי רבקהן.

**אסתר:** — (טוט זיך אַ כאַפּ). װער? רבקה?

**יחזקאל:** — יאָ, רבקה. און אַלץ איז דאָס געװאָרן איבער דעם געהרגעטן אַראַבער. כאַ־כאַ־כאַ. װעכטער, געקומען בױען דעם ישוב, הױבן דעם ייִדישן כבוד, און אַלײן האָט מען מורא פאַר אַביסל בלוט. זע, צי קלאָגט זיך מיכל, צי רעדט ישראל, נאָר אײן בערל גײט אַרום און װײנט. אי, געפּגרטער, אי בלוט, אי, אי און אי, אי. װאָס װאָלט ער געזאָגט, װען ער װאָלט געװען בײַ אונז אין קאַװקאַז, אין דעם אַאול, װו מיר האָבן געװױנט? און די משערקעסן זענען דאָך נישט קײן אַראַבער. עך װאַלײ ליאַזים! פילאָזאָפן זײַט איר, נישט קײן װעכטער.

**אסתר:** — פאַרװאָס זאָגסטו דאָס נישט בערלען?

**יחזקאל:** — װאָס װעט העלפן? נישט דאָס ערשטע יאָר קען איך בערלען. נישט קײן פּחדן איז ער. (מיט אַ באַהאַלטענער שרעק). און אפשר פילט ער טאַקע עפּעס? מען זאָגט, אַז אַ מענטש פילט פריער, װאָס עס קאָן זיך טרעפן שפּעטער.

**אסתר:** — (טאַפּט אים דעם קאָפּ). זאָג מיר, יחזקאל, דו ביסט געזונט? קײנמאָל האָב איך דיך נישט געהערט אַזױ רײדן.

**יחזקאל:** — עי, אסתר, שטענדיק, װען דו האָסט אױף מיר דײַן האַנט, אַזױ װי אױף בערלען, דאַן דערמאָן איך זיך אויף אונזער אַאול און נאַבאַטשיװאַן. מיר האָבן דאָרט געהאַט װײַנגערטנער, אױך פערסיקעס זענען דאָרט געװאַקסן. (פּלוצלינגע רציחה). עך װאַלײ ליאַזים! די אַראַבער זענען גערעכט, װען זײ רופן אונז געפּגרטע. זע, מיר בײדע זיצן און פילאָזאָפירן אין אַזאַ נאַכט, בערלס אָרט פאַרנומען.

אסתר, הער אויף צו פילאָזאָפירן. אסתר, קום נעענטער צו מיר. דו זע, ווי קאַלט ס'זענען דיינע הענט. ווי בלאַס ס'איז דיין פּנים. אסתר, קום, מיט מיר אינאיינעם וועסטו ווערטער־ווען. איך וועל דיר קויפן אַ פערד אויף אויסצוצאָלן, אַ קליי־נעם „מאַרטין" וועל איך דיר שענקען. אַך, אסתר, ווי גוט עס וואָלט אונז געווען. אונז וואָלטן שוין די אַראַבער נישט גערופן די געפגרטע.

אסתר: — ניין, יחזקאל. איך קאָן נישט גיין מיט דיר.

יחזקאל: — פאַרוואָס?

אסתר: — איך ווייס אַליין נישט. (טרויעריק). פון דעם ערשטן טאָג, וואָס איך בין געקומען אַהער, איז דאָס מיט מיר גע־וואָרן. שטענדיק ווילט זיך מיר גיין מיט בערלען. פון קיין איין ווערטער טראַכט איך נישט אַזויפיל, ווי פון בערלען. ווען ער גייט אַרויס אין דער נאַכט, דאַן ווילט זיך מיר אים נאָכלויפן, נישט לאָזן גיין. (פאַרחלומט). ווי גוט עס ווערט מיר, ווען איך זע אים נעבן זיך, קוק אין זיין געלן פּנים. דו ווייסט, יחזקאל, פיל מאָל ווילט זיך מיר אַזוי צוביינדן בערלען צו זיך, אַז ער זאָל קיינמאָל נישט אַוועקגיין. (יחזקאל פייפט און הויבט אָן שטיל זינגען אַן אַראַביש לידל).

אויפן שפּיץ באַרג בין איך געשטאַנען,
דיין נאָמען, דו שיינע, גערופן.
פון מיין שטימע האָבן די בערג געציטערט.
אויף מיין רוף האָט דער ווידערקול געענטפערט.

(ער ווערט אַנטשוויגן, פייפט נאָך אַביסל. אַ שווערע פּיינ־לעכע שטימונג, עס הערט זיך טריט. יחזקאל שפּרינגט אויף, גרייט צו שיסן און פרעגט):

יחזקאל: — מין האדא?

מיכלס קול: — סאַכעב. (יחזקאל לאָזט אַראָפּ די ביקס,

מיכל קומט אָן און מען זעט, אַז ער איז זייער אומרואיק).

מיכל: — איר האָט נישט געזען בערלען?

אסתר־יחזקאל — ניין, וואָס איז דען?

מיכל: — ווען איר זייט אַוועקגעגאַנגען, בין איך געבליבן מיט בערלען, ווי מיר האָבן דערהערט אַ פּאָר שאָסן און עפּעס געשרייען. מיר האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָס איז און מיר זענען אַוועק זען, וואָס דאָרט איז. און עס האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז דאָס האָבן די פּאָסטוכער ביי די פערד געשאָסן. איך האָב גערופן בערלען, מיר זאָלן גיין צוריק, אָבער ער האָט מיך נישט געפאָלגט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל זיך אונטערגנבענען און מוז זען, וואָס דאָרט קומט פאָר. אַ שטיק משוגענער, אַלע שלאָפן דאָך דאָרט. (ווייטער האָט אויסגעבראָכן אין דער נאַכט אַ שיסעריי. מיכל בייזערט זיך). צו אַלדי שוואַרצע יאָר, קאָנען זיך נישט באַרואיקן. וואָס איז דאָרט מיט זיי?

יחזקאל: — (לאַכט). זיי ווילן אָפּשרעקן די גנבים. (אין דער צייט קומט אַרויס מישע).

מישע: — איך האָב דערהערט מיכלען, בין איך אַרויס זען, וואָס דאָ איז. (מיכלען): וואָס איז געווען די שיסעריי?

מיכל: — גאָרנישט. די פּאָסטוכער. אָבער ווו קאָן דאָס איצט זיין בערל?

יחזקאל: — זאָרג זיך נישט פאַר בערלען. (איין־איינציקער שאָס. אַ הונט צעוואָיעט זיך. אַנגעצויגן, אָנגעשטרענגט הערט מען זיך איין. אסתרן): גיי, אסתר, אַריין אין שטוב.

אסתר: — און איר?

יחזקאל: — מיר ווילן גיין זען, ווו איז בערל.

אסתר: — אויפוועקן די אַרבעטער?

מיכל: — מען דאַרף נישט.

מישע: — איך גיי אויך מיט אייך. (זיי גייען אַוועק. אסתר בלייבט אַליין. אַ ווײלע הערט זי זיך איין און מאַכט אַ פּאָר טריט צום אַוועקגיין, ווי פון די זאַנוולס שטוב רוקט זיך אַרויס

רבקה. נאָכן אַרט פון איר אַרויסגיין, איז צו מערקן, אַז זי האָט זיך די גאַנצע צייט אונטערגעהערט).

רבקה: — אסתר.

אסתר: —ווער איז?

רבקה: — איך, אסתר.

אסתר: — (האַרט אומגעדולדיק): וואָס ווילסטו?

רבקה: — וואָס האָט געטראָפן מיט בערלען? ווו איז ער אַוועקגעגאַנגען? (אסתר שווייגט. רבקה): איך בעט דיך, אסתר.

אסתר: — (ווי פריער): גיי אין שטוב.

רבקה: — אָבער וואָס האָט געטראָפן?

אסתר: — נישט דיין עסק, גיי אין שטוב. לאָזט די וועכטער אַליין. פאַרשליסט זיך. (עס הערן זיך טריט און שטימען. מיכל און יחזקאל צוזאַמען).

מיכל - יחזקאל: — אָבער ווי קומסטו אונטער דער סידרע? וואָס טוסטו דאָ?

רבקה: — (דערשראָקן). וואָס איז דאָרט?

אסתר: — אין שטוב. (האַקט אָפּ. עס קומען אַריין מיכל, יחזקאל, מישע מיט בערלען). ווו האָט איר אים געפונען?

(רבקה כאַפּט זיך אַריין צוריק אין שטוב)

יחזקאל: (לאַכט). געלעגן אונטער דער סידרע און געשלאָפן.

אסתר: — ווי אַזוי האָט איר אים געפונען?

מיכל: — טאַקע אַ ס. שיער נישט געשאָסן אין אים. פאַרביי גייענדיק האָב איך זיך פאַרטשעפּעט אין אים מיטן פוס. געמיינט אַן אַראַבער, און זע בערל. (בערלען): ווי קומסטו אַהער? דו ביסט דאָך נאָר געגאַנגען צום דאָרף.

בערל: — (אַזוי ווי ער איז נאָך פאַרשלאָפן). ווו בין איך? וואָס טוט איר דאָ?

אסתר: — (קומט צו אים צו צאָרט). וואָס איז מיט דיר, בערל?

בערל: — (מאַכט זיך מונטער). גאָרנישט. צוגעלייגט זיך כאַפּן

א חלומל. (פאַרטראַכט זיך). וואָס פאַר אַ מאָדנעם חלום איך האָב דאָס געזען.

יחזקאל: — (ברומט). פילאָזאָפירט שוין ווייטער, וואָלט ליאַ־זים.

אסתר: — קום, בערל, אין שטוב. וועכטעווע נישט מער די נאַכט. דו ביסט דאָך זייער מיד, נאָך גאָרנישט געשלאָפן.

מיכל: — פאָרט, ווי קומסטו אהער?

בערל: — (פאַרוווּנדערט). וואָס פאַר אַ מאָדנער חלום.

יחזקאל: — גיי אין שטוב, בערל, און לייג זיך שלאָפן.

בערל: — (ווען ער רעדט עפנט זיך די טיר ביסלעכווייז אַלץ מער, און ווען ער ענדיקט, קומט אַרויס רבקה). אַזאַ מאָדנער חלום. ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט פון דאָרף, בין איך גע־ווען זייער מיד. איך האָב געהערט, ווי די פאַסטוכער האָבן גערעדט. (אַ ווײַלע שווייגט ער, קוקט זיך אַרום און רעדט). איך בין געווען זייער מיד און זייענדיק רואיק פאַר הייִנטיקע נאַכט, האָב איך זיך צוגעלייגט און אַנטשלאָפן געוואָרן, ווי פלוצלינג האָב איך זיך דערזען אין אַ גרויסן טונקעלן זאַל מיט אַ גלעזערנער וואַנט. געקוקט האָב איך אין דער נאַכט אַריין. שוואַרץ, ווי די נאַכט, און טיף, ווי דער אָפּגרונט, איז זי געווען. אין דער וואַנט האָב איך צוויי ווײַסע פרויען דער־זען. איינע אַ העכערע און די צווייטע אַ נידעריקע. אויך אַ מאַן האָב איך דאָרט געזען. אַ קאָפּ האָט ער געהאַט, דאָס איז נישט געווען קיין קאָפּ. דאָס איז געווען אַ שאַרבן, וואָס האָט גע־לויכטן, ווי זילבער. גרויסע, ווײַסע ציין האָבן אַרויסגע־שטאַרט פון די יאַסלעס און ער האָט געלאַכט. אָך, ווי ער האָט געלאַכט. (קוים וואָס מען הערט. אסתרן): די פרויען ביסטו און רבקה געווען. דער מאַן בין איך געווען. (וואַקלט זיך, אַזוי ווי ער וואָלט פלוצלינג שוואַך געוואָרן אויף די פיס).

אסתר: — (שרייט אויס). בערל, וואָס איז מיט דיר?

רבקה: — (לויפט אַרויס). וואָס איז דאָרט מיט בערלען?

יחזקאל: — עס איז גאָרנישט, רבקה. מען איז מיד פון דער וואָך. שלעפט דאָרט אַרויס דעם טאַטנס אַ פלאַש קאָניאַק.

וועט אפילו בערל אויפהערעז צו דערציילן באָבע־מעשיות.

(דרייט מיטן קאָפּ. רבקה גייט אין שטוב און קערט זיך גלייך אום צוריק און קומט אַראָפּ צו בערלען).

רבקה: — וואָס איז דיר, בערל?

אסתר: — לאָז אים אָפּ!

בערל: — (וווּנדערט זיך). אַזוי שפּעט! ווי קומסטו אַהער?

יחזקאל: — (גיט אים די פלאַש). כאַפּ אַ זופּ, וועסטו אויפהערן זיך — די וואַנט, מיטן קאָפּ, מיט די פּרוּווען.

רבקה: — (לאָזט נישט ענטפערן). דו ביסט מיד, בערל. לייג זיך צו ביי אונז אויפן באַלקאָן. איך וועל דיר אַרויסטראָגן עפּעס אונטערצוּבעטן.

אסתר: — (ביי זערט זיך אויף יחזקאלען, אָבער זי מיינט רבקה) לאָזט אים צורו. אין אַזאַ נאַכט טאָר ער נישט שלאָפן אין דרויסן. ער וועט נאָך ווייטער אָנהויבן פיבערן, ער וועט גיין אין שטוב.

יחזקאל: — (בורטשעט). בײַדע, וואָלט ליאַזים.

בערל: — (ווערט זיך פון זיי). וואָס ווילט איר פון מיר? איך בין נאָך נישט קראַנק, וואָס איר ווילט מיך אַוועקשיקן אין שטוב.

יחזקאל: — (מיט אַ צעווייטיקטן שפּאַס). זייער רעכט אויף דיר. קוק נישט אין גלאָז, וועסטו נישט זען קיין פּרוּוען.

רבקה: — (טאַפּט בערלס קאָפּ). אָבער זע, ער האָט דאָך היץ.

אסתר: — נישט דיין דאגה. (האַקט אָפּ, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט צופיל גערעדט, אָבער נישט געדאַרפט אַזוי ריידן, איז זי אין כעס אויף זיך אַליין און בעט יחזקאלען) קום, יחזקאל, מיר וועלן אַרומגיין די קאָלאָניע. עס איז שוין ווייט נאָך האַלבער נאַכט און מיר שטייען דאָ.

מיכל: — (קומט און נעמט אַרום אסתרן). אסתר?

אסתר: — (פאַלט צו אים צו). אַלטער, אַלטער.

מיכל: — (גלעט זי, וואַרפט איבער איר קאָפּ בליקן צו מישען, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געמאַכט מאָדנע באַוועגונגען, אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס קאָן זיך נישט באַשליסן

שטיין אָדער אַוועקגיין). אסתּר, נעם מיט זיך מישען און גיי טראָג ארוים עפּעס צו עסן. איך בין זייער הונגעריק. און איילט זיך נישט. איך מיט יחזקאלען וועלן ארומגיין די קאַלאָניע. (אסתּר מיט מישען, יחזקאל און מיכל גייען אַוועק).

רבקה: — (בערלען). פאַרוואָס איז אסתּר ברוגז אויף מיר?

בערל: — זי איז נישט ברוגז. (פאַרטראַכט). אָבער דאָך, וואָס איז דאָס געווען?

רבקה: — קום, זעץ זיך צו. דו ביסט דאָך אַזוי מיד. איך וועל דיר אַרויסטראָגן אַן אָבאַיע און דו וועסט זיך גאָר צולייגן. (זי לויפט אַריין אין שטוב און טראָגט אַרויס אַן אַראַבישן מאַנטל. בערל זעצט זיך אויף אים. רבקה נעבן אים). דו ווייסט, בערל, היינט האָט מיר מישע דערציילט עפּעס אַזעלכע זאַכן, וואָס איך פאַרשטיי גאָר נישט.

בערל: — מישע? וואָס האָט ער דיר דערציילט?

רבקה: — ער האָט מיר דערציילט פון אַ גרויסער וועלט, וווּ מענטשן לעבן און עס איז נישט אומעטיק, וווּ מענטשן בויען אַ נײַ לעבן, ליידן און שטאַרבן. פאַרוואָס האָסטו מיר קיינמאָל נישט דערציילט וועגן דעם?

בערל: — (פאַרטראַכט, צאַרט). יענער לעבן איז נישט פאַר אונז. איך האָב עס שוין פאַרגעסן. מיר האָבן נישט וואָס צו טאָן מיט יענעם לעבן. מיר האָבן דאָ אונזער אייגן לעבן. מיר דאַרפן בויען ארץ־ישראל.

רבקה: — מישע האָט דאָס מיר אויך געזאָגט. ער האָט מיר אויך דערציילט וועגן די אַרבעטער, וועלכע שטאַרבן פון הונגער. ער האָט...

בערל: — (שלאָגט איבער). מיר דאַרפן פאַרגעסן דעם גלות, אויב מיר ווילן בויען אַ לאַנד. מיר מוזן זיך אויסטאָן פון אונזער פריערדיקן לעבן. אומעטום זענען מיר געווען פרעמדע. קיינער האָט אונז נישט פאַרשטאַנען. די, וואָס האָבן אַ לאַנד, קאָנען נישט פאַרשטיין די, וואָס זענען אָן דעם. (מיכל און יחזקאל קומען אַריין).

יחזקאל: — ער פילאָזאָפירט שוין ווייטער. איך וועל בעסער זיין העלפן אסתּרן. (אָפּ).

בערל: — מישע האָט איר דערציילט וועגן דעם לעבן אין גלות. (מיכל קוקט זי אָן דורכדרינגלעך, אַזוי ווי מיטן קוק וואָלט ער זיך געוואָלט דערגרונטעווען אָט דאָס, וואָס האָט זי אַי־בערגענומען פון מישעס רייד).

רבקה: — (ווי זי פאַרענטפערט זיך). ער האָט מיר געזאָגט, פאַרוואָס מיר פאָרן אַוועק. איך האָב אים נישט פאַרשטאַנען. מיכל, פאַרוואָס דערציילט איר מיר נישט פון יענעם לעבן? אָט פון יענער גרויסער וועלט, וואָס מישע האָט מיר דער־ציילט?

מיכל: — (טרויעריק. אין מיטן זייערע רייד קומען אַריין יחז־קאל און אסתּר און צעשטעלן דאָס עסן אויף דער אַבאַיע). מישע? מישע איז אַ קינד פון גלות. מישע איז נישט אַן אונ־זעריקער. ער איז דאָ אַ פרעמדער. און וואָס האָט מען דאָרט אין גלות? מען ווערט געטריבן פון איין אָרט אויפן צווייטן. מען האָט נישט קיין אָפּרו און וואָס (שאָקלט מיטן קאָפּ). דער גלות האָלט אונז פעסט און ווער ווייסט, אויב ער וועט אונז ווען עס איז אָפּלאָזן. קינדער פון גרויסע שטעט זענען מיר. וו לעבן די אַרבעטער אַזוי פריי, ווי דאָ? ווילסטו אַרבעטן, אַרבעטסטו. ווילסטו נישט, גייסטו שפּאַצירן. דאָ זענען נישטאָ אָט די שמוציקע, פאַרדעמפטע פאַבריקלעך. דאָ איז פרייע פעלד, ברייטער הימל, ריינע לופט. פאַר אונז איז דאָס נישט גוט. מיר ווילן קעמפן. אונזער קאַמף. דער שטילער קאַמף דורך אַרבעט און מיט אַרבעט טוט נישט פאַר איך...

יחזקאל: — (לאָזט אים נישט ריידן מער). גענוג צו פילאָזאָ־פירן, אַלטער. נעם בעסער און מאַך אַ לחיים. דאָס איז די בעסטע זאַך. און אַלטער, וואָס פון דיר איז געוואָרן! (מיכל וויל עפּעס זאָגן, יחזקאל לאָזט נישט). טרינק, טרינק, און ווינטש אונז, אַז מיר זאָלן ווערן פון אייזן, אַזוי, אַז קיין קויל

זאָל אונז נישט נעמען, קיין מעסער נישט שטעכן, קיין נאַבּוט
נישט שלאָגן און בּערל וועט נישט וויינען.

אסתר: — גיס, גיס ווייטער.

יחזקאל: — (בּערלען). נו, זאָג — זאָל מיך דער אר[illegible]בּע־
פּאַטשן, ווען איך וועל אים רופן געפּגרטער.

אסתר: — גענוג שוין צו פּלוידערן.

בּערל: — נישטאָ, וואָס צו לאַכן. נישט אין קיין גוטער לאַגע
געפינען מיר זיך איצט, סיי מיט די קאָלאָניסטן, סיי מיט די
אַראַבּער. לחיים.

מיכל: — און ווו איז עס מישע?

יחזקאל: — אַזוי ווי איר! נישט געוואָלט קומען. געלייגט זיך
שלאָפן. (בּערלען): זאָג מיר נאָר, און וואָס מאַכסטו מיט דיין
זאָרגן און קלאָגן? מיט דעם וועסטו דאָך נישט פאַרהיטן די
קאָלאָניע! (דוּאיקער אסתרן): טרינק, אסתר, און ווינטש, אַז
די וועטשערע זאָל נישט שמעקן מיט רויך און דו זאָלסט
ווערן אַ יינגל און בּערל אַ מיידל. (בּערלען): עך, וואָלי ליאַ־
זים. בּערל, בּיסט גאָר געוואָרן אַן אַלטע יידענע. (רבקהן): יאָ,
רבקה, טרינק אויך אַבּיסל, דו בּיסט שוין אויך בּאַלד געוואָרן
אַ האַלבּער וועכטער. (יענע זאָגט זיך אָפּ).

בּערל: — (לאַנגזאַם). אַן אַלטע יידענע געוואָרן. קאָן מען דען
העלפן מיט דעם?

יחזקאל: — (שאַרף). הער, בּערל, דו מוזט אויך אַ שטיקל
צייט אוועקפאָרן פון דאַנען. אָט דאָס, וואָס דו האָלטסט אין
איין פיבּערן, האָט געמאַכט פון דיר אַ תל.

בּערל: — (נערוועז). דאָ איז נישט דער פיבּער. דו פאַרשטייסט,
אין אַלע קאָלאָניעס איז איצט מיט אַמאָל געוואָרן זייער אומ־
רואיק. בּייטאָג דרייען זיך אַרום אַראַבּער אויף די וועגן,
אויף ישראלן האָט מען געשאָסן, און צו וואָס וועט עס בּרענ־
גען, ווען מיר וועלן נישט אויסהאַלטן. אונזער גאַנצע מי, וואָס
מיר האָבּן אוועקגעלייגט איינצונעמען די יידישע קאָלאָניעס
וועט דאָך זיין ווי אַרויסגעוואָרפן. און די קאָלאָניסטן...

אסתר: — (האַרט). בּערל, פאַרגעס נישט, אַז דו בּיסט דאָ חבר

עלטערער וועכטער, דו פירסט האָך אָן מיט דער וואָך. נעם זיך אין די הענט, זע ווי זיי אַלעמען אנטמוטיקסטו.

**בערל:** — (נאָך אַ שווייגן). וואָס עס דאַרף זיין, וועט זיין. (מיכלען און יחזקאלען): גייט אַרום אַ פּאָר מאָל די קאָלאָניע. ווייזט אויס, אַז איך וועל ווייטער פיבערן. מיר איז עפּעס זייער קאַלט. (וויקלט זיך אין דער אַבּאַיע).

**אסתר:** — (בעט אים). בערל, גיי אין שטוב.

**בערל:** — איך בין נאָך נישט קראַנק. איך בין נאָר מיד און וועל דאָ בלייבן ליגן. (רבקהן): גיי אין שטוב, רבקה. עס איז דאָך שוין שפּעט. ווי דער קאָפּ טוט מיר וויי. (אסתר און רבקה הייבן אָן צוזאַמענצוקלייבן דאָס עסן, וואָס איז איבערגעבליבן, און זיי דערזעען פּלוצלינג, ווי בערל וואַרפט זיך און קרעכצט. ביידע לויפן צו).

**בערל:** — געפּגרטע... אַבו־פּאַרעס... דער מות... רבקה קומט נישט צו גיין. (רעדט מען קען נישט פאַרשטיין).

**רבקה:** — איך וועל גיין רופן אַ דאָקטאָר. מען דאַרף אים אַריינטראָגן אין שטוב.

**בערל** — (ווי פריער). רבקה, פאַרוואָס קומסטו נישט אַרויס?

**אסתר:** — (אויף די קני, בויגט זיך צו אים). איך בין דאָ, בערל.

**בערל:** — (פאַרוואַרפט איין האַנט איבער איר נאַקן). גיי נישט אַוועק פון האַנען, זיי נעמען מיר. איך וועל מיט דיר פאָרן קיין אַמעריקע, צו דיין ברודער. איך וועל נעמען געלט ביי דיין טאַטן.

**אסתר:** — (שפּרינגט אויף). אַמעריקע!? (וואַרפט זיך צוריק צו בערלען).

**בערל:** — (פלוידערט). מיט מיר אינאיינעם וועסטו פאָרן. נישט איך האָב דערהרגעט דעם אַראַבער.

**אסתר:** — (טרייסלט אים). בערל, בערל, וווהין וועסטו פאָרן?

**בערל:** — (ווי פריער). קיין אַמעריקע, מיט דיר, כאַ־כאַ־כאַ. (וואַרפט זיך. אסתר האַלט אים איין, ביז ער ווערט רואיקער.

רבקה וויל אים איינדעקן. אסתר כאַפּט זי אָן פאַר דער האַנט און שלעפּט זי אַפּ).

**אסתר:** — (פאַרביסן). וואָס האָסטו גערעדט מיט בערלען?

**רבקה:** — (צעטומלט). גאָרנישט.

**אסתר:** — גאָרנישט! דו וועסט נישט אַוועקגיין פון דאַנען, ביז דו וועסט מיר נישט ענטפערן.

**רבקה:** — (דערשראָקן). וואָס ווילסטו פון מיר, אסתר? איך האָב מורא פאַר דיר.

**אסתר:** — זי האָט מורא, די קאַלאָניסטישע טאָכטער. (צעלאַכט זיך): און צורייד̈ן בערלען, אז ער זאָל פאָרן קיין אַמעריקע, אונז פאַרלאָזן, האָסטו נישט מורא?

**רבקה:** — ווער? איך?

**אסתר:** — יאָ, דו. (בערל וואַרפט זיך ווייטער. רבקה וויל צולויפן צו אים. אסתר לאָזט נישט). שטיי! נישט פון אָרט! זאָג, וואָס האָסטו גערעדט מיט אים?

**רבקה:** — (בעט זיך וויינענדיק). איך האָב מיט אים גאָרנישט גערעדט. מיר זענען ביידע געזעסן און בערל האָט מיר דער־ציילט א מעשה.

**אסתר:** — א ליגן! וואָס האָט ער דיר דערציילט?

**רבקה:** — (ווי פריער). וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס האָב איך דיר געטאָן? איך האָב אים געזאָגט, אז ער זאָל פאָרן קיין אַמעריקע. דער טאַטע וועט אים געבן געלט.

**אסתר:** — און ער, ער וואָס האָט געזאָגט?

**רבקה:** — ער האָט געפרעגט, אויב איך וועל אויך פאָרן.

**אסתר:** — און דו, וואָס האָסטו אים געזאָגט? פאַרוואָס שווייגסטו? ענטפער!

**רבקה:** — (פאַרגייט זיך אין וויינען). איך האָב אים געזאָגט, אז איך וועל אויך פאָרן.

**אסתר:** — אַזוי, דו וועסט אויך פאָרן, איר ביידע. (גיפטיקן כעס). נישט גענוג איז אייך, וואָס איר שיקט אַוועק אייערע קינדער, ווילט איר נאָך אונזערע אויך מיטנעמען. (בעט זיך). רבקה, איך בעט דיך, גיי אַוועק פון דאַנען, קום נישט מער

צו אונז. זאָל זיך דיר אויסווייזן, אַז דאָ זענען קיינמאָל נישט געווען קיין יידישע ווערכטער. איך בעט דיך, קום נישט מער צו אונז.

ר ב ק ה: — (מאַכט אַ פּאָר טריט). אסתר, אָבער פאַרוואָס טרייבסטו מיך? וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס האָב איך דיר געטאָן? בערל איז דאָך אַזוי קראַנק.

א ס ת ר: — גיי! נישט דו וועסט שטיין נעבן אים! צו דיין ברודער גיי און צו די איבעריקע, וואָס פאָרן אַוועק פון דאַנען!

ר ב ק ה: — וואָס בין איך שולדיק, וואָס אמנון פאָרט קיין אַמעריקע? און וואָס אויך שיינדלס זון פאָרט? (בערל קרעכצט). זע, וואָס פאַר אַ שלעכטס דו ביסט, אסתר. ער וויל דאָך אַ ביסל וואַסער. (וויל צוגיין).

א ס ת ר: — שטיי! נישט אַ טריט מער! דיין טרייסט איז גיפט און דיינע ווערטער — סם! (ווייזט אין שטוב): גיי פון דאַנען! (בערל רעדט פון היץ): רבקה, רבקה.

ר ב ק ה: — (וואַרפט זיך צו אים). איך בין דאָ, בערל! אסתר לאָזט מיך נישט צוגיין, זי זאָגט, אַז איך בין אַ שלאַנג.

ב ע ר ל: — (ווי ער ווייסט, וואָס ער רעדט). ווער? דו ביסט אַ שלאַנג? פאַרוואָס לאָזט זי דיך נישט צוגיין? (פלוידערט).

ר ב ק ה: — (שרייט היסטעריש). בערל, בערל! (ווישט אים אָפּ זיין פנים. בויגט זיך צו צו אים, אַזוי, ווי זי וויל אים אַ קוש טאָן. אסתר שליידערט זי אָפּ מיט איין שלעפּ).

א ס ת ר: — אַוועק פון אים! גיי פון דאַנען! די קאָלאָניסטן האָבן נישט צו טאָן מיט די יידישע ווערכטער. אייער אָרט איז אונטער שטאַרקע שלעסער, אין די וואַרעמע בעטן! גיי!

(רבקה מאַכט אַ פּאָר טריט. בערל רופט: רבקה, רבקה. זי וואַרפט זיך צו אים, אסתר לאָזט נישט).

א ס ת ר: — גיי פון דאַנען! (סיגייען אַריין מיכל מיט יחזקאלען).

י ח ז ק א ל: — וואָס איז דאָ געווען? (אסתר שווייגט און ער קוקט זי אָן שאַרף). אַי אסתר, אסתר.

א ס ת ר: — (צעשרייט זיך). וואָס אסתר, וואָס ווילסטו פון מיר? (מיכל נעמט אַרום אסתרן, טוליעט איר צו זיך. רבקה וויינט

פון דערוויטנס, מיכל רעדט איבער אסתרס קאָפּ.

נעם, יחזקאל, מיר וועלן נעמען בערלען אין שטוב אריין.

(אסתרן): נו געגוג, אסתר, זיי אַ מענטש, אַ וועכטער.

**אסתר:** — אַי אַלטער, אַלטער, ווען דו ווייסט, ווען דו ווייסט?

**מיכל:** — אונז אַלעמען איז נישט בעסער. קום, מיר וועלן נע־מען בערלען. (גייען צו צו בערלען. אסתר הויבט אָן צו קלייבן די זאַכן. רבקה אַ וויינענדיקע פון דערווייטנס. דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם).

## דריטער אַקט

די דעקאָראַציע די זעלבע, וואָס אין צווייטן אַקט. דער זייגער איז ערשט נאָך צען ביינאַכט. די נאַכט איז נישט קיין לבנה־נאַכט. אָבער די ארץ־ישראל־נעכט זענען נישט קיין פינסטערע. די הייזער שלאָפן. די פענסטער זענען אָפן. אין אייניקע זעט זיך פון צייט צו צייט שימערן אַ פייערל פון אַ לאָמפּ און גלייך ווערט נישט. עס איז שטיל. מען הערט נישט דעם געוויינלעכן איבער־ריידן זיך פון די קאָלאָניסטן. די גאַס איז לער און פוסט. ביי די זאַנוועלס שטוב הענגט אַ גלאָק. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זעט מען אַלע וועכטער אַריינגיין איינער נאָכן צווייטן, און איינער פון זיי פרעגט בערלען:

**איין וועכטער:** — אָבער פון וואַנען ווייסטו?

**מיכל:** — וואָס חלומט זיך דיר אָנפאַלן. זייט דו פיבערסט, האָסטו פאַרלאָרן דיין קאָפּ.

**בערל:** — לאָז אָפּ, אַלטער. דו צונגלייך מיט יחזקאלען. איך זאָג דיר, אַז היינט ביינאַכט וועלן זיין אָנפאַלן.

**די וועכטער:** — פון וואַנען ווייסטו?

**בערל:** — מאַכמוד האָט מיר געזאָגט.

**מיכל:** — און דו גלויבסט מאַכמודן? ער איז דאָך אַן אַראַבער. ער זאָגט עס מיט אַ כיוון. וויל אונז אָנשרעקן.

בערל: — איך ווייס עס. אָבער דאָס, וואָס די אַראַבער גרייטן זיך אונז צו באַפאַלן, האָב איך נאָך געוווּסט פריער פון אים.
אליע: — פון וואַנען ווייסטו עס?
בערל: — (מיכלען). די נאַכט, ווען איר האָט מיך געפונען אונטער דער סידרע, בין איך דאָן טאַקע געווען אינעם אַראַבישן דאָרף. (אַ שטומע סצענע. אַלע שטייען פאַרוווּנדערט. אָבער אין דער זעלבער צייט זעט מען אין דעם שטומען שפּילן און בייטן זיך פון די געזיכטער, אַז זיי פרעגן אים: וואָס? ווען? וואָס האָט ער דאָרט געזען?).
בערל: — ווען איך האָב זיך אונטערגעגנבעט אין דאָרף אַריין, האָב איך דערזען אויפן גורן, זיצנדיק אַרום אַ פייערל, אַבו־פּאַרעסן, דעם מוכטאַר און חמעדן מיט זיין ברודער.
א וועכטער: — חמעדי? ער איז דאָך גאָר אין עבר הירדן.
א צווייטער: — וואָס טוט ער דאָ, ער האָט גאָר נישט מורא פאַר די חאַיאַלן?
בערל: — אַז חמעדי איז דאָ, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַבו־פּאַרעס זוכט דאָ עפּעס. איך האָב זיך געוואָלט נענטער אונטערגנבענען, אָבער די הינט האָבן מיך דערשמעקט און איך האָב זיך געמוזט אָפּטראָגן. אין וועג האָב איך אָנגעטראָפן אַ באַנדע אַראַבער מיט אייזעלעך. זיי זענען געפאָרן אין שטאָט, און צווישן זיי מאַכמוד. און זיי אַלע האָבן מיך געוואָרנט וועגן דעם אָנפאַל. זיי זענען פעלאַכן פון סאַביכיע.
יחזקאל: — עך, וואַלי ליאַזים, איך ווייס נישט, וואָס האָבן דיר די אַראַבער דערציילט, אָבער איינס ווייס איך, אַז מען דאַרף זיי אַזוי אָנלערנען, אַז זיי זאָלן דעם צענטן פאַרזאָגן צו מאַכן אַזעלכע שטיק.
מיכל: — (נאָך אַ פּויזע). און דו גלויבסט זיי?
בערל — ווי זיך אַליין.
א וועכטער: — פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען אַזאַ גלויבן?
בערל: — עס איז אַן אַלטע געשיכטע.
אליע: — וואָס פאַר אַ געשיכטע?

בערל: — (אזוי ווי ער וואָלט נישט געוואָלט ריידן). אָ, דאָס איז שוין געווען לאַנג צוריק.

יחזקאל: — דערציייל שוין און צי נישט די עצמות.

בערל: — (פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע). מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט דאָס געטראָפן. אָדער אַ יאָר אַכט. מיר האָבן דאָן צום ערשטן מאָל אָנגענומען צו זײַן וועכטער אין אַ קאָלאָניע. הײַמן ווײַנגערטנער, פּינף און צוואַנציק מענטשן זענען מיר געווען, אָבער ווען מיר האָבן געדאַרפט גיין וועכטעווען, האָט מען אונז געגעבן אַזעלכע ביקסן, וואָס האָבן פֿאַר זיך געזען די מלחמות פֿון סאַליומאָן העם גרויסן. געוויינטלעך האָבן זיך אַלע אַנטזאָגט צו גיין מיט אַזאַ געווער און האָבן פֿאַרלאָזן די קאָלאָניע. נאָר פּינף זענען מיר געבליבן, עס איז אונז נישט אָנגעשטאַנען צו פֿאַרלאָזן די קאָלאָניע. (ער איז אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט פֿאַר זיך אַליין אָרויסרופן יענע צײַט).

אַ וועכטער: — (אויסגוצנדיק זײַן שווײַגן). מיט אַכט יאָר צוריק זענען דאָ שוין געווען ייִדישע וועכטער?

יחזקאל: — (טוט אַ לאַך). וואָס דען? דו מיינסט, אַז דו ביסט דער ערשטער?

מיכל: — דאָס איז דאָן געווען די ערשטע ייִדישע וואַך. בערל האָט זי דאָן אָנגענומען. די קאָלאָניסטן האָבן דאָן מורא געהאַט, אַז די ייִדן וועלן שיסן אַן אַראַבער, האָבן זיי געגעבן אַזאַ געווער. אָבער שאַ.

בערל: — (ווײַטער). מיר זענען געבליבן אין פּינפן. צוויי האָבן באַקומען ווײַנגערטנער און דריי זענען געווען עלטערע וועכטער איבער די אַראַבער. פּינף ייִדישע וועכטער צווישן צוואַנציק אַראַבישע. עס איז געווען שווער. פֿון איין זײַט האָבן מיר געוווּסט, אַז די אַראַבישע וועכטער פֿאַרקויפֿן טרויבן; און מיר קאָנען זיי נישט כאַפּן. זיי האָבן דאָס געטאָן מער חוצפּהדיקער, ווי שטענדיק, כּדי צו באַווײַזן די קאָלאָניסטן, אַז מיר טויגן נישט. נאָך בעסער, זיי פֿלעגן דערציילן, אַז מיר פֿאַרקויפֿן די טרויבן ביינאַכט, און פֿיל האָבן טאַקע געגלויבט

אויך. צווישנס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף די פּאָר יידן, די וועכטער, געוואָלט צונעמען בײַ זיי די ביקסן. די אראַבישע וועכטער אַליין האָבן דאָס געטאָן. האָבן מיר זיי געוואָרנט, אַז דעם ערשטן, וועמען מיר וועלן כאַפּן אויפן גאָרטן פון חעם יידן, וועט דערשאָסן ווערן. האָבן זיי אויפגעהערט קומען צו די יידישע וועכטער. און עס איז געוואָרן רואיק. (אין דער נאַכט האָט זיך צעוויינט אַ שאַקאַל. נאָר אַ שאָס פון ערגעץ האָט אים איבערגעריסן און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. די וועכטער זענען געבליבן שטיין אָנגעשטרענגט, אײַנהערנדיק זיך אין דער נאַכט. נאָר עס איז געווען שטיל).

מיכל: — (באַמערקט). עס איז גאָרנישט. דער ווינט אין די בערג. ערגעץ אַ פאַסטוך האָט אויסגעשאָסן.

בערל: — (דערציילט ווייטער). און ווען בײַ די פּאָר יידישע וועכטער איז געוואָרן רואיק, האָבן מיר באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל כאַפּן דעם גנבעט. און מיר האָבן זיך אַלע דרײַ אויסגעלייגט בײַנאַכט אויף די וועגן אַרום די ווײַנגערטנער. איך ווייס נישט ווי שפּעט עס איז געווען, ווען איך האָב פּלוצלינג דערהערט אויפן וועג אַ האַסטיקן לויפן. אַן אַראַבער. איך האָב אים געפּאַקט. וואָס טוסטו דאָ, ברודער? האָט ער זיך בײַ מיר אָנגעהויבן בעטן, אַז איך זאָל אים באַהאַלטן. דאָס איז געווען מאַכמוד.

די וועכטער: — נו?

בערל: — וואָס נו?

יחזקאל: — (אין כעס). פאַרוואָס איז ער געלאָפן?

בערל: — גאָרנישט. ער האָט צעשלאָגן איינעם אין זיין דאָרף און איז אַנטלאָפן. ווען איך באַהאַלט אים נישט, וואָלט מען אים דערהרגעט.

א וועכטער: — און ווי קומט ער אין גאַליל?

בערל: — אין גאַליל האָט ער דאָך נישט מורא פאַר בלוט. דאָ וועט אים קיינער נישט טשעפּען. און פון דאַן אָן איז ער מיין בעסטער גוטער פרײַנט. ער האָט מיר שוין פיל מאָל אַרויסגעהאָלפן.

יחזקאל: — (מיט שטילער רציחה). אראבישע מנהגים. מיט אונז האלטן זיי נישט פון דעם.

בעריל: — (טרויעריק). מיר זענען יידן. מיר זענען געפּגרטע. מיט אונז דארף מען נישט האלטן די מנהגים פון לאנד. אונז מעג מען טאן, וואס מען וויל, אפילו אונטערוואדפן א הרוג. אט ליגט דאס דארף פון די משערקעסן. וואלטן זיי זיך דאס דערלויבט מיט יענע?

מיכל: — (בארואיקט). נישט געזאָרגט, בעריל. עס וועט גאָרנישט זיין. דו ווייסט דאך, אז דאס איז נישט מער, ווי אראבישע שטיק. זיי ווייסן דאך, אז מיר האבן פאר זיי נישט מורא. נאר וואס דען, צוזעגרייט דארף מען דאך זיין. מען דארף אנזאגן די קאלאניסטן, מען דארף ארויסרופן ר' זאנוויל. דו האסט דאך אים נאך גארנישט געזאגט?

בעריל: — ניין.

יחזקאל: — (אזוי ווי ער וואָלט זיך אליין געשאלטן). אבער צום טייוול! דו וועסט דאך נישט טארן שיסן אין די אראבער, ווען זיי וועלן אונז באפאלן.

מיכל: — דער אראבער וועט אויך אין דיר נישט שיסן. דו ווייסט דאך, אז צום מערסטן טייל שיסן זיי אין דער לופטן. זיי האבן דאך אויך מורא פאר בלוט. גייט בעסער ארום די קאלאניע. אדער ניין, שטייט, איך וועל ארויסרופן ר' זאנווילען און הערן, וואס ער וועט זאגן. (ער גייט צו צו די זאנווילס שטוב און קלאפט אן אין טיר. עס הערט זיך א הוסטן. און די זאנוויל פרעגט הינטער דער טיר):

ר' זאנוויל: — ווער איז דארט?

מיכל: — איך, מיכל.

ר' זאנוויל: — (עפנט די טיר). קומט אריין, ר' מיכל.

מיכל: — א דאנק, ר' זאנוויל. קומט ארויס, מיר האבן אייך עפעס צו זאגן.

ר' זאנוויל: — וואס איז? (גייט ארויס און זעט די וועכטער, ער גייט אראפ צו זיי). וואס איז דא? (אלע שווייגן. מען וואַרט,

אַז בערל זאָל ריידן, אָבער ער שווייגט אויך. די שטילקייט ווערט שווער. צעשטערט זי מיכל).

מיכל: — עס איז נישט געפערלעך, ר' זאַנוויל. עס איז נישטאָ, וואָס צו שרעקן זיך. עס וועט גאָרנישט זיין.

ר' זאַנוויל: — וואָס איז מיט אייך, מיכל? וואָס שטאַמלט איר? (צו די וועכטער). וואָס איז מיט אייך? (מיכלען). וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס איז דאָ? וואָס שווייגסטו, בערל?

מיכל: — (שיסט אויס). מען דאַרף זיך ריכטן אויף אַן אָנפאַל פון די אַראַבער!

ר' זאַנוויל: — ווען?

מיכל: — היינט.

ר' זאַנוויל: — וואָס? וואָס רעדט איר? פון וואַנען ווייסט איר?

מיכל: — מאַכמוד האָט היינט געוואָרנט בערלען. און חמעדי דרייט זיך דאָ אַרום נעבן דער קאָלאָניע.

ר' זאַנוויל: — חמעדי? ער איז דאָך גאָר אַנטלאָפן אויף יענעם זייט ירדן.

בערל: — איך האָב אים געזען מיט מיינע אייגענע אויגן.

ר' זאַנוויל: — (פאַרצווייפלט). מיר האָבן דאָך אַרויסגעשיקט די פערד אין פעלד.

מיכל: — (באַרואיקט). נישט געטומלט, ר' זאַנוויל. מען דאַרף זען, וואָס מען קאָן טאָן. איר זעט די קאָלאָניסטן. מיר וועלן זען די פאָר אַרבעטער, און די אַראַבער וועלן מיר שוין באַגעגענען ווי עס דאַרף צו זיין. עך, ר' זאַנוויל, ר' זאַנוויל, געדענקט איר די אַראַבישע חושות, די ערשטע צייט, ווען מען איז געקומען אַהער? וואָס פאַר אַ שומערייִ מען האָט דאַן געהאַט מיט די אַראַבער? און איצט לאָזט איר אַראָפּ די נאָז.

ר' זאַנוויל: — (אַזוי ווי די ווערטער וואָלטן אים דערמונטערט, געמאַכט פרייל[?]עכער). אָבער די פערד?

בערל: — (יחזקאלען און אַ צווייטן וועכטער). פאָרט גלייך און קערט אום די פערד. זעט, אַז מען זאָל זיי פאַרשליסן אין די שטאַלן. קוקט אַרום די הינטערשטע טירן. זאָגט פאַר קיינעם גאָרנישט. וועקט אויף די אַרבעטער, אויב זיי שלאָפן.

יחזקאל: — און די קאָלאָניסטן?

בערל: — זיי לאָזט צורו, עס איז נאָך פרי. אויב די אראַבער וועלן מאַכן אַן אָנפאַל, איז נישט פריער פון נאָך האַלבער נאַכט. ר' זאַנוויל וועט זיי אַלעמען אָנזאָגן. אָבער מאַכט עס שנעל, שטיל און רואיק, אַז קיינער זאָל גאָרנישט פאַרדעכטיקן. (יחזקאלען). ווו איז אסתר?

יחזקאל: — זי איז געבליבן אין שטוב. זי פילט זיך עפּעס נישט גוט.

בערל: — וואָס איז מיט איר? וואָס איז מיט איר געוואָרן די לעצטע פּאָר טעג?

מיכל: — (ווי ער וואָלט נישט וועלן, אַז מען זאָל ריידן וועגן דעם). גייט, גייט און מאַכט דאָס שנעלער. (די וועכטער גייען, אָבער יחזקאל קערט זיך גלייך אום).

יחזקאל: — וואָס זאָלן מיר טאָן מיט די אַראַבישע פּאַסטעכער?

ר' זאַנוויל: — שיקט זיי אַפּ אין דאָרף.

מיכל: — ניין, דאָס וועט נישט טויגן. זיי וועלן דערציילן, אַז מען האָט זיי אומגעקערט פון פעלד. וועט מען פאַרשטיין, אַז מיר זענען גרייט.

ר' זאַנוויל: — דאָס איז נאָך בעסער. וועלן זיי היינט נישט אָנפאַלן

בערל: — וועלן זיי קומען אַ צווייט מאָל, ווען מיר וועלן זיך נישט ריכטן.

יחזקאל: — מען דאַרף זיי פאַרשפּאַרן אין אַ שטאַל און אוועקשטעלן אַ היטער. מען דאַרף דאָס אָפּפּטרן. מיר טאָרן נישט דערלאָזן, אַז די אַראַבער זאָלן עס אָפּלייגן. מיר קאָנען נישט היטן די קאָלאָניע אונטער דער שטענדיקער געפאַר פון אַן אָנפאַל מצד די אַראַבער.

מיכל: — (ר' זאַנווילען). וואָס זאָגט איר?

ר' זאַנוויל: — (קווענקלט זיך), איך ווייס נישט, זאָלן זיי קומען

מיט די פערד וועלן מיר זען.

בערל: — ווען איר וועט זיך אומקערן מיט די פערד וועלן מיר די פאסטוכער פארשפארן ביי אונז, און אסתּר וועט בלייבן זיי היטן ביז דער אָנפאַל וועט איבערהערן. (מיכל, בערל, ר׳ זאַנוול. מען איז פאַרטראַכט, די וועכטער פאָרן אַוועק. דער ערשטער רייסט איבער ר׳ זאַנוול דאָס שווייגן).

ר׳ זאַנוויל: — אַט דאָס איז די פעולה פון צוואַנציק יאָר אַרבעט. אַן אָנפאַל פון די אַראַבער. פאַרוואָס? פאַר ווען? אַרבעטן זיי דען נישט ביי אונז? גיבן מיר זיי דען נישט צו פאַרדינען? גנבענען זיי דען נישט ביי אונז וויפל זייער האַרץ גלוסט?

בערל: — (ווי ער ענטפערט זיינע אייגענע געדאַנקען). איז דאָ אין דער קאָלאָניע ווען עס איז פאַרגאָסן געוואָרן יידיש בלוט?

ר׳ זאַנוול: — (וואונדערט זיך). וואָס מיינסטו מיט דעם?

בערל: — (ווי פריער). אויב דאָ איז ווען עס איז געהרגעט געוואָרן אַ ייד?

ר׳ זאַנוול: — פיל יידן זענען דאָ געשטאָרבן. איר זעט דאָרט דעם קליינעם בית־עולם? דאָס איז אַ געשיכטע פון צוואַנציק יאָר. די געשיכטע קאָנט איר דאָרט לייענען אויף די מצבות. די ערשטע קברים, נאָר אַ שטיין צו קאָפּנס, אַ פּראָסטער, האַרטער שטיין פון די בערג. די צווייטע קברים שוין אַן אויסגעקריצטע מצבה. די דריטע קברים? די דריטע? ווער ווייסט, ווער און וואָס? פון נעלן פיבער איז מען געשטאָרבן, פון שלעכטע נאַרונג און די אַראַבישע חושות, אָבער נישט אין אַ שלאַכט מיט אַראַבער. פלעגט פאָרקומען אַ קריג, אַ צוזאַמענשטויס, האָט מען געשאָסן אין הימל און נאָך דעם איז געקומען די אַדמיניסטראַציע פון באַראָן און פאַר אַ פּאָר גאָלדענע מטבעות געמאַכט שלום, און עס איז געווען שטיל. די אַראַבער, די גרעסטע רויבער פון זיי, האָבן מיר געמאַכט פאַר

אונזערע היטערס. איצט זייט איר געקומען. און וואָס? היינט וואַרטן מיר אויף אַן איבערפֿאַל. געלט? נישט איר און נישט די אַראַבער ווילן דאָס! פֿאַרוואָס איז דאָס געוואָרן אַזוי? בין איך שוין אַזוי אַלט, אַז איך קען דאָס נישט פֿאַרשטיין?

(מיכלען): אפֿשר וועט איר, ר' מיכל, מיר דאָס אויסטײַטשן?

(מיכל שווייגט). אפֿשר דו, בערל? דו ביסט דאָך פֿון די הייני־טיקע!

בערל: — (אַזוי ווי צו זיך אַליין. אַ גוואַלטיקער צער שטראָמט פֿון זיי. אין דער צייט, ווען ער רעדט, קומט אַרויס מישע און שטייט אין אַ זייט, נישט מישנדיק זיך, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ פֿרעמדער. קיינער קוקט זיך אויף אים אויך נישט אום). אַט דאָס צו פֿאַרשטיין פּרוּוו איך אַליין די גאַנצע צייט און עס איז אומזיסט. מיר און די אַראַבער זענען דאָך איין ראַסע און כמעט איין פֿאָלק, און זיי האָבן אונדז פֿיינט. פֿאַר־וואָס? וווּ ליגט באַהאַלטן די שׂנאה? אָדער עס קאָן זיין, אַז קיין איין לאַנד אין דער וועלט קאָן מען נישט דערגרייכן אָן בלוט ־ פֿאַרגיסן און מיר האָבן דאָ נאָך קיין בלוט נישט פֿאַרגאָסן ביז איצט. די אַלטע צייטן וויל קיינער נישט געדענ־קען און פֿריש בלוט וועלן מיר מוזן געבן אויף דעם מזבח פֿון אַ ניי לאַנד פֿאַר אונדז. עך, גאָט... (ער גיט אַ טרויעריקן שאָקל מיטן קאָפּ, אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס האָט שוין נישט, וואָס צו זאָגן און אין דער זעלבער צייט איז ער פֿול מיט פֿאַרצווייפֿלונג. ער גייט אַוועק, אַנטשולדיקנדיק זיך פֿאַר די צוויי אַלטע). מען דאַרף אַרומגיין די קאָלאָניע. (מישע, אַ שווייגנדיקער, אַזוי ווי זיין טרויער האָט אים נישט געלאָזט צוגיין, איז אויך אַזוי אומבאַמערקט אַוועקגעגאַנגען נאָך אים. מיכל און די זאַנוויל קוקן זיך איבער און זיפֿצן שווער אָפּ, אַזוי ווי זיי וואָלטן נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם און אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך צונויפֿגערעדט, זעצן זיי זיך אַוועק איינער נעבן צווייטן נעבן דער שטוב. צוויי אַלטע מענטשן. ערגעץ אין אַ שטוב צעוויינט זיך אַ קינד. אַ הונט בילט אַ פּאָר מאָל. אַ שאָקאַל צעוויינט זיך אין דער נאַכט און ווערט אַנטשוויגן.

ערגעץ אין דער נאַכט פינטלט אַ פייערל אַזוי ווי אַ פייערדיק אויג, וואָס עפנט זיך און מאַכט זיך צו. און פון דעם וועג, און פון די בערג, הערט זיך אַן איבערקלאַנג פון גלעקלעך פון קעמלען און אַן אויסגעצויגענער ניגון פון אַן אַראַבער. קיין ווערטער הערט מען נישט).

ר׳ זאַנוול: — (זיפצט). אָט דאָ אַמאָל זענען אונזערע עלטערן געווען. דאָ אין די בערג האָבן אונזערע קעמפער מלחמה געהאַלטן און געפאַלן. און וואָס זענען מיר? און וואָס איז געוואָרן פון אונז? אַי, מיכל, מיכל, פיל מאָל פאַרדריסט מיך וואָס איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל לעבן און נישט שטאַרבן. איך וואָלט איצט געווען אין ירושלים, געלערנט אין אַ ישיבה, געגאַנגען אַלע פרייטאָג און ראש חודש צום כותל מערבי און מוטער רחל. מיינע קינדער וואָלטן געווען אַרום מיר. און איצט? איצט בלייב איך אויף דער עלטער אַליין. די קינדער זענען אַוועק אַהין, פון וואַנען איך בין אַנטלאָפן. און איר? אָט די אַלע? די וועכטער? די אַרבעטער? קאָן דען אַ יידישער יונגערמאַן, וואָס האָט אין דער היים נאָר געלערנט, אויסגלייכן זיך אין דער אַרבעט מיטן אַראַבער, וואָס איז פון קליינווייז אויף געוווינט געוואָרן צו דעם? עך, מיכל, מיכל.

מיכל: — (הויבט אָן ריידן דרייסט און האָפעדיק). וואָס איז ר׳ זאַנוול? וואָס איז געוואָרן מיט אייך? אַזוי רעדט דאָס אַ ייד נאָך צוואַנציק יאָר אַרבעט? זעט, וואָס פאַר אַ שיינע קאָלאָניזאַציע איר האָט אויפגעבויט, וואָס פאַר אַ קאָלאָניעס איר האָט אויפגעשטעלט, וואָס פאַר אַ דור איר האָט אַרויסגעבראַכט?

ר׳ זאַנוול: — (אין די ווערטער). צוואַנציק יאָר, צוואַנציק יאָר. (קוועטשט מיט די פּלייצעס). און וואָס איז מיט אייך, ר׳ מיכל? איר זייט דאָך אויך דאָ צוואַנציק יאָר, נאָך מער. איר זייט דאָך דאָ אַריינגעפאָרן מיט אַ שווערד אין האַנט, איר...

מיכל: — (אַזוי ווי די ווערטער וואָלטן צוגענומען זיין דרייסטקייט. שטייט אויף פון אָרט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט באַהאַלטן פון ר׳ זאַנוולען, וואָס ער פילט איצט. מאַכט אַ פּאָר

טריט און קערט זיך אום צוריק אויף זיין פלאַץ, ריידנדיק). און אפשר זענען מיר נישט די פּאַסנדע מענטשן געווען. אפשר זענען מיר געווען צו גרויסע אידעאַליסטן. מיר זענען געפלויגן אין די הימלען און נישט געוואָלט וויסן פון דעם לעבן, וועלכעס איז דאָך, ווי עס ווייזט אויס, שטאַרקער פון אונז, און אין אונזערע קינדער, אינם נייעם דור, איז ער זיך נוקם אין אונז. מיט דער בלויער פּאָן און בלאַנקן שווערד האָב איך געשוווירן, ווען מיין קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן. און איצט זענען דאָרט די קאָלאָניסטן קנעכט ביי דער אַדמיניסטראַציע, און די יוגנט איז איבער דער גאַנצער וועלט צעשאָטן, און אַראַבער האָבן זייער אָרט פאַרנומען. אַמאָל האָב איך געחלומט: מיר וועלן אַוועקגיין אויף יענעם זייט ירדן, מיר וועלן דאָרט פאַרנעמען גרויסע שטיקער לאַנד, מיר וועלן דאָרט באַזעצן יונגע חברה, מיר וועלן זיך דאָרט באַפעסטיקן און ווייזן די אַראַבער, אַז זיי זאָלן זיך רעכענען מיט אונז, ווי מיט די טשערקעסן און די מוהראַבים, און דאַן ערשט וועלן מיר קומען אין יהודה און פאַרנעמען די יידישע וואַך. ווייל דאַן, אויב מען צעקריגט זיך מיט די אַראַבער, וואָלט מען געהאַט אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן און צו האָבן הילף. (ווי פאַרמאַטערט פון זיין אייגענעם אויסגוס איז מיכל געבליבן זיצן אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ מיט דער ביקס אויף דער קני, שעפּטשענדיק שטיל, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך פאַרגעזעצט דערציילן די זאַנוולען פון זיינע אַלטע חלומות און האָפנונגען. אין זיין פּנים ווערט אַלץ ליכטיקער און אַ שמייכל באַווייזט זיך אויף זיינע ליפּן, ווי זיינע זכרונות וואָלטן אין אים צוריק אויפגעוועקט זיין פאַרשוווּנדענע דרייסטקייט. ער האָט זיך אָפּגעוואָרפן אויף צוריק, מיט דער ביקס אַ קלאַפּ געטאָן אין דער ערד און געזאָגט): אָבער דאָך, אונזער אַרבעט איז נישט פאַרפאַלן געוואָרן. עס קומען אָן יונגע, פרישע, געזונטע, וועלכע ענטפערן מיט אַ פּאַטש אויף אַ פּאַטש און מיט דעם כח פון זייער יוגנט וועלן זיי דאָך שאַפן פאַר אונז אַ היים. (מיכל איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און שטעלט זיך אַרומגע־

קוקט אין אַלע זייטן. אויך ר׳ זאַנוול האָט זיך אויפגעהויבן. זיי זענען געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם צווייטן, שמייכלענדיק אַריינגעקוקט איינער דעם צווייטן אין פּנים. דאַן האָבן זיי זיך געגעבן די הענט, אין דער צייט איז אָנגעקומען בערל. דערזעענדיק די אַלטע, איז ער אַ ווײַלע געבליבן שטיין, זיי אָנגעקוקט און דאַן אַ זעץ טוענדיק מיטן ביקס, מאַכנדיק זיך, ווי ער זעט זיי נישט, איז ער צוגעגאַנגען נענטער. ווען די אַלטע האָבן דערהערט דעם קלאַפּ פון דער ביקס, האָבן זיי זיך אָפּגעריסן איינער פון צווייטן).

בערל: — אַן אומגליק מיט שלמהן. ווי אויף צו להכעיס. איצט איז ער אין דער היים נישטאָ און די הינטערשטע טיר פון זיין הויף איז געווען אָפן, נישט פאַרשלאָסן. (ר׳ זאַנוולען). איר ווייסט, ר׳ זאַנוול, מען דאַרף זיין גרייט. רופט אַרויס און זאָגט אָן די קאָלאָניסטן, אַז אויב זיי וועלן גיין מיט אונז וועכטעווען, וועט זיין געווייס גוט. ווען נישט זאָלן זיי זיין גרייט, ביי דעם ערשטן קלינגען פון גלאָק, זאָלן זיי אַרויסלויפן אין גאַס אונז העלפן. (אין דער צייט קומען אַריין די וועכטער מיט די אַראַבישע פּאַסטוכער און אויך מישע. בערל צו די וועכטער): דו, ישראל און יחזקאל, גייט פון יענער זייט, פאַרלייגט זיך אונטער דער סידרע, ווייל פון דאָרט וועלן זיי אָנקומען. איך מיט מישען וועלן גיין ביים וועג צום באַרג, און דו, מיכל, פיר אָפּ די אַראַבער.

מישע: — איך גיי נישט מיט אייך.

אלע: — וואָס הייסט?

מישע: — היינט האָט זיך געענדיקט מיין חודש און איך גיי אַוועק.

אלע: — וווהין? ביינאַכט?

מישע: — וווהין? איז נישט אַלץ איינס? ביינאַכט? וואָס איז דער אונטערשייד?

יחזקאל: — (שפּאָטיש). דו האָסט זיך דערשראָקן? (מיכל האַלט אים אָפּ).

מיכל: — דו ווייסט דאָך, אַז נישט.

יחזקאל: — (מיט אַ שפּעטיש אַנטשולדיקונגס־אויספּראַוו). זע, די אַראַבער וועלן דיך פּאַקן. וועסט נאָך פּאַלן אַ קרבן פאַר ישראל, דו בונדיסט איינער.

מישע: — (טרויעריק). דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב נישט קיין מורא. און די אַראַבער אַרן מיך נישט, וואָרום איז דען נישט אַלצאיינס, וווּ און ווען די אַראַבער וועלן פּאַקן? איך דאָ, צי מיך אין וועג? אין וועג איז נאָך בעסער, וועל איך זיך קאָנען שטעלן אַנטקעגן. איך וועל נישט דאַרפן טראַכטן, אַז איך וועל שאַטן דעם אידעאַל.

מיכל: — אָבער וווּהין גייסטו?

מישע: — איך ווייס נישט.

מיכל: — אומגליקלעכע, אומגליקלעכע קינדער. אין ערגעץ האָט איר נישט קיין רו. אין ערגעץ האָט איר נישט קיין אָרט. עס טרייבט אייך פון איין פּלאַץ אויפן צווייטן.

בערל: — אָבער מישע, דו וועסט דאָך נישט אַוועקגיין, ווען מיר ריכטן זיך אויף אַן איבערפאַל!

מישע: — וועל איך גיין נאָכן אָנפאַל. מיטן מאָרגנשטערן. איך וועל גיין איינפּאַקן מיינע זאַכן און זיין גרייט. (אָפּ. אַ שווערע פּויזע).

יחזקאל: — וואָס זאָל מען טאָן מיט זיי? (ווייזט אויף די פּאַסטוכער).

בערל: — פירט זיי אַוועק און פאַרשליסט זיי ביי אונז אין שטיב אויף איבער דער נאַכט און אסתר וועט זיי היטן. גייט. (אַלע גייען אַוועק. מיכל מיט אַ געבויגענעם קאָפּ פון הינטן. בערל בלייבט אַ ווײַלע אַליין, און מיט אַ מאַך פון קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט פון זיך עפּעס אָפּגעוואָרפן, גייט ער אויך אַוועק. די סצענע בלייבט אַ ווײַלע ליידיק און די נאַכט ווערט אַנגעצויגענער אין דער טויטער שטילקייט. עס קומען אַריין אַ פּאָר קאָלאָניסטן).

איין קאָלאָניסט: — וואָס וויל פון אונז ר׳ זאַנוויל, וואָס ער האָט אונז געשיקט רופן?

צווייטער קאַלאָניסט: — איך וויים? איך האָב געהערט זאָגן, אַז די וועכטער האָבן געוואָרנט ר' זאַנווילען, אַז די אַראַבער וועלן היינט איבערפאַלן די קאָלאָניע. זיי וועלן נעמען נקמה פאַר דעם געהרגעטן אַראַבער.

ערשטער קאַלאָניסט: — נעמען נקמה! פאַרוואָס? מיר האָבן נישט צו טאָן מיט דעם אַראַבער. מיר לעבן מיט זיי בשלום. פאַרוואָס שיקט מען נישט רופן רעגירונגס־חילץ? וואָס וועלן מיר אַליין טאָן? (אין דער צייט קומען אָן נאָך אַ פּאָר קאָלאָניסטן).

אַ דריטער: — וואָס האָט אונז ר' זאַנוויל גערופן אַזוי שפּעט?

דער פערטער: — אויפגעוועקט פון שלאָף. נישט געקאָנט וואַרטן ביז אין דער פרי.

דער ערשטער: — (חזרט איבער). די וועכטער האָבן אָנגעזאָגט ר' זאַנווילען, אַז היינט דאַרף מען זיך ריכטן אויף אַן אָנפאַל פון די אַראַבער. זיי וועלן נעמען נקמה פאַר דעם געהרגעטן, וואָס מען האָט געפונען אויף אונזער באָדן. אפילו די פערד האָט מען שוין געבראַכט צוריק פון פעלד.

דער צווייטער: — אַן אומגליק! געדאַרפט נעמען יידישע וועכטער! וואָס וועלן מיר איצט טאָן!?

דער דריטער: — פון וואַנען ווייסט ר' זאַנוויל?

דער פערטער: — דו הערסט דאָך. די וועכטער האָבן אים דערציילט.

דער דריטער: — פון וואַנען ווייסן די וועכטער? (אַלע שווייגן. עס קומט אַריין ר' זאַנוויל).

ר' זאַנוויל: — מיר דאַרפן זיין וואַך די נאַכט, ווייל די אַראַבער גרייטן זיך צו באַפאַלן די קאָלאָניע. איר גייט אַרום די קאָלאָניע, זאָגט דאָס אָן, און זעט, אַז אַלע טירן און טויערן זאָלן זיין פאַרשלאָסן.

דער דריטער: — פון וואַנען ווייסט איר?

ר' זאַנוויל: — די וועכטער האָבן מיר געזאָגט.

דער דריטער: — פון וואַנען ווייסן די וועכטער?

ר' זאַנוויל: — מאַכמוד האָט זיי געזאָגט.

דער דריטער: — פון וואַנען ווייסט מאַכמוד?

ר' זאַנוויל: — (אומגעדולדיק). אויב איר וועט פרעגן פון וואַנען ווייסט דער און פון וואַנען ווייסט יענער, איז דאָס אַן עסק ביז איין דער פרי. גייט און זעט, אַז אַלע זאָלן זיין גרייט.

דער ערשטער: — פאַרוואָס האָט איר נישט געשיקט רופן די היילן?

דער צווייטער: — די אַראַבער מיינען דאָך נישט אונז. אָט היינט ערשט, פאַרנדיק פון שטאָט, האָב איך באַגעגנט אַבו־פאַרעסן. ער איז געווען זייער פריינטלעך מיט מיר.

דער דריטער: — דאָס מיינען זיי די וועכטער.

דער פערטער: — דאַן, וואָס איז מיין דאגה? איך וועל זיך נישט מישן צווישן די וועכטער און די אַראַבער. ווען די טשערקעסן האָבן געוועכטעוועט און זיי האָבן זיך צעקריגט מיט די אַראַבער, האָבן זיי נישט געבעטן די קאָלאָניסטן, אַז מען זאָל זיי העלפן. זיי האָבן געשיקט צו זיך אין דאָרף און געבראַכט נאָך טשערקעסן. (די איבעריקע זענען מיט אים מסכים).

ר' זאַנוויל: — די טשערקעסן האָבן גערופן זייערע ברידער טשערקעסן. די יידן רופן זייערע ברידער די יידן, און מיר קאָנען זיי נישט לאָזן אַליין. מיר מוזן זיי העלפן און זיין גרייט צום אָנפאַל, אויב ער וועט פאָרקומען. גייט און טוט, וואָס איך האָב געזאָגט. (זיי גייען אַוועק און באַגעגענען בערלען. זיי שטעלן אים אָפּ, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט מיט אים ריידן, אָבער בערל קומט צו גלייך צו ר' זאַנוולען).

בערל: — שלמה איז היינט נישטאָ אין דער קאָלאָניע.

ר' זאַנוויל: — ער איז אין שטאָט.

בערל: — אַזוי! (נאָך אַ פויזע). וועלן זיי אונז העלפן. (ווייזט אָן אין דער זייט, וו די קאָלאָניסטן זענען אַוועק).

ר' זאַנוויל: — (לייגט אַרויף זיין האַנט אויף בערלס אַקסל). זאָרג זיך נישט, בערל. מיר זענען אויך גרייט. יידן וועלן גאָר ריידן שלעכטס, אָבער אַז עס קומט צו טאָן, איז גאָר אַנדערע ווערטער. מען דאַרף גיין זען, צי אַלץ איז פאַרשלאָסן, און

נעמען דאָס געווער. וואַרט דאָ אויף מיר, איך וועל באַלד אַרויסגיין. (גייט אַריין אין שטוב, עס הערט זיך אַ קלאַפּן אַזוי ווי מען וואָלט פאַרמאַכט טירן. רי זאַנוול שרייט: — ווו זענען די פּאַטראָנעס? ווו האָט איר זיי פאַרשטעקט? וויפל מאָל האָב איך אייך געזאָגט, אַז איר זאָלט זיי לאָזן הענגען אויף דער וואַנט? רבקה, פאַרמאַך די פענסטער).

ר ב ק ה: — (וויל צומאַכן די פענסטער, זעט בערלען, גייט צו אַרויס). בערל, וואָס האָט געטראָפן?

ב ע ר ל: — גאָרנישט, רבקה. זיי רואיק. עס וועט גאָרנישט זיין.

ר ב ק ה: — וואָס זוכט דער טאַטע די פּאַטראָנעס און הייסט אַלע טירן פאַרשליסן? וואָס האָט געטראָפן? איך האָב מורא.

ב ע ר ל: — אָ, גאָרנישט, רבקה. (און אַזוי ווי ער וואָלט וועלן אָפציען איר אויפמערקזאַמקייט צו אַנדערע זאַכן, פרעגט ער איר): פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען, ווען איך האָב געפּי־בערט די פאָר טעג?

ר ב ק ה: — איך בין געוועזן, אָבער אסתּר האָט מיך נישט אַריינגעלאָזן.

ב ע ר ל: — אסתּר?

ר ב ק ה: — זי האָט פאַר מיר פאַרשלאָסן די טיר און געזאָגט, אַז איך זאָל מער נישט קומען.

ב ע ר ל: — ווער? אסתּר? אסתּר האָט געזאָגט, אַז דו זאָלסט מער נישט קומען?

ר ב ק ה: — זי האָט אפילו געפרעגט, וואָס מיר האָבן גערעדט יענע נאַכט, און צי איך רייד דיר איין צו פאָרן קיין אַמעריקע?

ב ע ר ל: — (פייפט שטאַרק. עס לויפן אַריין יחזקאל, מיכל, אַ וועכטער. רי זאַנוול קומט אַרויס אויפן באַלקאָן. אַ פּאָר קאָ־לאָניסטן ווייזן זיך און זעענדיק די וועכטער, קערן זיי זיך אום. די גאַס שטייט פאַרהילט אין אַ מאָדנער אָנגעשטרענג־טער דערוואַרטונג).

מ י כ ל: — וואָס איז דאָ?

ב ע ר ל: — ווו איז אסתּר?

י ח ז ק א ל: — זי מיט ישראלן היטן די אַראַבער.

בערל: — גיי רוף זי אַהער.

יחזקאל: — אָבער וואָס האָט געטראָפן?

בערל: — (שאַרף). גיי רוף זי אַהער זאָג איך דיר! (יחזקאל אָפּ).

מיכל: — בערל, וואָס ווילסטו טאָן? אסתר איז אונזערס אַ חברה.

בערל: — אַ חברה? און ווען איך בין געלעגן און געפיבערט, האָט זי נישט צוגעלאָזן רבקהן?!

רבקה: — בערל, איך בעט דיך, וואָס ווילסטו טאָן?

בערל: — גיי אין שטוב.

מיכל: — בערל, בערל, שוין זשע זעסטו נישט, אַז אסתר האָט דיך ליב, אַז אונז אַלעמען האָט זי ליב, זי ליידט און ווייטאָגט פאַר אַלעמען? וואָס ווילסטו טאָן?

בערל: — לאָז אָפּ, אַלטער. (עס קומען אָן אסתר מיט יחזקאלען)

בערל: —(כאַפּט אָן אסתרן). דו האָסט זי נישט אַריינגעלאָזן אין שטוב?

אסתר: — יאָ.

בערל: — דו האָסט פאַר איר פאַרשלאָסן די טיר?

אסתר: — יאָ.

בערל: — דו האָסט איר נישט געהייסן קומען?

אסתר: — יאָ, איך האָב נישט געהייסן.

בערל: — (שרייט). מיט וואָס פאַר אַ רעכט?!

אסתר: — (האַרט). מיטן רעכט פון די וועכטער.

בערל: — מיט וואָס פאַר אַ רעכט?! מיט וואָס פאַר אַ רעכט? און אַז איך בין אַ וועכטער...

אסתר: — (שלאָגט אים איבער. שאַרף, טרויעריק, אין שרעק־לעכן ליידן). יאָ, איך האָב דאָס געטאָן און וועל ווייטער טאָן וואָס איך קאָן. (ווייזט אויף רבקהן). זי האָט דיך פון אונז צוגענומען. (ווייזט צו די זאַנוולען). אָט זיי אַלע, דעם בעסטן פון אונז, און דו גיסט זיך אונטער.

בערל: — שווייג! שווייג!

אסתר: — (ווי פריער). ניין, איך וועל נישט שווייגן. עס מוז נעמען אַ סוף. זע, מיר וועכטערס דאָ שוין באַלד אַ יאָר. מען

האָט זיך געקריגט מיט די אַראַבער, געשלאָגן זיך. עס זענען געווען צייטן פיל ערגערע פון היינט און קיינמאָל ביסטו נישט אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי איצט. (ווייזט אויף רבקהן). זינט דו ביסט מיט איר באַפריינדעט, איז דאָס מיט דיר געוואָרן. דעם גאַנצן פּחד פון די קאָלאָניסטן האָסטו אין זיך אַריינגענומען און אויך אונז פאַרסמט. (בעט אים). בערל, קער זיך אום צו אונז, זיי ווי פריער דער ערשטער וועכטער, לאָז זיי אָפּ די גע־פגרטע.

ב ע ר ל: — שווייג, רעד נישט מער. איך וועל דאָס נישט איבער־טראָגן.

א ס ת ר: — (פאַלט צו אים צו). בערל, איך בעט דיך, ווער צו־ריק דער וועכטער פון פריער. פאַרגעס נישט, אַז מיר זענען דאָ איינצלנע, אַז מיר זענען דאָ אַרומגערינגלט מיט שטענדי־קע געפאַרן, אַז מיר, די איינצלנע, דאַרפן אויפהאַלטן דעם גאַנצן יידישן ישוב און כבוד.

ב ע ר ל: — שווייג, איך קאָן נישט מער! איך וויל נישט מער! (שטויסט זי אָפּ, אַזוי, אַז זי פאַלט שיער אום, און אַליין אַנט־לויפט ער. מיכל גייט צו, נעמט אַרום אסתרן. זי וויינט: אַ, אַלטער, אַלטער).

מ י כ ל: — (טרייסט זי). אונז אַלעמען איז נישט בעסער. קום, אסתר, איך וועל דיך אָפּפירן אין שטוב. (דאָ קומט אַן מישע מיט אַ שטעקן אין האַנט און פעקל אויף די פּלייצעס).

מ י ש ע: — האַלט. קיין אַנפאַל איז נאָך נישט געווען, ווען מיר זיך געזעגענען.

ר' ז אַ נ װ ו ל: — שיקט זיי אַוועק אין דאָרף.

מ י כ ל: — דו גייסט טאַקע?

מ י ש ע: — (אסתרן). נו, אסתר, זיי געזונט. (קוקט זי אָן). וואָס איז מיט דיר?

א ס ת ר: — (שטיל). וווּהין גייסטו ביינאַכט?

מ י ש ע: — וואָס איז דיר, אסתר? וווּ איז בערל? און וואָס טוט דאָ רבקה?

י ח ז ק א ל: — (שרייט). געזעגן זיך און גיי צו אַלדי שוואַרצע

יאָר. (גייט צו און צעקושט זיך מיט אים וואָרעם און לאַנג). צוי און לאָז גריסן וועמען דו וועסט באַגעגענען, אָבער דאָך, וווהין גייסטו?

מישע: — איך ווייס נישט. איך גיי. (צו רבקהן). זייט געזונט, רבקה.

רבקה: — איר גייט טאַקע?

מישע: — וואָס האָט איר זיך אַלע איינגעחזרט, צי גייסטו טאַקע? דו גייסט טאַקע? איר זעט דאָך, אַז איך גיי. (פרעגט). ווו איז בערל אַוועקגעגאַנגען? (מיכל ווייזט אָן מיט דער האַנט). וואַרט דאָ, ביז איך וועל אים אויסגעפינען. (גייט אָפּ. אַלע שווייגן. יחזקאל טוט אַ שפּיי און לאָזט זיך גיין אין דער צווייטער זייט. רבקה גייט צו צום באַלקאָן, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ און טרייסלט זיך אין געוויין. רי זאַנוול גייט אַראָפּ און גלעט זי איבער די האָר. פּלוצלינג הערט זיך מישעס שרייען און אַ שיסעריי).

מישע: — (שרייט פון הינטער די קוליסן). צום געווער! צום געווער! קלינגט אין גלאָק! קלינגט אין גלאָק! די אַראַבער קומען! (יחזקאל פייפט און לויפט אויפן קול, מישע קומט אים אַנטקעגן).

יחזקאל: — וואָס איז?

מישע: — (אין איין אָטעם). די אַראַבער. בערל פאַרהאַלט זיי. שנעל! (עס הערט זיך אָן איבערשיסן זיך. עס ווערט אַ טומל. רי זאַנוול לויפט אין שטוב, פירט מיט זיך רבקה. ביים טיר בלייבט זי שטיין, ער כאַפּט דאָס געווער און לויפט אַרויס שרייענדיק: רבקה — פאַרשליס די טיר! קאָלאָניסטן לויפן אַרויס מיט געווער, ווער האַלב אָנגעטאָן. מישע לויפט און כאַפּט אַרויס ביי איינעם אַ ביקס און אַנטלויפט. רבקה שרייט פון באַלקאָן).

רבקה: — מישע, מישע!

מישע: — (לויפט צו צום באַלקאָן). וואָס איז, רבקה?

רבקה: — וואָס איז מיט בערלען?

מישע: — גאָרנישט. (אַנטלויפט).

מ י כ ל : — (שרייט). פאַרשפּאַרט די טירן, די פענסטער. לאָז נישט אַרויס די קינדער! אַלע אין גאַס! אַלע אין גאַס! (דער גלאָק קלינגט. מען הערט אַ אָפּטן קנאַלן פון ביקסן, מאָדנע אויסגעשרייען. קאָלאָניסטן שטייען אין גאַס ווי צעטומלט. מיכל צעטיילט זיי אויף צוויי טיילן און צעשיקט זיי אין ביידע עקן פון דער קאָלאָניע. עס ברעכט אויס אַ העפטיקער איבערשיסן זיך. אַראַבישע געשרייען: — ענדזשו יאַ יהוד! — יידישע געשרייען: שיסט אין דער לופטן, שיסט אין דער לופטן! מיידט אויס צו טרעפן אַן אַראַבער! — דער טומל דערנענטערט זיך. עס ברעכט אויס אַ מהומה. אייניקע קאָלאָניסטן קומען צו לויפן און גלייך אַנטלויפן זיי. רבקה לויפט אַראָפּ צו אסתרן — אסתר! אסתר! — אסתר נעמט זי אַרום און פירט זי צוריק אין שטוב. דער טומל הויבט זיך אָן דערווייטערן. ווערט שטילער. קאָלאָניסטן ווייזן זיך פון אַלע זייטן, אויך מישע און יחזקאל און נאָך אייניקע טראָגן אַריין בערלען אַ פאַרוווּנדעטן און לייגן אים אַוועק אויף דער ערד. אַלע שטייען אַרום אים אָנגעשפּאַרט אויף די ביקסן. אסתר און רבקה לויפן אַראָפּ און וואַרפן זיך צו בערלען. בערל אָטעמט שווער. רבקה וויינט. אסתר שרייט: — אָבער ווי אַזוי? ווי אַזוי?).

מ י ש ע : — ווען איך בין געגאַנגען זוכן בערלען האָב איך אים געפונען זיצנדיק אויף זיין שטענדיקן אָרט, היטנדיק שטיין ביי דער סידרע. ער האָט מיך צוגערופן. מיר האָבן געהערט עפּעס אַ רוישן. די אַראַבער. האָט מיך בערל געשיקט קלינגען אין גלאָק. ווען מיר זיינען געקומען צוריק, האָבן מיר אים געטראָפן ליגנדיק אויף זיין ביקס.

ב ע ר ל : — (רעדט שוואַך. אָטעמט שווער. גוססט). מיין ביקס. יחזקאל, מיכל, מישע, היט די קאָלאָניע. האָסט נישט וואָס צו גיין... פון זיך קאָן מען נישט אַנטלויפן. זייט פאַרזיכטיק... אַזוי האָט געמוזט זיין... מאַכט שלום מיט די אַראַבער... אויגער האָט געמוזט פאַלן... צו מיר איז דער מות געקומען... אסתר, זיי נישט אַזוי הארט... גיי מיט יחזקאלען... איר זייט

אַ גלייכע פּאָר... מישע זיי גוט מיט רבקהן... לאָזט אַלעמען גריסן... איך האָב נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן... אונזער בלוט האָט דאָ געמוזט פֿאַרגאָסן ווערן... שווער... עס פֿעלט לופֿט... דער מות איז שוין דאָ... רבקה, רבקה... (כאָרכלט און בלייבט ליגן).

אַ ק אָ ל אָ נ י ס ט: — ברוך דיין אמת.

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט לאַנגזאַם.

# אין קלעם פון פארגאנגענע צייטן

מיינער איז געזעסן און געשריבן:

וואס איז לעבן?... קיינער האט נאך אויף דעם נישט געענטפערט.

וואס איז טויט?... קיינער ווייס נישט פון דעם.

לעבן איז ביי איינעם אנטאן א פאר נייע שיך, ביי א צווייטן, ארומפארן אין אויטאמאבילן און ביי א דריטן — קושן א שיין מיידל.

טויט — איז ביי איניקע א רו פון די צרות, ביי אנדערע — א גרויזאמער שרעק און ביי הריטע — א ליכטיקער גן־עדן.

מיינער האט אפגעווארפן די פען און האסטיק צוגעלאפן צום אפענעם פענסטער.

די זון האט געברענט דעם צלם אויפן בארג ציון און באגילדעט די אלטע, טויזנטיאריקע ווענט פון דער אלטער פעסטונג, וואס איז געהאנגען איבער די ווייטע דעכער פון דער נייער שטאט. דראענד האט ארויסגעקוקט דער שפיציקער מינארעט, וווּ אן אראבישער גייסטלעכער האט גערופן:

„גאט איז איינער און מוחמד איז זיין נביא".

— טרא־טא־טאטא — האט א מיליטערישער הארן איבערגעשלאגן די תפילה פון גייסטלעכן, צוזאמענרופנדיק די ענגלישע סאלדאטן אין דעם „רוסישן הויף".

געווען שטיל. די שטילקייט פון פארנאכט איבער די בערג פון יהודה. אין דער נידערונג צווישן די צוויי בערג האט זיך געצויגן און געבלויט א דורכזיכטיקער נעפל אזש ביז יענער זייט ים־המלח צו די צארטע און מילדע בערג, וועמענס פיס האבן זיך

פארלוירן אין דער טיפקייט, ווו עס האבן זיך געוויסט, ווי א מי־ראזש, איינציקע אראבישע הייזלעך.

ווי פון אינעווייניקסטן שטויס איז מיינער צוגעקומען צום טיש, פארמעקט דאס אנגעשריבענע און איז האסטיק ארויס אין גאס מיט דעם וועג צו דעם „יפוער טויער".

אין גאס איז פרייליך. מענטשן שפאצירן. גרויע מיליטערישע אויטאמאבילן יאגן אן א שרעק מיט זייער הייזעריקן וואָרענען יעדן, מען זאל פאר זיי מאכן א וועג. סאלדאטן אין קאקי־קליידער קוקן ארייַן פרעך יעדע פרוי אין פנים אזוי ווי זיי וואלטן עפעס געזוכט. פאר די אראבישע קאפעען זיצן אראבער אויף די נידע־ריקע בענקלעך און ציען די שמעקעדיקע שווארצע קאווע כאַרכ־לענדיק מיט די נארגילעס.

האסטיק איז מיינער געגאנגען איבערן גאס. ווי ער וואלט וועלן אנטלויפן. ער האט אפילו נישט באמערקט ווי פון א גרופע בחורים און מיידלעך, וואס זענען געגאנגען און געזונגען האט אים א מיידלשער קול גערופן ביים נאמען.

— וווהין לויפט איר אזוי?

— איך ווייס נישט — האט זיך מיינער פארלוירן, געבליבן שטיין.

— וואס טוט איר דא? — האט ער זיך א כאפ געטאן דער־קענענדיק דאס מיידל.

— שלום! — האט זיך דאס מיידל פארדרייטלט. די גרויסע אויגן זענען פארצויגן געווארן מיט א פייכטקייט.

— וואס טוסטו אין ירושלים? — האט מיינער געדריקט איר האנט.

— געקומען זען ירושלים.

נייגעריק האט מיינער באקוקט די בחורים און מיידלעך. ער ווייסט נישט ווי אזוי האט ער פאר זיך דערזען א קליין שטעטל אין דייטשלאנד, ווו ער איז אנגעקומען ארבעטן אלס פאפיראסן־מאכער, מיט עסן. דעם ערשטן אוונט, וואס ער איז געקומען, האבן זיך זיינע באלעבאטים, מאן און ווייב, צעקריגט. דער מאן איז אנטלאפן פון שטוב און ווען מיינער האט זיך געלייגט שלאפן,

איז צו אים געקומען די באַלעבאָסטע, אַ גראָבע פּערציק־יעריקע ייִדענע, האָט זיך געקלאָגט, ווי שווער איז איר לעבן מיט אַזאַ מאַן און איז פאַרבליבן מיט אים אַ גאַנצע נאַכט.

אַ געפיל, אַזוי ווי מען וואָלט אים געגאָסן קאַלטע וואַסער הינטערן קאָלנער און דאָס איז אַראָפּגערונען, טראָפּנווייז איבערן הייסן לייב, האָט מינער געפירט מיט די אַקסלען, אויפציטערנדיק.

— מיר וועלן גיין אויפן הר־ציון. — האָט פאָרגעלייגט איינער פון דער גרופּע. די איבעריקע זענען אים נאָכגעגאַנגען זיינגענדיק.

— וואָס מאַכט איר, מינער? — האָט זיך אַכסע צוגעשמעלט.

— איך פיל זיך דאָ זייער פרעמד.

— זייער ווילע בחורים, — האָט אַכסע אַ בליץ געטאָן מיט אירע ווייסע ציין, פון וועלכע עס האָט געפעלט דער פאָדערשטער, פון וואָס איר האַרט, שפּיציק פּנים און טונקעלער האַלז האָט באַקומען אַ ווייכערן אויסדרוק.

אויפן באַרג האָבן זיי זיך צעזעצט אויף שטיינער, אַנגעוואָרפענע איבער דער אַראָפּלויפיקייט פון באַרג. מינער האָט געשלאָסן זיינע קני און די הענט, זיך אָנגעלייגט מיטן קאָפּ און געקוקט אויף אַן אָפּטיילונג ענגלישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פעסט אָפּגעקלאַפּט זייער מאַרש ניַיענדיק אין שטאָט. אַ גראָבער אָפיציר איז גדלותדיק געריטן פאָרויס.

— אין דעם שאָטן פון טויזנט־יאָריקער פאַרגאַנגענהייט זיצן מיר דאָ — האָט אָפּגעדעקלאַמירט איינער און צוגעגעבן נאָך אַ קורצן שווייגן, אָנווייזנדיק אויף די סאָלדאַטן:

— ווי עס האַרמאָנירט נישט מיט די בערג.

די נייע שטאָט מיט אירע הויכע הייזער האָט זיך געקלעפּט באַרג אַרויף, באַרג נידער, האָט זיך צונויפגעטוליעט אין דער פאַרנאַכטיקער שטילקייט, וואָס האָט זיך געשפּרייט פון דער אַלטער מויער צום וועג, געגאַנגען צו די בערג, וועלכע האָבן זיך געהויבן איינער איבער דעם צווייטן, פאַרלירנדיק זיך אין מערב־

זייט. אין דער רייַנער לופט האָט מען געזען די באַזונדערע זונען־פלעקן אויף די הויכקייטן.

— ווי איך האָס די קלײדער! — האָט פּלוצלונג אָפּגעשרעקט אַ יונג מיידל. אַלע האָבן אויפגעציטערט. גרויסע טרערן האָבן זיך געקייקלט פון אירע אויגן.

איינער, נעבן דעם מיידל, האָט זי צאַרט אַרומגענומען, מילד זי געגלעט מיט ליפּן, וואָס זענען בלוי געוואָרן. אַזוי שטאַרק האָט ער זיי צוזאַמענגעדריקט.

די זון איז שוין געשטאַנען הינטער דעם גרויסן זווינט־מיל אויף דעם קעגנאיבערדיקן באַרג. אַ מיליטערישער האָרן האָט אויסגעשפּילט, — „פאַר די סאָלדאַטן האָט זיך דער טאָג געענ־דיקט" — ווי פון אַ שמיץ האָט זיך דאָס מיידל אויפגעכאַפּט און פאַרגראָבנדיק האָס פּנים און די הענט, האָט זי ביטער געוויינט. אומבאַוועגלעך זענען אַלע געזעסן. מיגער איז אויפגעשפּרונגען פונם אָרט, צוגעלאָפן צום מיידל, געשטעלט זיך אויף די קני, פאַרהויבן איר קאָפּ און מיט קושן אָנגעהויבן אויסטריקענען אירע טרערן און אַזוי אויך פּלוצלונג האָט ער זיך געלאָזט לויפן באַרג אַראָפּ.

די זון האָט מען שוין נישט געזען. דער טונקעלער מאַ־סיוו פון דער וואַנט האָט זיך געהויבן איבערן וועג. אַזוי ווי די אַלטע, אוראַלטע וואַנט וואָלט אים געוואָלט אַריינגעמען אין איר מיסטישער אייביקייט.

---

מיגער ווייזט זיך נישט אויף דער ווייסער וועלט. ער זיצט אין זיין צימער. מיט גראָבע קאָלדרעס האָט ער פאַרהאַנגען זיין פענסטער. קיין שיין גייט נישט דורך. דעם לאָמפּ אָנגעצונדן, זיצט ער רייטנדיק אויף אַ בענקל, קוקט אויף דער גרויסער קאַרטע פון ארץ־ישראל, וואָס איז געהאַנגען אויף זיין וואַנט. און פאַר אים שווימט אַרויס דאָס מיידל, וואָס האָט אַזוי ביטער געוויינט אויפן הר־ציון, ווען די סאָלדאַטן זענען פאַרבייגעגאַנגען. מיגער ווייסט שוין פאַרוואָס דאָס מיידל האָט דאַן געוויינט.

זי איז פון אוקראַינע, פון אַ קליין שטעטל. דער נגיד פון

שטאָט איז איר טאַטע געווען. פון צוועלף מענטשן איז באַשטאַנען זייער משפּחה, פיר שוועסטער, צוויי געהייראַטע, דריי ברידער. די איידעמס און אַן אָרעמע פּלימעניצע, וואָס האָט געאַרבעט ביי זיי. די שטוב, אַ פּאַטריאַרכאַל־ייִדישע, שטענדיק אָפן פאַר יעדן פאַרבייגייענדן און דורכרייזנדן.

איינמאָל זענען אָנגעקומען אַ באַנדע קאָזאַקן, אַריינגעריסן זיך צו זיי אין שטוב. דעם טאַטן, דעם אַלטן ייִד, מיט דער לאַנגער זילבערנער באָרד און קאָפּ, האָבן זיי פאַר אַלעמען אין די אויגן איינציקווייז די האָר אויסגעריסן. די איידעמס און ברידער גענבונדן, מיט נאַהייקעם געשמיסן, מיט שפּיזן געשטאָכן, געלד געפאָדערט. אַ האַלבן טאָג אַזוי און דערנאָך זיי דערשאָסן. דער אַלטער מוטער, דער צדקניות, פאַר די אויגן פון די טעכטער, האָבן זיי געבראַכט דעם משוגענעם איוואַן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט ביי זיי אין שטעטל און וועמען די ייִדן האָבן צומאָל געשענקט אַ שטיקל ברויט, און אים געצוווּנגען פאַרגוואַלטיקן די אַלטע פרוי איין מאָל, דעם צווייטן מאָל און דאַן איר אויסגעשטאָכן די אויגן און אַרויסגעוואָרפן פון שטוב, ווו זי האָט קראַפּירט ווי אַ צויג.

דאַן האָבן זיי געבראַכט וויין, צונויפגעטריבן נאָך מיידלעך. אַראָפּגעריסן פון זיי די קליידער, געצוווּנגען זיי טאַנצן, טרינקען וויין און אַזוי אַ גאַנצן מעת־לעת. און ווען די מיידלעך האָבן נישט געוואָלט, דאַן האָט מען זיי איבער די הוילע לייבער געשמיסן און די יונגע ברוסטן מיט פייער געברענט.

מיגער האָט פון בענקל געקוקט אויף דער לאַנדקאַרטע און האָט זיך געריסן די האָר פון ווייטיק און אין דער איינציקער צייט האָט אים אַן אומגעהויערער רחמנות געברענט, צו וועמען האָט ער אַליין נישט געוווּסט.

ער איז פון בענקל צו דער קאַרטע געגאַנגען און געבליבן אָנגעשפּאַרט מיטן גרויסן פינגער פון דער רעכטער האַנט אָן דעם וואָרט „ירושלים״.

זיין געזיכט איז איינגעפאַלן. די קין־באַקן — ווי ביי אַ מענטשן, וואָס האָט וואָכן־לאַנג נישט געגעסן. טיפע, פייערדיקע

לעבער האָבן זײַנע אויגן אויסגעזען און משונהדיקע בילדער, ווילדע פאַנטאַזיעס האָבן זיך געדרייט פאַר אים. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, איז דאָס וואָר אָדער אַ חלום.

אַט זעט ער פאַר זיך די שטאָט צפת. אַ מילדע, רואיק־ווייסע מיט די פלאַכע, נידעריקע דעכער ליגט זי צווישן די בערג, וואָס זעען אויס ווי אַלטע שומרים, ווילנדיק זי באַשיצן פון אַל־דאָס־בייז.

אַ זוניקער טאָג. אַ פרייַלעכער און צאַרטער. די בערג צערטלען זייערע אַלטע ביינער אונטער די הייסע זונען שטראַלן. אין גאַס זעען זיך מענטשן האַלב אײַנגעהויקערטע מיט אײַנגעגראָבענע קעפּ, אַזוי ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט פאַר דער ליכטיקער שיין. זיי ציען זיך אַלע צו איין פונקט, צו דער שטוב פון דעם טערקישן קאָמענדאַנט.

קליינע קינדער אויסגעדאַרטע, פרויען און זקנים האַלב נאַקעטע שטייען אַרום אַ גרוב מיט אַ שוואַרצער בלאָטע, שלעפּן געהרוך און וואַרטן. עס ווייזן זיך אַ פּאָר טערקישע סאָלדאַטן, טראָגן עפּעס בלעכן אָנגעפּוילט מיט שמוץ און קערן דאָס אויס אין גרוב. דער גאַנצער המון וואַרפט זיך אין גרוב, זוכט מיט די הענט, נישטערן מיט די אויגן, די געוואַלדן און געוויין טראָגן זיך ביזן הימל. עס לויפן אַרויס טערקישע באַאַמטע, שניידן מיט לאַנגע בייטשן רעכטס און לינקס, צעטרייבן אַלעמען. אויפן אָרט איז געבליבן אַן אַכט יאָריק מיידעלע פאַרטראָטן אין דער בלאָטע און אַ זקן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ. די איבעריקע צעלויפן זיך אין אַלע זייטן און מיט אַמאָל בלייבן אַלע שטיין.

אויפן שפּיץ פון דער נאָענטער בערגל שטייט אַ יונג־פרוי, באַגאָסן מיט זון, אַ שוואַרצע קלייד פאַרדעקט נישט די באָרוועסע פיס. אַ טיפער אויסשניט אַנטבלויזט די אײַנגעפאַלענע, צעקניטשטע ברוסטן. אין די הענט האַלט זי אַ גרויסן קאָפּ פון אַ שעפּס. מיט אַ ווילדן אויסגעשריי הויבט זי עס איבערן קאָפּ, טרייסלט און ווייזט אַלעמען, דאַן כאַפּט זי דאָס אָן מיט ביידע הענט, טראָגט דאָס צום מויל און מיט אימפּעט רייסט זי שטיקער פון אים. עס לאָכן די גרויסע ציין פון דעם שעפּסן־קאָפּ. און פּלוצלינג, מיט אַ

ווילדן אויסגעשריי לאזט זיך לויפן די יונג־פרוי און ווערט פאר־שוווּנדן אין די פעלדן פון בערגל.

מיגער רייסט זיך אָפּ פון דער קאַרטע און לויפט צום טיש, וווּ ער עפנט פאַנאַנדער אַ גרויסן בוך, פון וואַנען ער רייסט עפּעס אַרויס, דאַן לויפט ער צו דער וואַנט קעגנאיבער דער גרויסער לאַנד־קאַרטע פון ארץ־ישראל און פּיבערהאַפט קלאַפּט ער דאָרט צו אַ קלענערע לאַנד קאַרטע, די קאַרטע פון אייראָפּע. ער טוט עס שנעל, האַסטיק, מיט אימפּעט, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער וועט פאַרשפּעטיקן אָדער מען וועט אים עס נישט לאָזן טאָן; און בלייבט שטיין פאַרגליווערט, קערנדיק מיטן קאָפּ, ווי אַ נאַכט־פויגל, דאָ צו איין קאַרטע דאָ צו אַ צווייטער.

און דאָ האָט ער פאַר זיך דערזען אַ גרויסע בילד מיט קליי־נע, נידעריקע בערגלעך, ווי קברים האָבן זיי זיך געהויבן פון די בליענדע טרויבן־ביימער, וואָס באַדעקן דאָס פעלד. מיגער גייט אין ווייַנגאָרטן, רייסט פון די טרויבן, פּרוּווט זיי עסן, נאָר מיט עקל שלייַדערט ער זיי ווייט פון זיך. זיי שמעקן מיט בלוט, זיי האָבן דעם טעם פון אַ מת. און אַזוי ווי ער האָט זיך באַטראַכט, קניט ער צו די ביימלעך, קריכט אויף אַלע פיר און זוכט, זוכט פון די טרויבן ביז ער בלייבט ליגן אַ שפּורער.

אַזוי ווי ער האָט עפּעס באַטאַמט עפנט ער דאָס מויל און פאַרמאַכט. ער האָט זיך אָפּגעקערט פון די קאַרטעס און געבליבן זיצן ביים טיש אייַנגראָבנדיק די הענט אין די האָר.

הייזער. הויכע, שוואַרצע, פאַרשלאָסענע אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסן פאַרשלאָסענעם מויער. עס קלינגט אַ גלאָק. דער טויער עפנט זיך און עס גייען פון דאָרט אַרויס האַלב אייַנגעבויר־גענע, שטילע, שווייַגנדיקע מענטשן, אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן זיין מיט דער ערד צוגלייך, אָט די, וואָס שטייען ביים טויער, מיט גרויסע צלמים פון הינטן און פון פאָרנט זאָלן זיי נישט באַ־מערקן. פּלוצלונג האָבן די מענטשן אין גרוּפּם אייליגניש גענומען לויפן צוריק אין טויער און פון הינטער זיי טראָגט זיך אַ גערויש פון אַ שטורעמדיקן ים. עס ווייזט זיך אַ ווילדער המון,

לויפט נאָך זיי מיט רציחהדיקע געוואַלדן און רייסן זיך אַריין אין טויער. פון דאָרטן רייסן זיך אַרויס געשרייען, וואָס שפּאַלטן דעם הימל. די געוואַלטן פון אַ גיהנום.

מיט די הענט פאַרשטאָפּט מיגער די אויערן, ער זאָל נישט הערן. פון טויער רייסן זיך אַרויס איינצלנע אין שוואַרצע קליידער און די, וואָס טראָגן די צלמים, כאַפּן זיי אונטער אויף זייערע שפּיזן און וואַרפן איינער צום צווייטן. אין דעם לעצטן אָטעם פון זייער לעבן, זעט מיגער, ווי זיי ציען צו אים זייערע הענט און בעטן זיך...

מיט איין שפּרונג איז מיגער געווען נעבן דער קליינער קאַרטע, וואָס ער האָט ערשט אויפגעהאַנגען, זי אַראָפּגעריסן, און ברומענ־דיק צווישן די ציין האָט ער זי געטראָגן מיט די פיס, אָבער גלייך האָט ער זי אויפגעהויבן, אויסגעגליכט, זי צוריק אויפגעהאַנגען אויף איר אָרט און מיט אַ קאַלטער רואיקייט האָט ער זיך גע־קערט צו דער קאַרטע פון ארץ־ישראל און געפירט מיט די פינגער איבער די פאַרבן, וואָס האָבן באַצייכנט די פאַרשידענע שטעט און פּראָווינצן.

ער פירט מיטן פינגער, קרייזט אום די בערג און טאָלן פון יהודה, זיין שמייכל ווערט מילדער, דער פנים געלייטערט. ער שטעלט זיך אָפּ ביי חברון, גייט אַרויף צו בית לחם און בלייבט שטיין ביי ירושלים און פאָרט ווייטער צו עין גדי, פון דאָרט לאָזט ער זיך אַראָפּ אין שומרון און נידערט צום ירדן, מיט וועמעס שטראָם ער גייט צום ים כנרת און בלייבט שטיין ביי טבריה.

מיגער האָט אויפגעשוידערט. דאָס מויל האָט זיך ברייט גע־עפנט, אַזוי ווי אים פעלט לופט. ער זעט די שטאָט טבריה. עס איז נאַכט. ווי אַ פינסטערער תהום ציען זיך די שמאָלע געסלעך. קיין פייערל זעט מען נישט אין די הייזער. איינצלנע מענטשן, ווי גנבים, קריכן פון איין צווייטן, פון איין שטוב אויף דער צווייטער און לאָזן זיך אַראָפּ אויף די באַלקאָנען און ווערן פאַרשווונדן אין די מירן, וואָס וואַרפן אָן אַ פחד מיט זייער שטילן עפענען זיך. פּלוצלונג איז אין וואָס ליכטיק געוואָרן און אַ האַלב נאַקעטע פרוי לויפט אַרום שלעפעדיק מיט די האָר אַ קליין [illegible]

מידעלע פון א יאָר צען. זי א שלייהער געטאָן אין דער ערד, און מיט די ציין זיך איינגעביסן אין א טייל פון דעם קינדס קערפּער. אַרום שטייען מענטשן מיט פּעטע, אָנגעבלאָזענע געזיכטער, מיט אויסגעוויינטע גרויסע אויגן, ציען זיך צו דער פרוי און בלייבן ליגן מיט אָפענע מיילער.

מיגער לויפט פון איין וואַנט צו דער צווייטער. ער פאַרשטאָפּט די אויערן. ער פילט זיין מאַרך ווערט צעשפּאָלטן פון די געשרייען, וואָס האָבן אַרום אים אויסגעבראָכן, פון די בלוט, וואָס האָט אומ־געריכט אָנגעהויבן רינען פון בײדע קאַרטעס. דאָס בלוט הויבט זיך שוין ביזן בענקל, דערגרייכט אים ביזן האַלז, פאַרטרינקט אים און ווי א פיש, וועלכן מען האָט אַרויסגענומען פון וואַסער, האָט ער זיך האָפּנונגסלאָז אַראָפּגעלאָזן אין דעם רויטן ים, וואָס האָט נישט אויפגעהערט, געלאָסן, רואיק, טריפן, רינען פון יעדן וואָרט, פון יעדן שטריך פון די קאַרטעס...

מיגער האָט געעפנט די אויגן. זונען פלעקן האָבן דורכגעריסן די מאָסקיטאָן־נעץ, אונטער וועלכער ער איז געלעגן. א לייכטער ווינטל פון דער אָפענער פענסטער האָט זי געוויגט אַהין און אַהער. ער דרייט אויס זיין קאָפּ אַהן זעט, אַז נעבן זיין טיש זיצט א פרוי. מיט דער האַנט, וואָס איז שווער ווי בליי רייבט מיגער דעם שטערן נישט פאַרשטייענדיק, וואָס איז מיט אים און פון אָנשטרענגונג האָט ער שטיל אָפּגעזיפצט.

די פרוי האָט זיך האַסטיק אומגעקוקט און זעענדיק מיגערס אָפענע אויגן איז זי צוגעקומען, פאַרריכט די מאָסקיטאָן־נעץ, וואָס האָט זיך פאַרהויבן און צוגעדעקט אים מיט דער קאָלדרע.

— אכסע?! — האָט זיך מיגער געוואונדערט. אָבער יענע האָט צוגעלייגט א פינגער צום מויל און געשטעלט אויפקאָכן מילך אויף דער קליינער ספּירט־מאַשינקע.

— ווי קומסטו אַהער? — מיגער האָט צוגענומען די הייסע מילך, וואָס אכסע האָט אים דערלאַנגט.

— איך האָב דיך געפונען ליגנדיק אויף דער ערד, — האָט זי אים געצוואונגען אויסטרינקען די מילך.

— פאַרן אומקערן זיך אין קאָלאָניע האָב איך דיר געוואָלט

זעען, — האָט זי ווייטער גערעדט. — ווען איך בין צו דיר געקומען, — אירע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן און זי האָט שטיל געפליסטערט, — וואָס איז פון דיר געוואָרן, מיגער, וואָס פון דיר איז געוואָרן.

אַן אויפגעציטערטער האָט זי מיגער אָנגעכאַפּט פאַרן האַנט, דערמאָנענדיק זיך, ווי ער איז געזעסן אויפן הר ציון.

— דו האָסט עס אויפגעהאָנגען די קאַרטע אויפן וואַנט? — האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו אכסען, ווייזנדיק אויף דער קליינער קאַרטע פון אייראָפּע. אכסע האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ווען ביסטו געקומען צו מיר? — האָט ער זיך נישט געקענט דערמאָנען.

— פאַרנאַכט אויפן צווייטן טאָג, בין איך געקומען צו דיר, — האָט זי אים געצערטלט מיט גרויסע טרערן, וואָס האָבן זיך געקייקלט איבער אירע באַקן.

— וואָס וויינסטו? — האָט ער שטיל געדריקט איר האַנט.

אכסע האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט און צופאַלנדיק מיט איר קאָפּ צום קישן האָט זי איינגעאַנצן געציטערט. מיגער האָט זי אָנגענומען פאַרן קאָפּ, טיף אַריינגעקוקט אין די פאַרטרערטע אויגן און האָט שטיל אַ קוש געטאָן.

— מיגער, קום צוריק אין קאָלאָניע. זע, וואָס פון דיר איז געוואָרן אין שטאָט, — האָט זי אים אַרומגענומען.

— וואָס וועט זיין, אכסע?

— קום, מיר וועלן לעבן ווי פריער, — האָט זי אים געטוליעט. — איך וועל דיך אויסוואַרעמען אין מיינע אָרעמס, איך וועל דיך געזונט מאַכן, דו ביסט דאָך קראַנק, מיגער, — האָט זי אים ליידנשאַפטלעך געדריקט צו זיך.

— קען מען דען אומקערן די פאַרגאַנגענהייט, אכסע, קען מען דען צוריקרופן, וואָס די אייביקייט האָט צוגענומען?

— אָבער, מיגער, צו וואָס ביסטו אַוועק אין ירושלים? וואָס איז דיר געווען שלעכט אין קאָלאָניע מיט מיר? ווי גוט עס איז געווען, ווען דו פלעגסט קומען פון גדוד צו אונז. דו געדענקסט ווי מיר פלעגן ביידע גיין אויף אונזער בערגל. די האָפענונגען, וואָס

דו האָסט געהאַט. דו ביסט דאָן אַזוי פרייליך געווען און איצט...
— האָט זי זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון געוויין, — קום צוריק, מיגער, קום צוריק, — האָט זי אים אַלץ הייסער געאָרעמט און געקושט.

שטיל איז מיגער געלעגן, אויטאָמאַטיש ענטפערנדיק אויף איר צערטלעכקייט און גערעדט:

— מיגער, מעגעגע האָט מען מיך גערופן פאַר מיין שווייגן און קען מען דען רעדן. איך ווייס נישט, ווי אַן אייביקייט זעט פאַר מיר אויס די צייט זינט איך בין אַרויס פון גדוד און דאָ זיך באַזעצט. אַזוי ווי יאָרן וואָלט פאַרביי זינט איך בין מיט דיר דעם לעצטן מאָל אויף אונזער בערגל געזעסן און געחלומט. וואָס איז חלום און וואָס איז וואָר?... — האָט ער זיך אָפגעקערט און ווייטער גערעדט:

— אָט זע איך פאַר מיינע אויגן אַ שנייאיקן פעלד, אַן ענד־לאָזע... די אויג כאַפּט נישט איר ברייטקייט און ווייטקייט. ווו נישט ווו זעען זיך שוואַרצע בערגלעך, צעוואָרפענע שטעטלעך. צווישן די שטעטלעך ציט זיך די וועג, וואָס פאַרלירט זיך אין דער ווייטקייט, און פון די אַלע בערגלעך, פון אַלע שטעטלעך ציען זיך אין אַ טויטער רואיקייט טונקעלע געשטאַלטן, לאָזן זיך גיין מיט דעם וועג. זקנים זענען אַנגעשפּאַרט אָן די אָרעמס פון די יונגע, יונגפרויען טראָגן אויף די הענט זייערע פּיצלעך קינ־דער און וואַרעמען זיי מיטן אָטעם. אין אַן אומגעהויערן שטראָם ציען זיי זיך מיט דער לאַנגער, ווייסער וועג, אַזוי ווי דער שיקזאַל אַליין וואָלט זיי געטריבן. איך פיל, אַז די וואָס גייען, ווייסן, אַז זיי האָבן נישט ווו אָפּצושטעלן זיך, אַז זייער וועג איז ענדלאָז, אָן אַ ברעג, אָבער זיי מוזן גיין און גיין.. הינטער זיך לאָזן זיי איבער געפאַלענע מוטערס, אויסגעגאַנגענע פון קעלט און הונגער זקנים, פאַרפרוירענע עופהלעך, געשטאָרבענע יונגט, אָבער אָפּ־שטעלן זיך קענען זיי נישט, זיי מוזן גיין און גיין.

און אָט זע איך, ווי פון דער ווייסער ווייטקייט, ווי אַ רויב־פויגל, קומען אָן רייטער אין גרויסע היטלען, וואַרימע פעלצן רייסן זיך אַריין אין דער מענגע. שניידן רעכטס און לינקס מיט

זיערע בלאַנקענדע שווערדן. יעדער איינער פון זיי כאַפּט צו זיך אין זאַטל אַ שוועסטער, אַ מוטער און ווערן פאַרשוווּנדן צוגעצן הינטער אַ בערגל. און די מענטשן גייען ווייטער, קוקן זיך נישט אום אויף די געשרייען, עס אַרט זיי נישט אויף די הורבעס טויטע, זיי קערן נישט פאַר די אַרויסגעריסענע פון זיי, זיי גייען און גייען, וווהין וועלן זיי קומען?...

און ווערטער האָט אַבסע אַרומגעכאַפּט מיגערס קאָפּ און צערייצט באַדעקט מיט קושן זיין פאַרשטיינערטן פּנים אַזוי ווי זי האָט געוואָלט מיט דעם אַרויסרייסן, פאַרטרייבן פון מיגערן, וואָס ער האָט דערציילט. אַ קורצע צייט איז מיגער געלעגן אומבאַוועגלעך און פלוצלונג האָט ער זי אַ ריס געטאָן צו זיך, איינגעגעסן זיך אין אירע ליפּן ביז בלוט האָט זיך געוויזן, געריסן פון איר די קליידער, אַנטבלויזט איר קערפּער, מורמלענדיק הייזעריק:

— דו, דו אויך...

---

איינס, צוויי, דריי, פיר, אַכט, צען, צוועלף... האָט קאַלט און דוזיק אָפּגעשלאָגן דער זייגער אויפן טורעם פון דעם פראַנצויזישן קלויסטער, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון מיגערס צימער. אַבסע איז געלעגן אָנגעטאָענע אין בעטל און געקוקט אונטערטעניק אויף מיגערן, וועלכער האָט אומשפּאַצירנדיק איבערן צימער צוגערעדט זיך אונטערן נאָז: — לעפט, רייט, לעפט, רייט...

— איך האָב זיך גוט אויסגעלערנט די סאָלדאַטסקע מלאכה,

— האָט ער אַ שוואַכן שמייכל געטאָן צו אַבסען.

פון גאַס, אין פענסטער, האָבן זיך אַריינגעריסן פריילעכע שטימען און גלייך טאַקע זענען אין צימער אַריינגעקומען אַ גאַנצע חברה, אַט די אַלע, וועלכע זענען געזעסן אויפן הר ציון. דערזעענדיק די מיידל, וואָס האָט זיך האַרט אַזוי צעוויינט און וואָס האָט געהייסן פאַליע, האָט זיך מיגער אַ ציי געטאָן צו איר, נאָר זיך גלייך אָפּגעהאַלטן. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, וווּ חברה האָבן אַרויפגעשטעלט אַ פּאָר פלעשער וויין, אויסרופנדיק פריילעך:

— קיין קליגערע זאַך האָט איר נישט געקענט טאָן.

— מען דאַרף נישט מיגער, — האָט זיך אַבסע אויפגעהויבן

פון בעטל, פאַרהאַלטנדיק מיגערן ביים אָנגיסן די גלעזער מיט וויין. שאַרף האָט זי מיגער אָנגעקוקט און אויפהויבנדיק אַן אָנ־געגאָסענע גלאָז וויין האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— צווישן אונז זענען דאָ נישטאָ קיין „ציוניסטן"?

— וואָס פאַר אַ ציוניסטן, — האָט געלאַכט זרובבל, וויסנ־דיק פון פריער, אַז מיגער האָט געמיינט אונטער דעם זין, וואָס מיט ציוניסטן־אידעאַליסטן קען מען נישט טרינקען קיין גלעזל וויין רואיק, און דיסקוסיעס וועגן יידישן פאָלק און לאַנד.

— זינט מיר זענען געקומען אין ארץ־ישראל, זענען מיר גע־וואָרן אויס ציוניסטן, — האָבן אַלע געלאַכט און זרובבל האָט גע־רעדט, — דאָ לויגנט זיך נישט זיין אַ „ציוניסט", ווייל, ווען דו קומסט בעטן אַרבעט אין די פאַרטייען, דאַן פרעגט מען דיך גלייך צו וועלכער פאַרטיי מען געהערט, און היינט האָבן מיר דער־קלערט אין די אַרבעטס־ביוראָ הפועל־הצעיר, ווען מיר זענען גע־קומען פרעגן אויף אַרבעט, אַז מיר זענען נישט קיין „ציוניסטן" און מען האָט אונז גלייך געשיקט אַרבעטן אין דער קבוצה מיט בן־אבי, — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ בחור, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און געגרייט צום טיש.

— לחיים, — האָט זרובבל אויפגעהויבן זיין גלאָז. אַלע האָבן אויסגעטרונקען.

— אפילו איר זענט נישט קיין „ציוניסטן" דאַרף מען דאָך גיין צו דער אַרבעט, — האָט בן־אבי באַפעלן און ווענדנדיק זיך צו מיגערן האָט ער אים פאַרגעוואָרפן: — און דו קרענקסט? דאָ איז נישט דער וודוד, אומזיסטע דאָקטוירים און האָספּיטעלער האָט מען נאָך פאַר דיר נישט אָנגעגרייט.

מיגער האָט נישט געענטפערט, צוגעקומען צו פאַליען, וועל־כע איז מיט אַלעמען גלייך געזעסן ביים טיש, און נעמענדיק אַ גלאָז וויין, געפרעגט:

— איר ווילט מיט מיר טרינקען 'ברודערשאַפט?

אַלע האָבן נייגעריק צוגעקוקט. פאַליע איז רויט געוואָרן ביז איבער די ברעמען מיט האַלב־לאַכנדיקע און האַלב־טרויעריקע אויגן, און בן־אבי האָט זי געמונטערט:

— נישט קיין גוטער סימן — האָט מען שפּאַסיק אויסגע־רעדט.

— דאָס גייט נישט, מיר וועלן אַלע טרינקען ברידערשאַפט.

— האָט זיך אַכסע אויפגעקאַכט פון איר אָרט, אָנגיסנדיק די גלע־זער. איר גאַנצער פּנים האָט זיך געצונדן.

אַלע האָבן אָנגעקלאַפּט די גלעזער, פאַליע האָט געקוקט מיט אַ טויטן פּנים אויף דער קליינער קאַרטע פון אייראָפּע און צייגנ־דיק מיט וואַקלדיקע טריט האָט זי אויסגעשיפּעט, אָטוויזנדיק: דאָ איז אונזער שטעטל געווען.

מיגער איז אויך צוגעגאַנגען, זיך איינגעקוקט אין דער שוואַרצער פּינטל, וואָס פאַליע האָט אָנגעוויזן און אומקערנדיק זיך צו דער קאַרטע פון ארץ־ישׂראל, האָט ער אויסגערעדט: — און דאָ איז אונזער לאַנד געווען.

מען איז געזעסן און געשוויגן, אַ שטילן טרויער האָבן די לעצטע ווערטער אַרויסגערופן ביי אַלעמען. מיט ערנסטע פּנימער האָט מען שטיל געגעסן.

— איך פאָר היינט צוריק אין קאָלאָניע, ווער גייט מיך באַ־גלייטן? — האָט מיט נישט אַ טאַטירלעכן קול פלוצלונג אויסגע־רופן אַכסע. אַלע האָבן זי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט און אַכסע האָט זיך אַזוי ווי פאַרענטפערט:

— דער באַן גייט באַלד אָפּ.

— איך, — האָט זיך מיגער אויפגעהויבן פון טיש.

— מיר גייען אויך — זענען די איבעריקע אויפגעשטאַנען.

— ווייסט וואָס, מיגער, — איז בן־אבי צוגעקומען פאַרן אַרויסגיין פון צימער — קום צו אונז אין קבוצה.

— איך האָב דאָך דאָרט אַ שוועסטער, — האָט מיגער וואַ־רעם געדריקט פאַליעס האַנט, זיגענענדיק זיך מיט איר.

ביז באַן האָט מיגער און אַכסע קיין וואָרט נישט גערעדט, נאָר פאַרן אַריינגיין אין וואַגאָן האָט אַכסע שטיל געבעטן:

— קום, מיגער אין קאַלאַניע.

— איך ווייס נישט, — האָט מיגער אויפגעהויבן די אַקסל און נאָך אַ קליינעם באַטראַכטן זיך צוגעשטימט:

— איך וועל קומען, אַבאַ.

— געדענק, מיגער, ווען מען זאָגט מיר צו מוז מען האַלטן וואָרט, — האָט זי מיט אַ פּלוצלונגדיקער האַרטקייט, דראָענד אויסגערעדט, אַריינגייענדיק אין וואַגאָן.

---

אַ מאָדנער געדאַנק האָט מיגערן געעגבערט דעם מח, דעם צווייטן טאָג פּריטשיק. ער איז אַרויסגעגאַנגען און האָט געטראַכט:

— האָב איך געשווויגן, ווען איך בין געבוירן געוואָרן, אָדער מען האָט מיך געמאַכט שרייען מיט אַ פּאַטש אין געזעס?

דער געדאַנק האָט אים אַזוי געקוועלט, אַז ער האָט זיך נישט געפונען קיין רו. ער האָט זיך געפּרוווט פאָרשטעלן.

עס ליגט די מוטער אין דעם גרויסן, הילצערנעם בעט, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון דער עלטער־עלטער־באָבען און גייט אַ־בער בירושה פון איין עלטערער טאָכטער צו דער צווייטער. די מאַמע, אַ לאַנגע, דאַרע יידענע, ליגט אויסגעצויגן אין בעט און שרייט מיט באַנומענע קולות. דער טאַטע איז נישט אין דער היים. אַ מלמד אין דער פּרעמד, קומט ער צופאָרן צוויי מאָל אין יאָר אויף יום־טובים און פּסח. די אַלטע באָבע, די הויבאַם, דרייט זיך אַרום אין שטוב. טרייסט די קימפּעטאָרין און... ווייטער קען ער זיך שוין מער נישט דערמאָנען און דאָס מאַטערט אים שרעקלעך.

פון אומרואיקייט איז מיגער אַראָפּ אין דער אַלטער שטאָט, אין די שמאָלע, טונקעלע גאַסן און הייזער, וואָס האָבן שוין געזען פאַר זיך טויזנטער פאַרלאָפענע דורות.

מיגער איז אַריין אין דער חברונער גאַס, די שטילסטע און עלטסטע אין ירושלים. קלאַפּנדיק אַן די שטיינערנע טרעפּ. וואָס די גאַס איז, האָט ער זיך געדרייט אַן די פינסטערע זייטיקע וואָס די גאַס איז, האָט ער זיך געדרייט אין די פינסטערע זייטיקע געסלעך, וועלכע זענען אים אַזוי גוט באַקאַנט, נאָך פון דער צייט

אָט איז דאָס קליינע שטיבל, וווּ די צוויי אַלטע יידן זענען דערשטאָכן געוואָרן פון די אינדישע סאָלדאַטן. און אָט פון יענע טרעפּ זענען אַראָפּגעלאָפן די אַראַבער, וואָס האָבן פאַרוואַלטיקט די צוויי מיידלעך. מיגער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין הויף, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ טיפער גרוב און האָט זיך געלאָזן גיין מיט די טרעפּ, צו דעם שטיבל, וווּ די מיידלעך האָבן געוווינט, צו וואָס, האָט ער אַליין נישט געוווּסט.

אַ פּאָר קינדער, בלאַסע, מאָגערע, איינער אין אַ פוטערנער היטל און לאַנגע פּאות, דער צווייטער אין אַ לאַנגער העמד און שטריימל, האָבן זיך געוויזן אין אַ טיר, מיט שרעק זי פאַרהאַקט, נאָר גלייך האָבן זיי זי צוריק געעפנט און ווי מייזלעך, מיט בלישטשענדע אויגעלעך, אַרויסגעקוקט דורכן שפּאַלט.

מיגער האָט זיך האַסטיק אומגעקערט אין גאַס, געלאָפן ווייטער און האָט באַשלאָסן:

ער גייט אין דער קבוצה. פאַליע איז דאָך זיין שוועסטער. גע־טרונקען ברודערשאַפט.

אין זיין האַסטיקן גיין, האָט ער נישט באַמערקט, ווי ער איז געבליבן שטיין נעבן דער כותל־מערבי, און פאַרוווּנדערט אָנגע־קוקט די פיל מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, ווייל אין דער צייט, פריטיק, קומען צו דער וואַנט נאָר איינצלנע, פאַרשפּע־טיקטע צו מנחה.

ער שטייט, קוקט זיך איין אין די גרויסע ווערטער: „יעל בת ישראל'', וואָס איז געווען מיט שוואַרצן אָנגעשריבן אויף אַ שטיין, ביי וועלכן עס זענען געשטאַנען צוויי קליינע מיידעלעך און האָבן יאָמערלעך געקלאָגט: אוי, מאַמע, מאַמע!

— צדקה, צדקה, מצוה גדולה! — איז צו אים צוגעקומען אַן אַלטער, פראַנקישער ייד מיט איין אויג, גלייך איז צוגעקומען אַ צווייטער, אַ דריטער. אויטאָמאַטיש האָט מיגער אַריינגעלייגט אַ האַנט אין קעשענע, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט, און גלייך איז ער צוגעפרעסט געוואָרן צו דער וואַנט פון אויסגעשטרעקטע בעטלערס הענט, וועלכע האָבן געשריגן:

— צדקה, מצוה גדולה:

— אל מלא רחמים — האט זיך צעטראָגן אַ פאַרשטיקט קול. מיגער האָט געצאַפּלט. ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון דעם בעטלער־קרייז און איז געגאַנגען צום המון, וואָס האָט אַרומגע־רינגלט אַן אַלטן ספרדישן רבי, וועלכער האָט געמאַכט „אל מלא רחמים" נאָך די געהרגעטע, פאַרפייניקטע און געשענדעטע, האַרט אויף יענער זייט ים.

הילכיק האָט אָפּגעקלאַפּט דער הייזעריקער קלאַנג אָן די אַלטע שטיינער פון דער אוראַלטער, הייליקער וואַנט, וואָס איז אַזוי קאַלט און טונקל געשטאַנען, ווי זי וואָלט געוואָלט אָנזאָגן אַט די אַלע פאַרזאַמלטע, וואָס שטייען נעבן איר: — אָז זי הערט דאָס שוין, דעם קלאַנג, טויזנטער יאָרן.

מיט פאַרשפּיצטע אויגן האָט זיך מיגער לויערנדיק געשלוקט ביי די שטיינער. ער האָט נישט באַמערקט, אַז דאָס אָרט ווערט לידיק, מען צעגייט זיך לאַנגזאַם. אַ טיפער שאָטן איז געפאַלן פון דער וואַנט צו דער ערד.

— אללא איל אלא — איז שרייענדיק אַראָפּגעפאַלן פון דעם מינאַרעט איבערן וואַנט. אַ טערקישער גייסטלעכער האָט גערופן צו דער נאַכט־תפלה.

— גלאָן, גלאָן, גלאָן, — האָט פרעך געענטפערט אַ קירכן־גלאָק אין דער נאַכט אַריין, וואָס איז אַלץ מערער צוגעפאַלן די וואַנט.

---

שוין גוט פינסטער, ווען מיגער איז געקומען אין דער קבוצה. אין עס־צימער האָט ער געטראָפן פאַליען. זרובבל און בן־אבי האָבן איר געהאָלפן צוקלייבן און אויסקערן דעם צימער.

— שלום, שלום! האָבן זיי אים פריילעך באַגעגנט, און גלייך אָנגעהויבן אַרויפשטעלן אויפן טיש, וואָס איז איבערגעבליבן פון זייער נאַכט־מאָל.

— ווי קומט איר אַזוי שפּעט? — האָט פאַליע הויך אַ לאַך געטאָן פון זרובבלס שטילן וויץ, וועלכער האָט אויסגעקערט דעם צימער

מיט אַ קרעכץ האָט מיגער געעפֿנט דאָס מויל. ער האָט זיך אָפּגעביסן די צונג. אַלע האָבן געלאַכט, זעצנדיק זיך בײַ דעם טיש.

פֿונעם צווייטן צימער, דורך דער וואַנט, האָט זיך געהערט אַ שטילער זשומען, אַזוי ווי מען קריגט זיך.

— דער ייִדישער אַרבעטער האָט נישט קיין צוקונפֿט אין ארץ־ישׂראל — האָט געשריגן אַ גראָבער באַס, — שטעל זיך פֿאָר אַפֿריקע, וווּ די נעגערס זענען אַזוי ביליק, וואָלט דאָרט אַן אייראָפּייִער געקאָנט טאָן די שוואַרצע אַרבעט?... דאָרט מוז דער אייראָפּייִער פֿאַרנעמען העכערע שטעלעס: פֿון אויפֿזעער. דאָס אייגענע איז אויך דאָ. מיר מוזן פֿריִער אויפֿהייבן דעם ווערט פֿון דער אַראַבישער אַרבעט, און דאַן וועלן מיר אויך קאָנען אַרבעטן.

— דו רעדסט נאַרישקייטן, — האָט זיך אָפּגערופֿן אַ צווייטע שטים, — דו ביסט דאָ, אין ארץ־ישׂראל, אַ טאָג אָן אַ יאָר, און דו ווייסט שוין וואָס דאָ טוט זיך.

פֿרעגנדיק האָט מיגער געקוקט אויף זרובבל און בן־אבי. יענע האָבן געשמייכלט. און דער באַס האָט ווייטער גערעדט:

— שטענדיק האָט איר איין ענטפֿער, אַז מען איז נישט לאַנג אין ארץ־ישׂראל ווייסט מען פֿון גאָרנישט. אָבער ענטפֿער מיר: וואָס וועט זײַן, ווען אין ארץ־ישׂראל וועט זיך אָנהייבן אַ גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג און מען וועט ברענגען אַרבעטער אַראַבער פֿון מצרים, וואָס האָבן שוין געאַרבעט אין ארץ־ישׂראל? און דו ווייסט דאָך וויפֿל עס האָבן געאַרבעט בײַ דער ענגלישער רעגירונג אין קריגס־צײַט...

— דאָס איז אַלע טאָג אַזוי — האָט בן־אבי געלאַכט, — לאָמיר בעסער אַרויסגיין אויפֿן באַלקאָן. דאָס איז בײַ זיי ביז אין דער פֿרי.

מיגער איז זיי נאָכגעגאַנגען. דער הימל, אַ ריינער און באַשטערנטער איז געהאַנגען, פֿאַרלירנדיק זיך אין טאָל צום ים־המלח, אַ שטילער רוישן, ווי פֿון די בערג, האָט זיך פֿאַרהאַלטן און געוויגט די הויכע בוימער בײַם באַלקאָן.

— וואָס זאָגסטו אויף דעם? — האָט זרובבל געוווּנקען צו

בן־אבי אויפן טיר, פון וואנען די צוויי שטימען האבן זיך דערהערט מיט א פלוצלינגער שטארקייט.

— איך זענט מאדנע מענטשן, — האט זיך בן־אבי פארטראכט אויסגעצויגן אויף דער ערד. — שטענדיק ווילט זיך אייך רעדן, דיסקוטירן און צוליב וואס?.. דא איז א לאנד פון ארבעט און נישט פון רעדן.

מיגער איז געזעסן נעבן פאליען, זי איז געלעגן אנגעשפארט אן די הענט און אים האט אנגעהויבן פארדריסן וואס ער איז געקומען.

— איך גיי צוריק, — האט ער זיך אויפגעהויבן.

— וואס הייסט? — האבן זיי זיך פארוואונדערט.

— וווהין ט'איר גיין ברודער, בלייבט דא, איר זענט דאך מיין ברודער, — האט אים פאליע מילד איינגערעדט. און בן־אבי האט צוגעגעבן:

— זעץ זיך מיגער. וווהין וועסטו גיין ביינאכט. דא איז זייער גוט.

זיי זיצן און שווייגן. א העלע פינסטערקייט האט זיך געצויגן פון דעם וועג, וואס האט זיך געוויסט נישט ווייט. נישט באמערקנדיק, אז ער גלעט פאליעס האר, איז מיגער געזעסן, איינהערנדיק זיך אין די שטילע ווערטער פון בן־אבי:

— מאדנע מענטשן זענט איר. פון אייער מוראדיקן גיהנום זענט איר אנטלאפן און געקומען אהער, וו עס איז אזוי רואיק און שטיל און איר האלט אין איין דיסקוטירן. אט איך בין שוין דא פופצן יאר אין לאנד און טראכט נאר וועגן איין זאך: ווי אזוי צו לעבן און ארבעטן רואיק. דאס איבעריקע וועט שוין אליין קומען.

זרובבל האט זיך א הויב געטאן פון ארט, אזוי ווי ער וואלט געוואלט עפעס זאגן, אבער ער האט געשוויגן און בן־אבי האט ווייטער גערעדט:

— ווען איר, זרובבל, וועט ליב האבן א מיידל, וואס וועט אייך ליבן, און איר וועט זי פארלירן איבער אייערע פילאזאפיעס,

דאַן וועט איר זען, אַז דאָס רעדן איז אַן איבעריקע זאַך, — האָט ער פּלוצלונג פאַרענדיקט מיט אַ זיפץ.

אַ שווערע שטילקייט. די שטילקייט איז נאָך מער אונטער־געשטראָכן געוואָרן פון די בוימער, וואָס האָבן זיך פּלוצלונג צע־דווישט. עס איז געווען אַזאַ שטילקייט, וואָס האָט אין זיך באַ־האַלטן און געלאָזט הערן דאָס קלענסטע פליסטערן ערגעץ אין די בערג און דאָס לאַכן פון אַ פוקסל, וואָס איז געלאָפן הינטערן פּלויט. מיגער האָט געלאָסן געזאָגט צו דער ווייטקייט אין דער נאַכט:

— ביים כותל־מערבי איז היינט געווען אַ הזכרה נאָך די גע־הרגעטע אין רוסלאַנד. דער ספרדישער רב, וואָס האָט געמאַכט די הזכרה האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן דערהרגעט איבער דעם, וואָס מיר זענען דאָ מחלל שבת און דאַווענען נישט.

---

שווער און איינגעבויגן, ווי אונטער אַ שווערער לאַסט איז פּאַליע אַראָפּ פון באַלקאָן, פאַרלירנדיק זיך אין דער נאַכט. מיגער האָט איר אַ ווייל נאָכגעקוקט, און דאַן איז ער אַראָפּ נאָך איר. אין טיר האָט ער זיך פאַרהאַלטן.

די נאַכט, איבערן וועג האָט זיך געטונקלט העל, און אין די בוימער איז זי געשטאַנען שטייף ווי אַ וואַנט, אַזוי, אַז מען האָט אפילו נישט געזען די פּאָר טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פון דער טיר. ווי אַ בלינדער איז מיגער אַראָפּ פון די טרעפּ, זוכנדיק אין דער נאַכט, אָבער פּאַליען האָט ער שוין נישט געזען, און טאַפּנדיק אין די בוימער איז ער לאַנגזאַם געגאַנגען.

— פּאַליע! — האָט ער זיך אָנגעקלאַפּט אַן אַ לאַנגער באַנק אין דער פינסטער.

— פּאַליע! — האָט ער היים־רחמנותדיק איבערגעחזרט אַראָפּלאָזנדיק זיך אויפן באַנק לעבן פּאַליען און אַרומנעמענדיר איר אַקסל, האָט ער וואַרעם געפרעגט:

— פּאַליע, וואָס איז מיט אייך?

— פאַר אונזערע זינד וועלן אויסגעהרגעט די אַלע, אויף יע־

נער זייט ים, — האָט זי אויסגעקרעכצט אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך זיין האַנט.

— פּאָליע, פּאָליע — האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער פינס־טער צום בוים און אירע אייזקאַלטע הענט צוגעלייגט צו זיין פּנים.

— לאָזט מיך אָפּ, וואָס ווילט איר פון מיר! — האָט זי מיט האַס זיך אָפּגערוקט, אָפּווישנדיק די הענט אָן איר קלייד.

— איך בין דאָך דיין ברודער, יועל, — האָט ער זיך געבעטן ביי איר, און ווידער אָננעמענדיק אירע הענט, האָט ער זיי געוואַ־רעמט מיט זיין אָטעם.

— איך האַס אייך! — האָט זי זיך מיט עקל אָפּגעוואָרפן, נאָר ווי אָן כח געלאָזן ליגן אירע הענט אין זיינע.

און פּלוצלונג האָט ער פאַר זיך דערזען פּאָליען ווי זי טאַנצט פאַר די קאָזאַקן.

ער זעט אַ גרויסן צימער, אין מיטן אַ גרויסן הענג־לאָמפּ און אַ גרויסן קיילעכדיקן טיש. אויף די ווענט הענגט דער ווילנער גאון, דער ב״ש טוב, אויסגעהאַקטענע פּרוכתן און מזבחן. ביים טיש זיצן גראָבע פאַרשוואָלענע נפשות מיט חזרשע אויגעלעך און גרויסע וואָנסעס און אַ האַלב־נאַקעטע שטייט פאַר זיי פּאָליע און טאַנצט אונטער די שמיץ פון דער ביימש.

די צניעותדיק־מיידלשע זילבער־ווייסע ברוסטן הויבן זיך אַרויף און אַראָפּ און מיט אַ מאַטאָווער בלאַסקייט שיינען זיי אַרויס פון אונטער די צעלאָזענע שוואַרצע האָר.

— איר מאַכט מיר וויי, — האָט זיך פּאָליע געבעטן. מיגער האָט נישט באַמערקט, ווי ער קנייטשט און קוועטשט אירע הענט.

— איך וועל אייך רופן יועל, איך וועל אייך רופן יועל, — האָט ער שטיל גערעדט — איך בין דאָך אייער ברודער — האָט ער זי געצערטלט.

— איך וועל דיך נישט אָפּגעבן, יועל, איך בין דיין ברודער.

— צבאַ־כאַ־אָ־אָה! — האָבן זיך צעשריגן אייגציטיס אַ פוקסל מיט אַ שאַקאַל נאָענט לעבן זיי. מיגער האָט זיך אָפּגעוואָרפן, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און פּאָליע, מיט גרויסע, דערשראָקענע אויגן, און האָר, וואָס זענען געשטאַנען אין

אַלע זייטן ווי נאָדלען, האָט אים אַ שטאַרקן שטויס געטאָן פֿון זיך און מיט אַ פֿאַרשטיקטן אויסגעשריי אַנגעהויבן אַנטלויפֿן פֿון אים.

— יועל, יועל, — האָט אים אַ שטויס געטאָן נאָך איר. ער האָט זי געכאַפּט, ווי מיט צוואַנגען האָט ער זי געקלאַמערט אין זיינע אָרעמס, איינרעדנדיק זי:

— יועל, וווהין אַנטלויפֿסט איר? איך בין דאָך דיין ברודער!

אַ שמילע און נאַכגיביקע, דעם קאָפּ אָפּגעקערט אָן אַ זייט, איז פֿאַליע געבליבן ליגן אין זיינע הענט, זי האָט זיך אפילו נישט געווערט, ווען מיגער האָט זי אויפֿגעהויבן און ווי אַ שלאָפֿעדיק קינד זי אַרויפֿגעטראָגן אויפֿן באַלקאָן און אַריינגעלייגט אין בעט. אַליין האָט ער זיך געלייגט אויף דער ערד.

אַלע זענען געשלאָפֿן. אַ בלויער שטערן האָט געפֿינקלט דורך דעם גרויסן עקאַליפּטוס, וואָס האָט זיך געהויבן הויך, הויך, ווי ער וואָלט דערגרייכן יענעם מילך־וועג, וואָס האָט זיך איבערגעבויגן איבער אים. מיטן בליק האָט זיך מיגער איינגעגעסן אין שטאַם פֿון דעם בוים, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ געוואַלדיקער ריז, אַ צוזאַמענגעגאָסענער מיט דער פֿינסטערניש אונטער אים. און אַ מאָדנער פֿאַרלאַנג האָט זיך ביי מיגערן דערוועקט. עס האָט זיך אים פֿאַרוואָלט וויסן, ווי אַזוי זעט אויס פֿאַליעס קערפּער אָן אונטערבלויזטער.

דער פֿאַרלאַנג איז געווען אַזאַ שאַרפֿער, אַז מיגער האָט זיך אַ קער געטאָן צום בעטל, אָבער ׳פֿאַליען האָט ער דאַרטן שוין נישט געזען. ער האָט נישט באַמערקט, ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען. ער האָט זיך אַריינגעלייגט אויף איר אָרט, און דערפֿילנדיק די וואַרעמקייט, — דאָס אָרט איז נאָך נישט אָפּגעקילט געוואָרן, — האָט ער זיך צוזאַמענגעדריט, באַהאַלטנדיק דאָס פּנים אין דעם וואַרעמען קישן...

---

אַ געוויין האָט אויפֿגעוועקט מיגערן. ער האָט זיך אויפֿגעזעצט. אין פֿלוג האָט ער נישט פֿאַרשטאַנען, ווו ער געפֿינט זיך, אָבער אומקוקנדיק זיך, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז אין דער

קבוצה. אים האָט געוווּנדערט דאָס געשריי און ער איז אַריין אין צימער.

דאָס עסן איז נישט גערירט. די האַלב־אָנגעגאָסענע גלעזער טיי — קאַלט. פאַליע מיטן קאָפּ אויפן טיש, אַ צעשויבערטע, איז געזעסן און געשלוכצט. בן־אבי, אַ בלאַסער, האָט געהאַלטן אַ צייטונג און זרובבל האָט געשריגן:

— אָבער פאַרוואָס, פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן?...

בן־אבי האָט איבערגעגעבן מיכען די צייטונג און דאָרט זענען געווען צוויי קורצע מעלדונגען אין שוואַרצע קעסטעלעך:

„ביום הששי ט״ו מנחם אב אבד א״ע לדעת אחד הפועלים החדשים מרדכי סטיל, מבנדרי שהגיע לפני ששה חדשים״.

„במוצ״ש אבד את עצמו לדעת הפועל... מסכוב שהגיע לפני שתים־עשרה שנים לא״י.

מיכער איז אַ ווײַלע געשטאַנען רואיק, דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו דער קליינער לאַנד־קאַרטע פון ארץ־ישראל, וואָס איז געהאַנגען בײַ דער טיר, אַראָפּרײַסנדיק פאַרבײַגײענדיק די אָנגיכטס־קאַרטלעך פון די יידישע קאָלאָניעס און האָט אָנגעהויבן האַקן מיטן קולאַק אין דער קאַרטע פון ארץ־ישראל, ביז ער האָט דורכגעהאַמערט אַ לאָך, און אַזוי ווי דאָס וואָלט אים בארואיקט, איז ער צו צום טיש און מיט איין צי אויסגעטרונקען אַ קאַלטע גלאָז טיי און אַזוי האַסטיק זי אָפּגערוקט פון זיך, אַז זי איז אַראָפּגעפאַלן פון טיש און צעשאָטן געוואָרן אויף שטיקלעך.

— וואָס שרײַסטו! — האָט ער זיך פּלוצלונג צעשריגן צו זרובבלען, קוקנדיק מיט האַס און צאָרן אויף בן־אבי, וועלכער האָט פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט, ווי אין אַ אומדערטרעגלעכן ווייטיק.

— מיט אונז צוזאַמען געפאָרן, — האָט זרובבל נישט געשוויגן, — דרײַ מאַנאַטן געשלעפּט זיך. אויסגעריסן געוואָרן. דער שטעטיקסטער און פרײלעכסטער חבר פון גאַנצן „השומר הצעיר״ איז ער געווען און איצט האָט ער זיך דערהרגעט, אַפילו ווייענדיק אויניקע חדשים אין ארץ־ישראל, פאַרוואָס?... — האָט ער פאַרבראָכן מיט די הענט.

— נאָך אַזוי פיל לײדן און צרות געקומען אין ארץ־ישראל און דאָ זיך גענומען דאָס לעבן...

— שװײג! דו הערסט! — האָט זיך פאַליע, אַ היסטערישע, אָפּגעריסן פון טיש און איז צוריקגעפאַלן.

בן־אבי, אַזוי װי ער װאָלט אין אַלעמען פאַרגעסן, װי ער װאָלט געװען אײנער אַלײן, האָט זיך אָנגעהויבן שאָקלען אַהין און אַהער און שטיל רעדן, אַזוי װי מיט דעם װאָלט ער זיך געװאָלט צו עפּעס דערגרונטעװען, מאַכן זיך קלאָר:

— צװעלף יאָר. די בעסטע יאָרן. די יוגנט געאַרבעט, צו די מיטעלע יאָרן זיך דאָס לעבן גענומען. װאָס האָט אים געטריבן צו דעם? צװעלף יאָר געאַרבעט דאָ בײ אַזעלכע שװערע באַדינגונגען. איבערגעלעבט האָ אַזוי פיל צרות און לײדן. אַלס טערקישער געפאַנגענער פאַרטריבן געװאָרן אין אַנאַטאָליע. אַנטלאָפן פון דאָרט. צוריק געקומען און געװאָרן אַ סאָלדאַט אין דעם יידישן לעגיאָן. אױסגעדינט זיך, װײטער געאַרבעט און איצט האָט ער זיך דאָס לעבן גענומען.

איך געדענק, אַלס סאָלדאַטן זענען מיר געשטאַנען בײם ברעג ירדן און געהיט דעם איבערגאַנג. דאָס איז געװען שױן נאָך די לעצטע צײט פון באַפרײט װערן. עס איז געװען היים און די קאָמאַנדעס האָבן געריסן שטיקער. איז ער געװען דער אײנציקער, װאָס האָט זיך נישט באַקלאָגט. ער איז געװען דער אײנציקער, װאָס האָט אונז אָנגערעדט, אַז אונזערע לײדן זענען פאַרן יידישן פאָלק, אונז געטרײסט, און איצט האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן. האָט ער שױן אַלע האָפנונגען פאַרלױרן? איז דאָס נישט אונזער אַלעמענס סוף?...

װי אַ שפּינװעבס, װי אַ נעץ, װאָס כאַפּט דיך אַרײן און זױגט די בלוט פון אונטערן נאָגל, האָבן בן־אבי׳ס רייד אָנגעפילט דעם צימער און אַלעמען צו דער עחד געבױגן. מײגער, װאָס איז געלעגן צוגעפּרעסט צום טיש, האָט זיך אין דרײען געבױגן. אַ פלוצלינגער צאָרן, אַ רציחה, האָט אים אָנגעכאַפּט, אַזש עס האָט אים געװאָרגן אין האַלז. ער האָט זיך איבערגעבױגן איבער דעם טיש, אַרײנשיפנדיק בן־אבי אין געזיכט:

— פון ווען אָן ביסטו עס געוואָרן א קלאָג־מוטער?!

---

דעם גאנצן טאָג שבת זענען אַלע אומגעגאנגען אַזוי ווי אַ שווערער קראַנקער וואָלט געלעגן אין שטוב. פּאָליע, אַ בלאַסע, פאַרחלשטע איז געלעגן אויפן באַלקאָן, אין בעטל, און אירע אויגן האָבן געברענט מיט אַ האַרטן פייערל איבער די קין־באַקן, וואָס האָבן שאַרף געשטאַרצט פון איר בלאַסן פּנים.

— פּאָליע יועל — האָט זי מיגער אַנגעהויבן אײַנרעדן, — קומט שפּאַצירן. וואָס וועט איר ליגן אַזוי. — נישט האָבנדיק קיין ענטפער האָט ער זיך נעבן איר געזעצט. זי האָט זיך אָפּגערוקט, נאָר גלייך זיך צוריקגערוקט, דריקנדיק זיך אַלץ שטאַרקער צו מיגערן.

— איך קאָן נישט מער, — האָבן אירע טרוקענע ליפּן אויס־געקרעכצט, אַרײַנכאַפּנדיק זײַנע הענט אונטער איר קאָפּ.

נײַגעריק האָט זיך מיגער איבערגעבויגן איבער איר און פילנדיק איר הייסן אָטעם, האָט זיך אין אים ווידער צעפלאַקערט דער פאַר־לאַנג צו זען איר אַנטבלויזטן קערפּער.

— איך קען שוין נישט מער — האָט זי געעפנט און פאַר־מאַכט די ברעמען, — אַלעמען פאַרלוירן, אַפילו דעם שיפס־ברו־דער און איך אַליין, וואָס בין איך?... דאָס הייליקסטע פון דער פרוי האָט מען בײַ מיר אכזריותדיק צוגענומען — האָט זי אָפּ־געשליידערט זײַנע הענט פון זיך אַ פאַרפלאַמטע.

— רעד נישט אַזוי, — האָט ער זיך געבעטן בײַ איר, אַרײַנ־נעמענדיק איר קאָפּ אין זײַנע הענט, — דײַן נאָמען איז יועל, נישט פּאָליע, פּאָליע איז געבליבן ערגיץ דאָרט אויפן צווייטן זייט ים. פון דעם טאָג, וואָס דו האָסט די ערד באַטראָטן, אין דער לופט זיך געריייניקט. יועל, דו ביסט דאָך מײַן שוועסטער. די שוועסטער פון צער און טרויער. ווען איך האָב דיך דערזען צום ערשטן מאָל האָב איך עס געפילט. אַ מאָדנער געפיל. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך קען דיך דורות־לאַנג, אַז ערגעץ אין דער פינסטערניש פון פאַרגאַנגענע דורות האָבן מיר זיך שוין איין מאָל געטראָפן און

איצט ווייטער באַגעגנט. מיין שוועסטער, מיין שוועסטער, — האָט ער זי שטיל געוויגט אין זיינע הענט.

ווי א קינד איז פאַליע געלעגן אין זיינע הענט, ווי אַ קעצל האָט זי געפירט מיט איר צינגל איבער די ליפן, וואָס זענען אַלץ רויטער און בונטער געוואָרן. זי האָט זיך אַלץ נענטער געבויגן אונטער זיינע רייד, ביז זי האָט אים פאַרמאַכט דאָס מויל מיט אירע ליפן.

---

זונגענדיק איז מיגער געגאַנגען שבת פאַרנאַכט פון דער קבוצה אין שטאָט. ער איז נישט געגאַנגען מיט דער גרויסער וועג, נאָר ער האָט געשניטן איבער די בערג הינטער דעם „דייטשן סאַני־טאַריום". אַרויסגייענדיק אויף אַ בערגל, פון וואַנען ער האָט זיך געדאַרפט אַראָפּלאָזן צו דער וועג, וואָס ציט זיך פאַרביי דעם „גריכישן מאָנאַסטיר" האָט ער זיך צוגעשטעלט.

בונטע פייער האָבן זיך געריסן פון הינטער אַ באַרג אין מערב. דער פייער האָט געפלאַקערט אין אַלע זייטן און זיך געשפּיגלט אין די שויבן פון די הייזער, וואָס זענען געלעגן אונטן, הויכע ביימער האָבן אַרומגערינגלט דעם פלאַכן דאַך פון דער „קבוצה" אַזוי, אַז מען האָט נאָר אַרויסגעזען אַ ווייסן פּאַס. מיגער האָט געפאַכעט אין די לופטן מיט זיין היטל. ער האָט באַגריסט די, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט און איז אַראָפּגעלאָפן פון באַרג.

— איך וועל גיין אַרבעטן אין דער קבוצה, — האָט ער געזען פאַר זיך פאַליען און געטראַכט, עס וואָלט איר זייער געפאַסט די קליינע מזוזה אויף דער גאָלדענער קייטל, וואָס ער האָט געזען אין אַ פענסטער פון אַ קלייט.

ביי זיך אין צימער האָט מיגער געטראָפן אַ בריוול פון אכסען, וואָס איז געווען געשריבן, ווי אַ טעלעגראַמע:

— דו האָסט צוגעזאָגט קומען. האַלט וואָרט. איך וואַרט אויף דיר.

ער האָט געלעזן די פּאָר ווערטער, טראַכטנדיק פריילעך, ווי פאַליע וועט דאָס זיין צופרידן, ווען ער וועט איר ברענגען די מתנה.

— איך וועל איר שרייבן, אַז איך בין נאָך קראַנק, — אָבער

באַלד האָט ער זיך פאַרכאַפּט, — זי וועט קומען צו פאָרן, — אומ־גיעַנדיק איבערן צימער, האָט ער אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין געריסן דעם בריוו אויף שטיקלעך און געמורמלט: זאָל איך יאָ פאָרן, זאָל איך נישט פאָרן, זאָל איך יאָ פאָרן, זאָל איך נישט פאָרן.

פּלוצלונג איז ער אַנטשוויגן געוואָרן, אײַנהערנדיק זיך אין עפּעס אין זיך, זיין פּנים איז געוואָרן אַלץ בלאַסער און שפּיציקער, די אויגן אײַנגעפאַלן מיט אַ הייטל פאַרצויגן און ווי אַן אויטאָמאַט, האָט ער געדרייט די קאָפּ פון איין קאַרטע צו דער צווייטער און דער איינגענער פאַרלאַנג, וואָס האָט אים געקוועלט אין דער קבוצה, האָט אים דאָ ווידער באַהערשט:

זען פאַליען ווי זי זעט אויס אַ הוילע. ער האָט געזוכט דעם נאָמען פון פאַליעס שטעטל, אָבער אין דער אָנקומענדיקער נאַכט, האָט די קאַרטע אויסגעזען ווי עפּעס אַ פלעק. ער האָט געקוקט אויף דער קאַרטע פון ארץ־ישראל, און האָט ווייטער אָנגעהויבן מורמלען, אַזוי ווי פון די קאַרטעס וואָלט ער געוואָלט אַרויסקריגן דעם ענטפער:

— זאָל איך יאָ פאָרן, זאָל איך נישט פאָרן. און אין דער איינגענער צייט, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען, ווי אַזוי ער האָט זיך באַקאַנט מיט אַכסען.

ער איז אַ סאָלדאַט אין דעם יידישן באַטאַליאָן. דער ענטוזיאַזם, וואָס האָט אים געטריבן אין באַטאַליאָן האָט זיך גיך אויס־געוועפּט, ווען ער איז געקומען אין באַרירונג מיט דער ווירקלעכ־קייט. איבערהויפּט האָט ער נישט געקענט איבערטראָגן, וואָס די יידישע סאָלדאַטן ווערן באַהאַנדלט ווי קאָליר־הויטיקע.

אין דער ענגלישער אַרמיי איז דער ווייסער סאָלדאַט אַלץ. אין דער ענגלישער אַרמיי, וואָס באַשטייט פון פאַרשידענע פעלקער, איז איינגעפירט געוואָרן, אַז יעדער פעלקס־סאָלדאַטן האָט זיך אירע באַזונדערע מיליטערישע פּאָליציי. אָבער אַ פאַרב־הויטיקע מילי־טערי פּאָליס האָט נישט קיין רעכט צו פרעגן ביי דעם ווייסן אַ „פּאַס", אַ דערלויבעניש צו גיין אין שטאָט, ווען די ווייסע מילי־טערי פּאָליס קענען פרעגן ביי אַלעמען. די יידישע באַטאַליאָנען

האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע פּאָליציי אין די שטעט און קאָלאָניעס, די שוואַרצע מיליטערי פּאָליס פלעגן זיי אָפּשטעלן און פאָדערן די דערלויבעניש צו גיין אין שטאָט. די יידן פלעגן דאָס נישט וועלן ליידן און גאַנץ אָפט זענען פאָרגעקומען געשלעגן.

מיגערן האָט דאָס שטענדיק פאַרדראָסן, אָבער אַכסע האָט אים דערוויזן, אַז אַ סאָלדאַט טאָר נישט זיין קיין מענטש, דאַרף נישט האָבן קיין אידעאַלן, און די איינציקע זאַך, וואָס ער איז, דאָס איז טראָגן די קאַקי קליידער מיט די מעשענע קנעפּ און שטיין אויסגעצויגן פאַר יעדן קאָרפּאָראַל.

אַ פּסח האָבן זיך צוטראָגן קלאַנגען, אַז די אַראַבער קלייבן זיך באַפאַלן די יידישע קאָלאָניעס. דאַן איז אַרויסגעקומען אַ באַפעל, אַז די יידישע סאָלדאַטן טאָרן נישט קומען אין די שטעט און קאָלאָניעס. זיי מוזן זיצן פאַרשפּאַרט אין זייערע לאַגערן. מען האָט די יידישע סאָלדאַטן געשיקט אַרבעטן אין די מיליטערישע מאַגאַזינען, ווייסע סאָלדאַטן האָבן דאָס קיינמאָל נישט געטאָן. מיגער איז געוואָרן דער ערגסטער סאָלדאַט. וואָכנווייז פלעגט ער פאַרלאָזן דעם קעמפּ אָן אַ דערלויבעניש און דערנאָך באַקומען זיין שטראָף, עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז עס האָט געהאַלטן, אַז ער זאָל געשטעלט ווערן פאַר אַ מיליטערישן געריכט.

ווען אַ סאָלדאַט גייט אַוועק און קומט אויפן צוואַנציקסטן טאָג, דאַן משפּט אים דער קוירנעל. ווען אָבער אַ סאָלדאַט פעלט פון לאַגער איין־און־צוואַנציק טעג, דאַן ווערט ער פאַררעכנט פאַר אַ דעזערטער, און ווען ער קומט, ווערט ער געמשפּט פון אַ מיליטערישן געריכט. איין מאָל, ווען מיגער איז אויף דעם ניינצנטן טאָג פון נישט זיין אין לאַגער געגאַנגען צוריק, האָט ער זיך פאַרהאַלטן אין דער קאָלאָניע ר.... וואָס איז געווען אַ שעה מיט אַ האַלבע ווייט פון דעם לאַגער. פאַרנאַכט איז ער געגאַנגען שפּאַצירן, האָט ער באַמערקט צוויי „רויטע היטלען", ער האָט זיך געוואָלט אַריינדרייען אין דער נאָנטער געסל, האָבן זיי אים אויך באַמערקט. האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין דער ערשטער שטוב, וואָס ער האָט פאַר זיך דערזען. אין אַ שטוב טאָרן נישט די „רויטע היטלער" אַריינגיין. דאָס איז געווען אַכסעס שטוב. ער האָט ביי זיי איבערגענעכ־

טיקט, און מיטן באַגינען אַוועק אין לאַגער, ווו ער האָט באַקומען זיין שטראָף. 20 טעג זיצן אין דער לאַגער־תפיסה און פאַר די 20 טעג האָט מען אָראָפּגערעכנט פון זיין מיליטערישן געהאַלט.

פון דעם טאָג אָן איז מיגער ווידער געוואָרן אַ גוטער סאָלדאַט. יעדן שבת פלעגט ער קומען אין קאָלאָניע, פאַרבייגיין ביי אַכסען. אַכסעס מוטער האָט אים זייער ליב געהאַט און פיל מאָל, אין פרייע צייטן, האָט ער זיי אויך געהאָלפן אין זייער וויין־גאָרטן און אין פעלד.

מיגער האָט נישט באַמערקט, אַז אין צימער איז שוין פינסטער. אַ פאַרטראַכטער האָט ער זיך דערמאָנט פון יענע טעג, ווען ער איז געזעסן מיט אַכסען אויף זיין בערגל, אויף דער „ליבעס בערגל", ווי זיי האָבן די בערגל אַ נאָמען געגעבן.

— יאָ פאָרן, — איז ער אַ מידער צוגעגאַנגען צום טיר און זי פאַרהאַקט הינטער זיך.

---

פריִער האָט מען באַגעגנט מיגערן דעם פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען אין קאָלאָניע. די מוטער האָט גלייך אָנגעזאָגט אַכסען, אַז זי זאָל מאַכן אָרט פאַר אים אין דעם קליינעם צימערל און אויף דער נאַכט נאָכן עסן, ווען אַכסע איז אַרויס אין הויף דער־הערנדיק דאָרט אַ געשריי, האָט זיך די מוטער געקלאָגט פאַר מיגערן ווי שווער ס'איז פאַר אַ פרוי פירן די קאָלאָניזאַציע. די אַראַבער גאַרן אָפּ, די אַרבעטער אַרבעטן נישט, יעדער צופּט און רייסט ווו און ווי ער קאָן.

— אַט מיטן גאָרטן הייִנטיקס יאָר אַ געראָטענייש אויף טרויבן, גערעכנט צו באַצאָלן מיינע חובות, האָט מען אונז אָנגעזאָגט פון קעלער, אַז מען וועט נאָר נעמען זעכציק פּראָצענט פון די טרויבן, וואָס מיר האָבן. זיי האָבן נישט ווו די וויין צו פאַרקויפן, — זאָגן זיי, — האָט זי געווישט אירע אויגן.

— אַן אַלמנה טוט מען, וואָס מען וויל, — האָט זי מיט געבעט און האָפענונג געקוקט אויף מיגערן:

— אַך, ווען מיר האָבן אַ מאַנסביל אין שטוב.

מיגער איז געזעסן, געקוקט אויף דעם צעקנייטשטן פנים פון

אכסעס מוטער, אויף אירע פארלאשענע אויגן, אפגעטראגענע, אלטע קליידער, טונקעלע פארמאזאליעטע הענט און אנגעשוואלענע פינגער און האט שטיל געמורמלט:

— יא פארן, נישט פארן, יא פארן, נישט פארן.

— וואס זאגט איר? — האט זיך די אלטע אפגערופן.

— איך וועל אייך העלפן צוקליבן פון טיש — האט ער זיך אויפגעהויבן פון ארט.

— מען דארף נישט, מען דארף נישט: איכ'ל אליין, — האט זי בעטנד־אונטערטעניק, מיט א געמאכטער איילעניש אנגעהויבן אראפראמען פון טיש.

— וו איז חיים מיט שרהן? — איז איר מיגער נאכגעגאנגען מיט די טעלער.

— זיי נעכטיקן אין גארטן מיט די טרויבן, — האט זי שווער געזיפצט — קינדער דארפן אזוי שווער ארבעטן.

— מאסטורא! (פרוי) — האט א קול גערופן אין הויף.

אכסעס מוטער איז ארויס. מיגער איז געבליבן אליין. ער האט ארויסגעקוקט אין פענסטער, ווו עס האבן זיך געזען פייערלעך פון דער צווייטער יידישער קאלאניע, וואס איז געלעגן אויף א בערגל א שעה ווייט פון דער קאלאניע.

א היץ האט געיאגט פון די זומפן. א נידעריקער אראבער האט געפירט פיר קעמלען אנגעלאדן מיט טרויבן. פארביייגייענדיק האבן זיי מיט זייערע גרויסע מיילער געריסן הויפן בלעטער פון די ביימער.

מיגער האט געקוקט צו די גערטנער און מאנדל־ביימער, וועלכע האבן זיך פארלוירן אין דער ווייכער שטילקייט פון דער אנ־קומענדיקער נאכט. ער האט נישט באמערקט, ווי אכסע שטייט שוין א לענגערע צייט נעבן אים.

— מיר וועלן גיין שיקן די קינדער אהיים. איך וועל בלייבן מיט די טרויבן, — האט ער געמאכט ארט אויף פאר אכסען אין פענסטער.

— זיי זענען מיט מחמדן, עס מאכט נישט.

אין דער טיר האט זיך געוויזן אכסעס מוטער און הערזעענדיק

זיי, האָט זי מיט אַ פֿרומען שמייכל פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

— דו ביסט געזונט? — האָט אַכסע אַרייַנגעקוקט מיגערן אין די אויגן. מיגער האָט זי צאַרט אַרומגענומען:

— קום, אַכסע, שפּאַצירן.

זיי זענען אַרויס אין גאַס. אומצייליקע פֿייערלעך האָבן שוין געברענט אין די הייזער. עס איז געווען שטיקנדיק הייס. די גערטנער, אַרומגערינגלט מיט דער שטעכיקער מימאָזע, האָבן זיך פֿאַרלוירן אין דער טונקלקייט. דער הימל איז געווען אַ גאַנצער, אַ העלער, עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דו דאַרפֿסט נאָר אַרויפֿקריכן אויף יענעם אַלטן סיקאָמאָר, ביי משהם שטוב, און דו וועסט מיטן האַנט דערלאַנגען אָט יענעם גרויסן, בלויען שטערן, וואָס ווינקט און שימערט אַזוי ליבלעך און שעלמיש.

אַכסע האָט אַראָפּגענומען די שיך און געבאָדן די באָרוועסע פֿיס אין דעם וואַרעמען זאַמד, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן באַדעקן מיט אַ טוי. אין איר ווייסער קליידל האָט זי אויסגעזען ווי אַ באַוועגלעכער פֿויגל, וואָס רוקט זיך און זוכט אין דער נאַכט.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז איר מיגער נאָכגעגאַנגען און אים האָט זיך פֿאַרוואָלט זיין אין דער קבוצה. דאָרט, אין ירושלים, ער זעט ווי פֿאָליע ליגט אין זיינע אָרעמס. אַ שווערע וואַרעמקייט האָט אים געדריקט.

— אַכסע, לויף נישט אַזוי, — האָט ער שטיל געבעטן.

— דו ביסט נאָך קראַנק? — האָט אַכסע צוריק אָנגעטאָן אירע האַלבע שיכלעך און ווען זי האָט גענומען זיין אָרעם האָט זי געפֿילט, ווי ער ציטערט.

אויפֿן בערגל, הינטער די הייזער, האָבן זיי זיך צוגעזעצט. מיגער האָט זיך אויסגעצויגן, אַריינלייגנדיק זיין קאָפּ אין איר שויס.

— וואָס וועט זיין, מיגער? — האָט אַכסע געפּיטגערט זיינע האָר איינציקווייז, צופֿרעסנדיק אירע ליפּן צו זיין שטערן, וואָס האָט זיך געוויסט ווי ביי אַ טויטן.

— איך ווייס נישט, — האָט ער פֿאַרהויבן זיינע הענט איבער איר קאָפּ, צוגעצויגן צו זיך און געקוקט אין אירע אויגן, וואָס

האָבן אויסגעזען אויסערגעוויינלעך טיף און גרויס, און שוואך איר־בערגעפרעגט:

— צו וואָס פרעגסטו עס, אכסע?

— דו האָסט זיך געביטן מיגער, איך דערקען דיך ניט, — האָט זי אויסגעשיפּעט מיט אַזאַ טאָן, אַז ער האָט זיך אויפגעזעצט אַ פאַרלוירענער. ער האָט זי אָנגענומען פאַר די הענט, זיי זענען געווען קאַלט. ער האָט זי אַ קער געטאָן. איר קערפּער איז געווען שטייף און ניט נאָכגיביק. זי האָט ווייטער געשיפּעט:

— איניקע חדשים, ווי דו ביסט געוואָרן אויס סאָלדאַט, אַוועק פון דאַנען און איך דערקען דיך שוין ניט מער. פרעמד ביסטו מיר... — אַרויפלייגנדיק דעם קאָפּ אויף זיין אַקסל האָט זי געבעטן מיט שוועסטערלעכער ווייכקייט:

— דערצייל מיר, מיגער, וואָס איז מיט דיר? איך האָב מורא פאַר דיר.

זי האָט זיך ניט דערוואַרט קיין ענטפער און געערדעט:

— נעם מיך אַרום, מיגער, עס איז מיר אַזוי קאַלט...

מיגער האָט זי אַרומגענומען און געטוליעט צו זיך.

— מיר איז אַזוי קאַלט און אַזוי גוט, — האָט זי זיך גע־רעדט ווי זי האָט זיך געוואָלט איינפּרעסן אין אים, — נאָר מיט איניקע חדשים צוריק זענען מיר דאָ אַזוי געזעסן און איצט איז דאָס אַזוי ווייט פון מיר. די גאַנצע צייט האָב איך געהאָפט, אַז דו וועסט צוריקקומען. דו ביסט געקומען און, אַך, ווי פרעמד דו ביסט מיר. דו וואַרעמסט מיך ניט, מיגער! — האָט זי, צערייצט ווי אַ קינד, געשריגן מיט פאַרוואורף.

מיגער האָט זיך איינגעהערט אין איר שטילן רעדן און אַ מאָדנער אומרו האָט אים באַהערשט. ער האָט זי געהאַלטן אין זיי־נע אָרעמס, געדריקט זי צו זיך, געוואָלט זי אָנוואַרעמען אָבער ער האָט געפילט, אַז ער קען דאָס ניט. פון זיך אַליין האָבן זיך זיינע הענט אָפּגעלאָזן און האַלב איבערגעבויגן איבער זיינע קני איז זי געבליבן ליגן, ניט אויפהערנדיק צו דערציילן, אַזוי ווי ניט אים האָט זי געמיינט מיט איר רעדן, נאָר יענע ווייטע שטערן, וואָס

האָבן זיך געבאָדן אין דער הויך, אין דעם ווייסן שוים פון דער מילך־וועג, וואָס האָט זיך איבערגעוואָרפן איבער זיי.

— מיין איינציקער פרייד ביסטו געווען, איך שעם זיך ניט דיר דאָס צו זאָגן, מיכער. דו ווייסט דאָך אונזער לעבן אין קאָלאָניע: אָדער אַרבעט, אָדער זיץ א גאַנצן טאָג אין פענסטער. די מאַמע... א רחמנות אויף איר. די קינדער, זיי אַרבעטן אַנשטאָט רעדן, וואָס זיי זאָלן גיין אין שול, און וואָס וועט ווערן פון זיי? זיי זעען שוין איצט מערער אַראָבער ווי איך?... — האָט זי זיך, ווי א קאַץ איינגענורעט אין זיין שוים.

— וואַרעם מיך, מיכער. עס איז מיר קאַלט און דו ביסט מיר איצט אַזוי פרעמד! איך וווּנדער זיך, וואָס איך זיץ דאָ מיט דיר.

זי האָט זיך אונטערגעהויבן און פאַרוואָרפן די הענט איבער אים.

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי קאַלט? פאַרוואָס שווייגסטו אַזוי?

— איך ווייס נישט, אכסע, — האָט זיך מיכער שטיל אָפגערופן, — איך האָב געדאַרפט בלייבן א סאָלדאַט. אַלט בין איך געוואָרן, — האָט ער זיך פאַרטראַכט.

— זינט איך בין אַרויס פון סאָלדאַטן, איז דאָס מיט מיר געוואָרן, אין סאָלדאַטן טראַכט מען נישט. אַלץ גיט מען דיר פאַרטיקע. דו דאַרפסט נישט טראַכטן. הונדערטער מענטשן טראַכטן פאַר דיר.

א קינדער געוויין האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער נאָענטער שטוב, אָבער גלייך אָפגעהאַקט. און אייזל האָט זיך ערגעץ אין די גערטנער צעשריגן און אויך אַנטשוויגן געוואָרן. א וועכטער אויף א ווייַנגאָרטן האָט געצויגן דאָס וועכטער־ליד, וואָס איז געהאַנגען איבער די ביימער. מיכער האָט זיך איינגעהערט אין דאָס ליד, וואָס איז ביסלעכווייז צערונען געוואָרן אין דער נאַכט און האָט שטיל גערעדט:

— דו זעסט ווי הויך עס איז דער „גרויסער בער" און זוי שוין איז דער „אָריאָן" און מיין קאָפּ האַלט איך נישט אין דער הויך, שטענדיק ביי מיר צו דער ערד געבויגן. דער הימל איז נישט

באַר מיר. און ווען דו וועסט מיך פרעגן: פאַרוואָס!... האָב איך דיר נישט וואָס צו ענטפערן.

— איך האָב דאָ געאַרבעט, געווען אַ וועכטער, געהאָפט אויפן יידישן פאָלק. אין מיין אַרבעט האָב איך געזוכט אַ פריינט. די פרויען אין ארץ־ישראל זענען דאָך אַזוי האַרט און מענעריש. און ווען איך האָב זיך ביי אייך באַהאַלטן פון די מיליטערישע פּאָליציי, האָב איך דערפילט, אַז מיר זענען „נאָענטע". פאַרוואָס איז איצט נישט אַזוי!... ווייס איך נישט. פרעג מיך נישט, ווייל איך האָב דיר נישט, וואָס צו ענטפערן.

ארץ־ישראל, ירושלים, דאָס זענען אַזעלכע ווערטער, וואָס טרוקענען דעם מענטשן און מאַכן אים האַרט ווי אַ שטיין אָן אַ טראָפן געפיל עהכב...—האָט ער אָפּגעהאַקט און זי פעסט געדריקט צו זיך, באַהאַלטנדיק זיין פנים אויף איר ברוסט, וואָס האָט זיך הויך געהויבן.

— אָבער, וואָס בין איך שולדיק?

— ווער קען זאָגן, וואָס און ווער איז שולדיק, — האָט ער זיין קאָפּ נישט אויפגעהויבן און אַזוי זענען זיי געזעסן טרויעריקע, פאַרצווייפלטע, נישט באַמערקנדיק, אַז די אַגלה האָט זיך שוין צונויפגערוקט הינטער די ביימער, אין דער נאַכט, וואָס האָט ווייך, מילד־ליידנשאַפטלעך געאָטעמט אויף זיי.

מיגעד האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ און אָנגעשפּאַרט זיינע אויגן אָן יענעם זייט, וווּ די נאַכט האָט אין זיך באַהאַלטן די יהודה בערג און האָט שטיל גערעדט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין אין עפּעס איינגערעדט, און אין דער איינענער צייט געוואָלט באַרואיקן אכסען:

— אַ פאָלק האָט דאָ אַמאָל געלעבט. אַמאָל אין די אַלטע צייטן. זיי האָבן געלעבט און געשטרעבט צום לעבן. די יונגעלייט און יונג־פרויען האָבן דאָ קאַראַהאָדן געפירט און ליבעס געשפּילט ביז עס איז געקומען דער גרויזאַמער שיקזאַל און זיי אין אַלע עקן וועלט צעטריבן, צו שאַנד און צו שפּאָט געמאַכט. די פרעמדע שפּילן זיך מיט די יונג־פרויען, ווען יענע וויינען און קנעכט זענען די יונגעלייט, וואָס האָבן די לאַנד באַזעצט, און אַזוי אָן איבעריקייט.

אין דעם קנעכטשאפט און ליידן האט מען צו דער פארלארענער לאנד געשטרעבט. צו דער לאנד, אין וועמעס האפנונג, זיי האבן זיך דערהאלטן ביים לעבן.

— וואס מאכט פאליע. דו זעסט זיך מיט איר? — האט אים אכסע א היימעריקע איבערגעשלאגן.

— יא, — האט מיגער געענטפערט, אזוי ווי ער וואלט געזען פאר זיך דאס, וואס ער האט דערציילט און שטיל צוגעגעבן:

— אינזאם און אלט זענען מיר.

— קום, — איז אכסע אויפגעשטאנען און איינגעהויקערט, ווי זי וואלט קלענער געווארן, נידעריקער און מיט דער קאלטקייט און געלאסנקייט פון א מענטשן, וואס האט באגריפן אלץ, וויל שוין גארנישט, זוכט נישט און האפט נישט, האט זי אנגענומען מיגערן פארן האנט, געהאלפן אויפשטיין און זענען אראפ פון בערגל.

א קאלטער ווינטל האט געבלאזן פון יענער זייט, ווו אויפן ראנד פון הימל האט זיך געוויזן דער עמוד השחר, עס איז געווען שטיל, די שטילקייט פאר דעם אנקומען פון טאג.

ווען מיגער איז שוין געלעגן אין בעט האט זיך זיין טיר שטיל געעפנט. אכסע איז אריינגעקומען אין א לאנגער שלאף־העמד און צעלאזענע האר. זי האט זיך געלייגט נעבן אים פליסטערנדיק:

— ווארעם מיך, מיגער. עס איז מיר קאלט.

אין דעם קליינעם צימערל איז געווען היים און דומפיק. די מאסקיטעס האבן ביסיק געזשומעט. פון דרויסן האט א בוים גע־קלאפט אין וואנט. א העלע טונקלקייט האט זיך געטראגן אין פענ־סטער און אכסע איז געלעגן פעסט אנגעקלאמערט אין מיגערן און האלב־וויינענדיק, א צערייצטע אין לייד־שאפטלעכן עקסטאז גע־ביסן זיינע ליפן מורמלענדיק:

— ווארעם מיך, מיגער, עס איז מיר קאלט.

דע האן האט צום ערשטן מאל אויסגעזונגען אין הויף.

---

אויף מארגן האט זיך אכסע אפגערופן צו דער מוטער:

— מיגער פארט היינט צוריק אין ירושלים.

— וואָס הייסט! — האָט יענע אַראָפּגעלאָזן די הענט און די אויגן זענען געוואָרן פול מיט וואַסער. ווי אַ פאַרמשפטער איז מיגער געשטאַנען נעבן טיש.

— ער איז געקומען נאָר אויף איין טאָג, — האָט אכסע געדרייט דעם ברעג פון טישטוך און אירע אויגן מיט בלויע רייפן אונטער זיי האָבן געברענט מיט אַ טרוקענעם פייער. אירע ליפּן האָבן זיך געצוקט. מיגער האָט זיך אַ צי געטאָן צו איר.

— קום, איך וועל דיך באַגלייטן. דעם גאַנצן טאָג וועלן מיר נישט זיין אין דער היים, — האָט זי נאָך האַרטער אויסגערעדט, אָפּקערנדיק זיך צום פענסטער, אַזוי ווי זי וואָלט דאָרט עפּעס געזוכט.

— זייט געזונט, — איז מיגער צוגעגאַנגען צו אכסעס מוטער.

— אָבער, וואָס טוט זיך דאָ?! — האָט זי פאַרבראָכן מיט די הענט, קוקנדיק דאָס אויף איינעם, דאָס אויף דער צווייטער און האָט זיך פּלוצלונג אַראָפּגעזעצט אויפן בענקל, באַוויינענדיק זיך אַליין.

— ניי, וואָס שטייסטו! — איז אכסע צוגעלאָפן און האָט אַרויסגעשלעפּט מיגערן אין דרויסן, ווו זי האָט אים, שווייגנדיק, באַגלייט ביז דעם וועג, וואָס פירט צום באַן.

מיגער האָט זיך נישט געוואָרט. ער איז איר נאָכגעגאַנגען און האָט זיך געשאַפן אַ געפיל, אַז נישט אכסע גייט מיט אים, נאָר פּאַליע. אפילו דער שטייפער בייג פון איר נאַקן איז אויך פּאַליעס.

ביים שייד־וועג איז אכסע געבליבן שטיין. אַ שטייפע, אָנגעצויגענע האָט זי אים געגעבן איר האַנט, אָבער פּלוצלונג איז זי אים צוגעפאַלן קושנדיק:

— זיי געזונט. ווער ווייס אויב מיר וועלן זיך ווען זען, — און איז אַנטלאָפן.

לאַנג האָט איר מיגער נאָכגעקוקט און צוויי נעמען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין מח:

פּאַליע, אכסע; אכסע, פּאַליע.

---

קומענדיק אין ירושלים איז מיגער גלייך אוועק אין דער קבו־

צה. אין עס־צימער האָט ער שוין קיינעם נישט געטראָפֿן. יעדער איז געלעגן אין זיין צימער און האָט זיך אויסגערוט פֿון טאָג אַרבעט. מיגערין האָט דאָס זייער געוווּנדערט, ווייל דער לאָמפּ אין עס־צימער האָט נאָך געברענט. ער איז צו צום פֿענסטער זען אויב מען זיצט אין גאָרטן. ער האָט דערהערט אַ שטילן גערייד. מיגער איז געבליבן שטיין ווי אַ צוגעזאָדענער. ער האָט דערקענט פּאָליען מיט זרובבלען. ער האָט געוואָלט אַ הוסט טאָן אָבער אין האַלז האָט אים געוואָרגן.

— וואָס וועט זיין, פּאָליע? — הערט ער זרובבלס קול.

— איך ווייס נישט, — ענטפֿערט פּאָליע מיט אַ ציטער, — די לעצטע צייט פֿיל איך זיך אַזוי נישט גוט. דעם גאַנצן טאָג וואָלט איך געלעגן. די בייניער ברעכן מיר אַ שרעק.

— דו פֿיבערסט?

— איך ווייס נישט.

— וואָס וועט זיין, פּאָליע? פֿאַרוואָס זאָלסטו זיין אַזוי איינגעשפּאַרט?

מיגער האָט זיך אין פֿענסטער איבערגעבויגן איבער זיי און הערט ווי זרובבל רעדט ווייטער:

— וואָס וועט זיין, וועט זיין. דו זעסט אונזער לעבן. אויב מיר וועלן שטענדיק האָבן אַ קבוצה ווו צו אַרבעטן, וועט דאָס פֿאַר אונז זיין אַ גליק, ווען נישט, וועלן מיר מוזן אַרבעטן ביי די קאָלאָניסטן. קיינעם האָבן מיר נישט אין דער וועלט. מיינע זעענען דערהרגעט געוואָרן; דיינע אויך. איינער אַליין זענען מיר. לאָמיר לעבן צוזאַמען...

— איך קען נישט, — הערט מיגער פּאָליעס קרעכצן.

— פֿאַרוואָס, פּאָליע? — הערט מיגער ווי זרובבל האָט אָנגעהויבן רעדן זייער שנעל פּויליש פֿון וואָס ער האָט קיין וואָרט נישט פֿאַרשטאַנען. אַ שמערצלעכער אומרו האָט אים נישט געלאָזט איינשטיין אויפֿן אָרט. מיגער האָט זיך אָנגעשטרענגט האַלטן רואיק אָבער ער האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם נערוועזן ציטער און אָנקלאַפּנדיק זיך אָן די ווענט, אָן דעם טיש, איז ער אַרויס אויפֿן גאַניק, ווו ער איז אומגעפֿאַלן אויף דער ערד.

א צוזאַמענגעדריטער איז ער געלעגן און געפּילט, אַז זײַנע געדאַנקען װערן מאָדנע קלאָר. מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט איז פאַר אים דורכגעשװוּמען די לעצטע צייט זינט ער איז געזעסן אויפן באַרג ציון ביז זיין קומען אין קאָלאָניע און איצט דאָ אין קבוצה.

— װאָס איז דאָס געװען? — האָט ער זיך געװוּנדערט, פאַרמאַכנדיק די אויגן פון דעם שאַרפן שיין פון אַ שטערן, װאָס איז זייער נידעריק געהאַנגען און פונװאַנען עס האָט צו אים אַראָפּגענידערט אַ שלאַנקע פרויען־פיגור. אכסעס פיגור מיט פּאַליעס קאָפּ. מיט געבעט און אונטערטעניקייט ציט זי די הענט צו מײַנערן אין שרעקלעכע יסורים, װאָס זענען דייטלעך אָנגעצייכנט אויפן בלאַסן געזיכט. מײַנער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט.

— װאָס!? — הערט ער אַן אויסגעשריי. — װאָס רעדסטו?

און די געשטאַלט מאַכט צו אים אַ פּאָר טריט און קנייט פאַר אים. מײַנער פאַרשטייט, אַז דאָס איז נישט קיין װירקלעכקייט. דאָך נעמט ער אַרויס פון קעשענע די קלײנע מזוזה, װאָס ער האָט געקויפט פאַר פּאַליען און פרום שעפּטשענדיק: „שמע ישראל אדוני אלהינו אדוני אחד“, װיל ער דאָס צולייגן צו דער פרוייס ליפּן, אָבער זי װערט צעשװוּמען. דערװייטערט זיך פון אים.

— עס קען נישט זיין! עס קען נישט זיין! — הערט מײַנער אַ געשריי און אין דער אייגענער צייט זעט ער, װי פּאַליע גייט צום באַלקאָן, טאַפּט מיט דער האַנט, װי אַ בלינדע און פאַלט אום אויף דעם בעטל מיט פאַרבראָכענע הענט, שאָקלענדיס זיך אַהין און אַהער אין אומענדלעכער פאַרצװייפלונג.

— יועל, — איז ער צו איר צוגעקראָכן.

— יועל, — האָט ער צו איר געפּליסטערט, אָפּהאַלטנדיק איר שאָקלען זיך.

— װאָס טוט איר דאָ? — האָט זי אים באַטאַפּט מיט אירע הענט.

— יועל, — האָט ער אַלץ איבערגעחזרט.

— ווי קומט איר אהער? — האָט זי אין שרעק געקוקט אויף אים.

— גלייך פון באַן בין איך געקומען אהער. עפּעס האָט מיך נישט געלאָזט רוען. איך האָב געמוזט קומען.

— ברודער, פאַרוואָס האָבן זיי מיך אויך נישט דערהרגעט?

— איז זי צו אים צוגעפאַלן, ווי אין אַ קדחת.

שטיל האָט מיגער אַרויסגענומען די גאָלדענע מזוזה, אויפגעהאָנגען אויף איר האַלז, אַריינגעלייגט פאַליען אין בעטל, איינגעדעקט זי און געבליבן זיצן נעבן איר, הערנדיק ווי זי חזרט אַלץ איבער:

— פאַרוואָס האָבן זיי מיך אויך נישט דערהרגעט!

---

און אויף מאָרגן איז מיגער געבליבן אין דער קבוצה. בן־אבי איז נישט געווען, ער איז נאָך נעכטן אוועקגעגאַנגען אין ירושלים אַנקויפן פאַרשידענע זאַכן פאַר דער קבוצה. מיגער דרייט זיך אַרום אין הויף, גייט צו העלפן איבערזעצן די יונגע בוימעלעך, אָבער ער מוז באַלד אָפּלאָזן די אַרבעט. ער פילט, אַז די אַרבעטער באַציען זיך צו אים נישט ווי שטענדיק. זרובבל קוקט נישט אין זיין זייט. און זיי אַלע זענען אַזוי איבערגעטריבן פריינטלעך. און דאָ זעט ער, ווי פאַליע, וואָס האָט דאָ נעבן אים געאַרבעט, האָט זיך מיט אַ שמייכל, יסורים־מידיקן אויסגעשריי אַראָפּגעזעצט זיך אויף דער ערד, אָנהאַלטנדיק זיך ביים בויך. ער איז צו איר צוגעלאָפן.

— וואָס איז, יועל?

— גאָרנישט, — האָט זי זיך אויסגעגלייכט.

— דו פיבערסט? — האָט ער געקוקט אין אירע טיף־איינגעפאַלענע אויגן און פּנים, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ שווייס.

— אַרבעט נישט היינט, רו זיך אויס — האָט ער זיך ביי איר געבעטן.

— איך מוז אַרבעטן — האָט זי זיך אָנגעהויבן דרייען פון עפּעס אַ ווייטיק. און דאָ האָט זי פאַרוואָרפן די הענט אויפן קאָפּ און געבליבן זיצן רואיק, איינהערנדיק זיך אין זיך. דאָס געזיכט

האָט זיך אָנגעהויבן ליטערן און אַ שטילע פריידן האָט פון די אויגן אַרויסגעשיינט. לאַנגזאַם איז זי פון אָרט אויפגעשטאַנען און מיט געמאָסטענע טריט איז זי געגאַנגען צום באַלקאָן, ווו זי האָט זיך אַריינגעליגט אין בעטל.

אַ דערשראָקענער איז מיגער געשטאַנען, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. ער האָט זיך אומגעקוקט. ער זעט, ווי אַלע קוקן נאָך פּאַליען און שאָקלען צווישן זיך מיט די קעפּ, רעדן שטיל. ווי אימיצער וואָלט אים אַ שטויס געטאָן, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ בוים. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זרובבל האָט מיט פּאַליען גערעדט אונטערן פענסטער און ווי ער איז אַנטלאָפן אַ פאַרצווייפלטער.

— עס קען נישט זיין, — האָט ער געגעצט מיטן צונג די טרוקענע ליפּן. — עס קאָן נישט זיין, — האָט ער זיך אַ וואַקלענדיקער געלאָזט גיין, ווו פּאַליע איז געלעגן, פילנדיק אין דער איינגענער צייט, ווי אַלעמענס אויגן זענען אָנגעשפּאַרט אין זיין פּלייצע און ברענען אים.

די זון איז געשטאַנען איבער די עקאַליפּטוסן און געשיקט אירע זוניקע פּאַסן צום שטוב און אונטער די ביימער, ווו מיגער איז געגאַנגען קלאַפּנדיק מיט די פויסטן איינער אָן צווייטן.

פאַרבייגייענדיק דעם עס־צימער האָט ער זיך צוגעשטעלט, אַ טראַכט געטאָן און אַזוי האַקנדיק מיט די הענט איז ער צוגעקומען צו פּאַליען.

— יועל, וואָס איז מיט דיר? — האָט ער זיך צו דעם בעטל צוגעבויגן.

פּאַליע האָט געשוויגן. די קליינע מזוזה האָט זי געהאַלטן ביי די ליפּן.

אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לענג איז פּאַליע געלעגן. אַ שטילער, מילד־רואיקער שמייכל האָט זיך פאַרהאַלטן אין די ווינקעלעך פון מויל. די אויגן האָבן געברענט מיט אַ טרוקענעם פייער.

— יועל, שוועסטער, וואָס איז מיט דיר? — האָט ער זיין פּנים אין די הענט פאַרגראָבן נישט קענענדיק איבערטראָגן דעם שמייכל, וואָס האָט אַזוי נישט האַרמאָנירט מיט דעם גלאַנץ פון

די אויגן. ער האָט דערהערט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ און זעט, ווי איר פּנים איז געוואָרן צעקרימט פון יסורימדיקער ווייטיק, און די אויגן ווילן אַרויסקריכן פון זייערע נעסטן. זי האָט אים אַ כאַפּ געטאָן, צוגעצויגן צו זיך און אין דעם ווי פון יסורים האָט זי זיך גע־דריקט צו אים שעפּטשענדיק:

— צו וואָס, ברודער, צו וואָס... — און האָט זיך פּלוצלונג צעלאַכט, די אויגן אָנגעגאָסן מיט טרערן.

— יועל, — האָט זי מיגער אַריינגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס, נישט ווייסנדיק מיט וואָס זי צו באַרואיקן. און פּאַליע האָט נישט אויפגעהערט צו לאַכן מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ. זי האָט גע־לאַכט אָט צו יענעם גרויסן שטיק הימל, וואָס מען האָט געזען דורך די צווייגן פון די ביימער. זי האָט פּלוצלונג אָפּגעהאַקט, מיט ברייט פאַררייסענע אויגן און אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמ־קייט, איינגעהערט זיך אין זיך, ליגנדיק אומבאַוועגלעך. איר מויל האַלב אָפן, און דער שפּיץ פון איר צונג האָט זיך פאַרהאַלטן צווישן די צוויי צײלן ציינדלעך, וואָס האָבן אַרויסגעוויזט פון די האַלב אָפענע ליפּן.

מיגער האָט געוויגט אין זיינע אָרעמס:

— דערציייל, שוועסטער, וואָס איז מיט דיר...

האַסטיק האָט זיך פּאַליע אַ דריי געטאָן אין זיינע אָרעמס און אַריינקוקנדיק אים שאַרף אין די אויגן, מיט אַ פּנים ווי קאַלך, האָט זי געעפנט דאָס מויל אַזוי ווי זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן אָבער דאָ איז זי אויפגעשפּרונגען, אַרויסגעריסן זיך פון זיינע אָרעמס, אַראָפּגעשפּרונגען פון באַלקאָן רופנדיק אים: — קום, וואָס זיצן מיר דאָ?

---

דעם גאַנצן טאָג איז פּאַליע געווען זייער פריילעך. איר גע־לעכטער האָט געקלונגען אין די ביימער. זי האָט געהאַלטן אין איין אַרומטאַנצן פון שטוב אויפן באַלקאָן, פון באַלקאָן אין די ביימער. זי איז צוגעלאָפן צו זרובבלען, אַריינלאַכנדיק אים אין פּנים:

— אָנגעכמורעט, ווי אַ בער.

זי איז צוגעלאפן צו מיגערן, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסן אויפן באלקאן, באקוקנדיק איר, און אים געשלעפט מיט זיך, נאר זעענדיק, אז ער רירט זיך נישט, איז זי אראפגעשפרונגען פון באלקאן, רופנדיק:

— כאפט מיך, מיגער!

און פארנאכט, ווען אלע האבן אוועקגעלייגט די ארבעט, נאכן עסן, איז זי צוגעקומען צו מיגערן:

— קומט, ווייזט מיר די שטאט. איך האב דא נאך גארנישט געזען.

אבער ארויסגייענדיק אויפן וועג, וואס פירט קיין ירושלים האט זי זיך צוגעשטעלט:

— איך בין זייער מיד, איך קאן נישט גיין ווייטער.

זיי האבן זיך אומגעקערט.

מיגער איז אין דער קבוצה. ער גייט נישט צו זיך אהיים. אים דאכט זיך, אז אויב ער וועט פארלאזן די קבוצה, וועט מיט פאליען עפעס געשען. אזא געפיל האט ער.

די ארבעט אין דער קבוצה גייט ווי שטענדיק. מיט דער זון שטייט מען אויף. מען באגיסט מיט וואסער די קליינע ביימלעך. מען האקט אונטער די ווארצלען, מען זעצט זיי איבער פון איין ארט אויפן צווייטן. און שטענדיק קומט אזוי אויס, אז ווען מיגער וויל זיי העלפן, איז זיין הילף איבעריק.

בן־אבי איז אין דער היים נישטא. ער איז פארנומען מיט צו־גרייטן די קבוצה פאר דעם קומענדן יאר. ארויסקריגן די נויטיקע געלטער פון ,,ועד הצירים". זרובבל, ווי פריער, מיידט אים אויס און פאליע זיצט א פארטראכטע, מידע, ווי זי וואלט זיך איינגע־הערט אין עפעס. פון טאג צו טאג איז זי געווארן אלץ מאגערער, דער קורצער געזל שפיציק און האט אנגעהויבן טראגן ברייטע קליי־דער.

מיגער האט עטלעכע מאל געפרואווט זי צעשטרייען, מאכן פריילעכער, אבער זי פלעגט אים שטענדיק אפשטופן:

— לאז מיך צורו.

א שבת פארנאכט איז געקומען בן־אבי און האט דערציילט,

אַז אין בית־עם איז היינט אַ „נשף מיט ריקודים", עס וועט רעדן איינער פון די „גרעסטע ציוניסטן". פאַליע האָט אויסגעזען, ווי אַ 16־יאָריקע, יינגער אין איר טונקעלן קליידל און געשווירענע האָר, ווען זי איז מיט אַלעמען געגאַנגען אין בית־עם.

ווען זיי זענען געקומען איז דער בית־עם געווען געפּאַקט. די לופט, היים און שטיקנדיק, איז נאָך מער צעהיצט געוואָרן פון חעם נידעריקן סופיט און פאַר גרויסע בליץ־לאָמפּן. דער רעדנער האָט געהאַלטן אינמיטן רעדן. ער האָט דערציילט וועגן דער ערשטער ישיבה פון יוחנן בן זכאי, וועלכע האָט אויפגעהאַלטן דאָס יידישקייט נאָכן חורבן בית המקדש און האָט זיך געפּליסט צו דערוויזן, אַז אויך איצט איז דאָ איין איינציקע זאַך, וואָס קען צוציען די יידישע מאַסן אין דער וועלט קיין ארץ־ישראל און זיי זאָלן געבן זייער געלט, דאָס איז — דער אוניווערסיטעט אין ירושלים.

און דאַ האָבן זיך אָנגעהויבן די דיסקוסיעס. פאַרשידענע אַרבעטער אויף פאַרשידענע וועגן האָבן אָנגעהויבן דערווייזן, אַז נישט מיט אַן אוניווערסיטעט, נאָר מיט אַרבעט וועט מען צוציען די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל. זאָל מען שאַפן אַרבעט וועט שוין דאָס פאָלק אַליין קומען. ווייל דאָס פאָלק — דאָס זענען נישט די ציוניסטישע לערער און פקידים און אויך נישט די קאַפּיטאַליסטן.

— די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, — האָט איינער געדונערט פון דער בימה, — האָט פאַרלוירן דעם באָדן אונטער די פיס, זוכט מען אַ נייעם שפּילצייג — אוניווערסיטעט. צענדליקער, הונדערטער אַרבעטער הונגערן, האָבן נישט קיין אַרבעט און איר שרייט — אוניווערסיטעט. יונגע אַרבעטער אַנטלויפן פון לאַנד, ווו די אויגן טראָגן און איר שרייט — אוניווערסיטעט. אַרבעט דאַרפן מיר און נישט קיין אוניווערסיטעט. אַרבעט פאַר די יידישע אַרבעטער און נישט קיין שטעלעס פאַר פאַרשידענע אָנגעשטעלטע און לערער. און ווען עס וועט זיין אַרבעט, וועט דאָס פאָלק קומען און בויען זיין אוניווערסיטעט, — האָט ער כמעט געשריגן.

עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ געשריי. איינער דעם צווייטן האָט נישט געהערט. מיגער איז געשטאַנען, נישט אַראָפּלאָזנדיק זיינע

אויגן פון פּאַליען. ער זעט, זי ווערט אַלץ בלאַסער, מיט די הענט טאַפּט זי אין דער לופטן, ווי זי וואָלט געזוכט צו אָנהאַלטן. ער האָט זי אונטערגעכאַפּט און אַרויסגעפירט אין הויף.

— קראַנק, — האָט זי בלאַס געשמייכלט.

— קום בעסער שפּאַצירן, וואָס ווילסטו דאָרט טאָן? — האָט ער אָנגעוויזן אין בית־עם, וווּ די געשרייען האָבן נישט אויפגעהערט.

די האַלבע לבנה האָט צעטיילט די גאַס אויף צוויי העלפטן: שאָטן און ליכט. און פּאַליע האָט גערעדט גייענדיק:

— אַרבעט, אוניווערסיטעט, ציוניסטן. מאָדנע מענטשן. רעדן נאָר קענען זיי און נישט מער. אָט איך בין שוין דאָ דריי מאָנאַטן און איך האָב שוין געאַרבעט אין בית־גן, דערנאָך אַריבער אין כּנרת, פון דאָרטן — געהאַקט שטיינער ביים כביש און ווען איך בין קראַנק געוואָרן, בין איך אַפּגעפאָרן אין יהודה, וווּ איך בין אַריין אַרבעטן אין דער קבוצה. אין דריי מאָנאַטן אַזוי פיל פּלעצער געביטן. מיר בלייבן אָן געלט, אָן קליידער, אָן געזונט און אָן ענערגיע.

— לאָז צורו, — האָט שטיל מיגער געבעטן, — אָט די אַלע רעדנער זענען דאָך נישט קיין אַרבעטער. דאָס זענען דאָך פּקידים.

— אָך, — האָט זיך פּאַליע צוגעשפּאַרט צו דעם „יפוער טויער" אַ צונויפגעדרייטע פון ווייטיק.

— וואָס איז, יועל? — האָט זי מיגער אונטערגעהאַלטן.

— גאַרנישט, עס דרייט עפּעס אין בויך — איז זי אַ אָנגעשטרענגטע געגאַנגען ווייטער.

— מיר וועלן גיין צום „אַרמענישן קאָנווענט", דאָרט איז זייער שטיל, —האָט ער זי געפירט פאַרביי דעם אַלטן טויער, וואָס האָט אויסגעזען פאַרבישופט־שוואַרץ אין דער צייט. זיי זענען געגאַנגען פאַרביי „מצודת דוד", וואָס האָט אויסגעזען אָנגעברונזט אויף די אינדישע סאָלדאַטן פון דער ענגלישער אַרמיי, וועלכע האָבן געהיטן זיינע טויערן. זיי זענען פאַרביי די „קישלע", וווּ טאָג און נאַכט גריבלט מיט ענגלישער פּאָליציי און טערקישע

הימלען, זיי זענען אריין אין דעם שטילן געסל, וואָס פירט צו דעם קאָנוועגט.

הילכיק האָבן אָפּגעקלאַפּט זייערע טריט אונטער דעם אַלטן טויער, ווען זיי זענען אריין אין דעם רואיקן, שטילן הויף פון קאָנוועגט.

די לבנה האָט זיך געזען אין די צווייגן פון די אַלטע „סיקאָ־מאָרן" און געוואָרפן איר שיין אין די פענסטער פון קאָנוועגט, ווו עס האָבן זיך געשפּילט אַלטע, זילבער־באַדעקטע קאַרליקלעך און א גאָלדענער נעץ, וואָס איז געהאַנגען איבער דער גאַנצער וואַנט. א נעץ פון לבנה־שיין.

עס האָט געהערט א שטילקייט. די שטילקייט פון א ווייסטע אָדער די שטילקייט פון אַן אַלטער גאָטישער געביידע, וואָס ענטפערט מיט א הילכיקן ווידערקול אויף דיין קלענסטער באַוועגונג.

מיגער איז געזעסן אויף דער שטיינערנער באַנק, אונטערן בוים, פאַליע איז געלעגן אין זיין שויס און ער האָט איר פייערלעך דערציילט:

— דו זעסט אָט דאָ, — האָט ער געמאַכט מיט דער האַנט,— אָט דאָ איז געווען די אַלטע שטאָט ירושלים און דאָ איז געשטאַנען דער בית המקדש. פון אַלע זייטן, פון אַלע עקן וועלט, פרעמדע און אייגענע, יידן און קריסטן, זענען זיך געקומען בוקן צום יידישן גאָט. אָט דאָ, אויף דעם אָרט האָט זיך געצויגן דאָס פאָלק ישראל אין זיינע יום־טובים און געבראַכט קרבנות. און איבער די ערטער האָבן זיך געשלאָגן די פעלקער פון דער דעמאָלדיקער וועלט צו באַהערשן דאָס לאַנד פון ישראל. הונדערטער יאָרן האָט דאָס אַזוי אָנגעהאַלטן ביז מען האָט עס חרוב געמאַכט: זקנים האָט מען מיטן שווערד געהאַקט און קינדער אין פייער געוואָרפן. יונג־פרויען האָט מען געשענדעט און צוזאַמען מיט די יונגעליים — פאַר קנעכט געמאַכט, און אַזוי ציט זיך עס ביז היינטיקן טאָג. אויף די הייליקסטע ערטער האָט מען מוסולמאַנישע מעטשעטס אויפגעשטעלט און קריסטלעכע קלויסטערס אויסגעבויט און

פרעמד איז מען געוואָרן דעם אייגענעם לאַנד און פרעמד זענען מיר אין אַן אַנדער לאַנד.

איינס, האָט אָפּגעקלאַפּט אַ האַלבע שעה דער זייגער אין קאַנ־טוענט און הילכיק געקייקלט זיך איבער זיי אַזוי ווי דער זייגער וואָלט באַשטעטיקט, וואָס ער האָט דאָ דערציילט.

— אכככככ.....! — האָט אַ ווײ־געשריי דעריאָגט דעם זיר־גער־קלונג. מײַגער האָט זיך אויפגעכאַפּט און זעט, ווי פאַליע קייקלט זיך אין יסורים. אָבער גלייך האָט זי זיך אָנגעהויבן באַ־רואיקן.

— יועל, טײַערע, וואָס איז מיט דיר? — האָט ער געפּליס־טערט, אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט, אַז די נאַכט זאָל אים הערן. און זי האָט צו אים פיבערדיק געשעפּטשעט:

— אין שטעטל, אויפן בית־עולם האָב איך אַלעמען איבער־געלאָזן. די רייכסטע משפחה זענען מיר געווען און די גרעסטע. זענען געקומען די קאָזאַקן און האָבן אַלעמען דערהרגעט, נאָר פאַר דעם האָט מען געפּייניקט און פּייניקנדיק האָט מען זיך נאָך אָנגעלאַכט און געשענדעט. איינע אַליין בין איך געבליבן. מיט מיינע אויגן האָב איך אַלץ צוגעזען און איך וואונדער מיך, ווי לעב איך נאָך! איך בין פון שטעטל אַנטלאָפן, איך ווייס אַליין נישט, ווי אַזוי איך בין אַהער געקומען — זי איז אויף אַ ווײַלע אַנט־שוויגן געוואָרן און ווייטער גערעדט מיט איינגעהאַלטענער פאַר־ביטערטקייט און ווײ:

— איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל. געהאָפט האָב איך, אַז דאָ, אין דעם לאַנד פון אונזערע האָפענונגען וועל איך אפשר קענען פאַרגעסן. — האָט זי אָפּגעהאַקט.

מײַגער איז געזעסן אַ פאַרשטיינערטער אונטער דעם אומ־מענטשלעכן יסורים־געשריי פון דער פרוי. ער האָט זיך די הענט געביסן און געקלאַפּט מיט זיי אָן די שטיינער און האָט יאָמערלעך־אויסגעפּלאַצט:

— יועל, שוועסטער, רעד נישט אַזוי.

— וואָרעם מיך, ברודער. עס איז מיר קאַלט. איך ווער פאַר־

פרוירן, — האָט זי אים אַרומגענומען און געטוליעט זיך ווי אַ קינד.

— וואָס? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

— ווארעם מיך, מינער, עס איז מיר אַזוי קאַלט, — הערט מינער, ווי מ'בעט אים און אַ בלאַס געזיכט מיט גרויסע אויגן ציט זיך צו אים.

— אכסע, ווי קומסטו אַהער! — איז ער אויפגעשפּרונגען. פאַליע האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון זיינע קני און איז קרעכצנדיק געלעגן אויף די שטיינער.

— אכסע, וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען ווער עס האָט גערעדט.

שווער האָט זיך פאַליע פון דער ערד אויפגעהויבן און זעענדיק, אַז מינער חזרט אַלץ איבער: — אכסע, ווי קומסטו אַהער,— האָט זי אים אָנגעכאַפּט אַ דערשראָקענע:

— קום אַהיים, מינער, איך האָב מורא.

ווי פון אַ חלום האָט ער זיך אומגעקוקט און געטאַנצט פון טויער.

— מינער, איך שטאַרב! — האָט זיך פּלוצלינג פאַליע איינגעבויגן אין זיין אָרעם.

אויף זיינע הענט האָט ער זי אַרויסגעטראָגן צום „פּוער טויער" געמען אַ וואָגן און פירן זי אַהיים. די ווייען האָבן זי אָפּגעלאָזן אָבער זי איז געווען שוואַך. פונדערווייטן האָבן זיי דערהערט שטימען.

— זרובבל! — האָט נישט מיט איר קול אויסגערופן פאַליע. זי האָט זיי דערקענט; זיי זענען געגאַנגען פונם נשף.

— וואָס איז, פאַליע? — זענען אַלע צוגעלאָפן

— פיר מיך אַהיים — האָט זי זיך געבעטן. ווען מינער האָט זיך אויך געוואָלט זעצן אין וואָגן האָט זי נישט דערלאָזן.

— ניין, זאָל ער נישט פאָרן.

דער שטאָט־זייגער האָט געשלאָגן האַלבע נאַכט. מינער איז געשטאַנען, נאָכגעקוקט דעם וואָגן, וועלכן מען האָט שוין נישט

געזען. עס איז צוגעקומען א נאכט־וועכטער, געפרעגט אים, וואס ער טוט דא איינמיטן נאכט.

— דו ווייסט נישט, קען אכסע פארבייטן פאליען? — האט ער זיך שטיל צעלאכט אים אין פנים און איז אוועק מיט דער נאס איבערחזרנדיק — אכסע, פאליע, יועל. יועל, אכסע, פאליע.

---

— דו ווייסט, מיר האבן אפגעפירט פאליען אין האספיטאל — איז אויפן צווייטן אינדערפרי אריינגעפאלן צו מיגערן בן־אבי.

— זע, וואס איז מיט דיר? — איז ער געבליבן שטיין, טרעפנדיק אים אן אנגעטאענעם, — אזוי פרי אויפגעשטאנען?

מיגער האט נישט געענטפערט.

בן־אבי איז צוגעקומען נענטער און זעענדיק זיינע גלעזערנע אויגן און הייסן שטערן, האט ער אים געוואלט אויפהויבן און אריינלייגן אין בעט.

— דו האסט וויטער פיבער.

— וואס? — האט זיך מיגער אויפגעצאפלט ווי פון שלאף, אנקוקנדיק פארוואונדערט בן־אבין.

— וואס טוסטו דא?

— מיר האבן פאליען אפגעפירט אין האספיטאל.

— ווען?! — איז מיגער אן א היטל ארויסגעלאפן פון צימער. בן־אבי נאך אים. ביים האספיטאל האבן זיי געטראפן די גאנצע קבוצה.

— ווו איז פאליע? — איז מיגער צוגעלאפן.

— אין האספיטאל, — האבן אלע אים אויסגעמיטן, נאר זרובבל האט פעסט געדריקט זיין האנט.

— איך מוז זי זען! — איז ער צוגעלאפן צו דער טיר. דער וועכטער האט אים געהייסן קומען מארגן. היינט איז נישט דער טאג פאר באזוכער.

— אבער איך מוז זי זען, — האט ער נישט געהערט דעם וועכטער. יענער האט מיט א שטארקן קלאפ פארהאקט די טיר.

מיגער איז א ווײַלע געשטאַנען װאָן האָט ער אָנגעהויבן האַקן מיט די פויסטן אין טיר:

— איך מוז זי זען! איך מוז זי זען!

חברה האָבן אים פון דאָרט צוגענומען.

— אָבער איך מוז זי זען! — האָט ער זיך פּלוצלינג אויסגעריסן פון זייערע הענט און איז אַנטלאָפן.

דעם גאַנצן טאָג און נאַכט פלעגט מיגער צוגיין יעדע שעה צום טיר־וועכטער בעטן אים, אַז מען זאָל אים אַרײַנלאָזן. אַזוי ביז מען האָט געעפנט די טירן פאַר די געסט.

מיגער איז געלאָפן, נישט פרעגנדיק קיינעם, ווי ער וואָלט געוווּסט ווו פאָליע ליגט. ער איז אַרײַן אין גרויסן ליכטיקן צימער מיט ווײַסע בעטלעך און איז גלײַך צוגעלאָפן צום נומער נײַן, און צוגעפאַלן:

— יועל, שוועסטער...

א געלע האַנט האָט זיך שוואַך פאַרהויבן און אַראָפּגעפאַלן אויף זײַנע האָר.

— יועל, שוועסטער, — האָט מיגער געקרעכצט, קוקנדיק אויפן גרויסן בויך, וואָס האָט זיך געהויבן, ווי אַ אָנגעשטאָפּטער זאַק פון אונטער דער קאָלדרע.

— איר טאָרט מיט איר נישט רעדן. זי טאָר זיך נישט אָנשטרענגען — איז צוגעגאַנגען אַ קראַנקן־שוועסטער.

מיגער האָט געקוקט און פאָליען נישט דערקענט. צוויי דינע פאַרברענטע ליפּן, שפּיציקער, לאַנגער נאָז, אײַנגעפאַלענע שוואַרצלעך־וואַקסענע באַקן, וואָס האָבן געברענט ווי אַ פײַער.

— מיגער — האָט מען אים גערופן פון אַ צווייטן בעט־

— מיגער, דו דערקענסט מיך נישט?

— אכסע, דו? — האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן.

— יאָ, איך...

מיט אַ פאַרשטיקטן אויסגעשריי איז מיגער אַרויסגעלאָפן פון דעם צימער. אויף די טרעפּ האָט אים אָנגעכאַפּט בן אַלטע פרוי.

— וואָס ווילט איר?

— ווי נאָר איר זענט אוועקגעפאָרן האָט זיך אכסע פאַרסמט, — האָט די פרוי געוויינט.

— הא, וואָס? — האָט ער זיך א ריס געטאָן צו א דאָקטאָר, וואָס איז ערשט אריינגעקומען.

— וואָס איז מיט פאַליען?

— ווער? — האָט יענער נישט פאַרשטאַנען.

— וואָס איז מיט יועלן? — האָט מיגער אנגערופן דעם נומער פון בעטל.

— זי איז אייער פרוי? — האָט דער דאָקטאָר איבערגע־פרעגט.

— וואָס איז מיט פאַליען, מיט יועלן? — האָט מיגער נישט געהערט.

— זי האָט געהאַט א מפּיל, בעט נאָט פאַר איר. מיר קענען איר שוין נישט העלפן.

— און אכסע?

דער דאָקטאָר האָט נישט געענטפערט און געוואָלט אַפּגיין.

— אה! — האָט זיך מיגער אויף אים א וואָרף געטאָן, אָבער גלייך, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען, וואָס ער טוט, האָט ער זיך אַנט־שולדיקט און איז מיט גלאָסענע טריט אַרויס פון הויף.

ווען ער איז געקומען אין צימער האָט ער גלייך גענומען און צעריסן אַלע פאַפּירן, וואָס ער האָט דאָרט געפונען, האָט אויגענע האָט ער אויך געטאָן מיט די ביכער און געעפנט זיין פענסטער.

א פרישע, ווי אויסגעבאָדן אין דעם טוי פון דער נאַכט, איז די זון געשטאַנען איבער די בערג און טאָלן. די טונקל אַלטע טורעמס פון שטאָט־מויער, דער טור מלכה אויפן הר הזיתים, דער שפּיץ קלויסטער אויפן רוסישן הויף, דער מינאַרעט פון מקום מקדש, האָבן זיך אַלע געפריילעכט און פאַרהאַלטן אין זיך די זון, וואָס האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער.

מיגער איז געזעסן קעגן די קאַרטעס, געגלעט מיט די אויגן די וואַרימע זונען פלעקן, איינהערנדיק זיך און עפּעס אַנגע־שטרענגט. זיין פנים האָט זיך אַנגעהויבן פאַרדעקן מיט א שאָטן

און די אויגן גרויס און גלעזערדיק האָבן זיך איינגעשפּיצט אין דער קליינער לאַנדס־קאַרטע פון אייראָפּע.

ער זעט, אַז דאָרט, ווו עס דאַרף זיין פּאָליעס שטאָט, הויבט זיך עפּעס אַ פּרויען־געשטאַלט. האָט ברייטע, ווייסע קלייד פאַלט אַראָפּ, ווי אַ וואַסער.

ער קוקט זיך איין און זעט, אַז דאָס פרויען־געזיכט האָט איבערן ראַנד, ווו עס ליגט דער אייזיים, איז אים זיכער באַקאַנט. און די פיגור באַוועגט זיך אַהין און אַהער מיט די הענט איבער אים, אַז אַט אַט, רירט זי אים אָן.

— עס קאָן נישט זיין! — האָבן זיך זיינע האָר אויפגעהויבן ווי נאָדלען.

— ווי קומסטו אַהער? — האָט ער דערקענט אַכסעס קאָפּ, וועלכע האָט אים אָנגעוויזן אויף דער צווייטער וואַנט.

אָן זיין ווילן האָט ער געקערט דעם קאָפּ צו דער צווייטער קאַרטע, צו דער קאַרטע פון ארץ־ישראל, און ער זעט, ווי עפּעס אַ שוואַרץ, ברייט קלייד איבערגעכאַפּט מיט אַ גאַרטל, — ווייזט זיך אויף דער קאַרטע — און אַ פּנים ווי וואַקס איבער וועלכן עס פאַלן קורץ־געשוירענע האָר, און בעט זיך:

— וואַרים מיך, מינער, עס איז מיר קאַלט.

מינער וויל זיך אויפרייסן פון אָרט, אָבער ער פילט, אַז דאָס בענקל לאָזט אים נישט אָפּ. אַז די האַלב־קיילעכדיקע ווענטל האָט זיך אים איינגעגעסן אין פלייש און צאַפּט פאַמעלעך זיין בלוט.

— יועל, שוועסטער! — האָט ער געשריגן, נישט הערנדיק זיין קול. דאָס געשטאַלט אויף דער קאַרטע דרייט זיך אין שרעק־לעכע יסורים. מאַכט מיט די הענט, רייסט זיך אַזוי ווי זי וואָלט מיט וועמען געקעמפּט, און ער זעט, ווי זי פאַלט צו דער ערד און בעט זיך ביי אימיצן אין שמערצלעכן פּיין און טויטלעכער מורא.

מינער זעט, ווי טונקעלע טראָפּנס בלוט רינען אַראָפּ פון דער קאַרטע און פאַלנדיק אויף דער עחד, האַמערט עס זיין מח.

— וואַרט, שוועסטער, איך קום! — האָט ער זיך געריסן פון בענקל און אין דער געוואַלדיקער אָנשטרענגונג האָט ער פון זיך די קליידער אַראָפּגעריסן און געבליבן אַ האַלב־נאַקעטער. און

דאָ זעט ער, ווי אויף דער צווייטער קאַרטע לויפט אום אכסע, אַזוי ווי זי וואָלט געזוכט אַ פּלאַץ צו באַהאַלטן זיך און בעט זיך ביי אים, אַז ער זאָל זי פון עפּעס ראַטעווען.

— אככאַ! — האָט ער אַראָפּגעריסן ביידע קאַרטעס פון דער וואַנט און ער זעט, ווי ביידע פרויען־געשטאַלטן כאַפּן זיך אַרום אין פאַרצווייפלטן שרעק, און פון יעדן בויג פון די קאַרטעס, פון יעדן פינטעלע און פּאַסיקל רייסן זיך אַרויס ווילדע געשטאַלטן מיט גרויסע ציין, אָפענע מיילער און וואַרפן זיך אויף די מיידלעך.

— וואַרט, וואַרט! — האָט זיך מיטער אַ וואָרף געטאָן אויף זיי, געראַנגלט, באַשיצן די פרויען... ער פילט, אַז קלעפּ פאַלן אויף אים פון אַלע זייטן... בלוט רינט פון אים. ער זעט, אַז אַט די גרויסע געשטאַלטן דערנעענטערן זיך אַלץ מער און אַט באַדעקן זיי אים מיט זייערע גרויסע מיילער, פונוואַנען עס זעצט אַזאַ מאָדנער געדוך, עס דרייט אים דער קאָפּ, עס שווינדלט אין די אויגן און צווינגט אים זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד. אין פאַרצווייפלונג שלאָגט ער מיט די פויסטן, אָבער אין די אויגן איז אים פינסטער און די געשטאַלטן לאַכן... לאַכן...

---

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען בן־אבי און זרובבל זענען גע־קומען רופן מיטגערן צו גיין אין האָספּיטאַל, האָבן זיי געטראָפן אים זיצנדיק אויפן דיל איבער די ברעקלעך פון די צעריסענע קאַרטעס. ער האָט זיך געשפּילט מיט זיי.

# אויף די דאָרדאַנעלן

אין גאַליפּאָלי האָב איך נישט גענומען קיין אָנ־טייל. די דערציילונג גיב איך אַריין אין בוך צוליב איר היסטאָרישן ווערט. וועגן ערשטן לעגיאָן, וועגן גאַליפּאָלי, איז זייער ווייניק געשריבן געוואָרן.

ז. ב.

אין די שטילע נעכט איז דאָס געווען. אין די ארץ־ישראל מילד־צאַרט שמעקעדיקע נעכט, ווען די לופט איז אַזוי ווייך און נעמט דיך אַרום, ווי די ערשטע ליבע פון אַ יונג־פרוי. דאַן, אין די נעכט בין איך מיט מיין חבר מאַרגאַלים אַרומגעגאַנגען און ער האָט עס מיר דערציילט. פון אַ קליינער רוסישער שטעטל איז מיין חבר געווען, פון וואַסילקאָווע.

אַ הויכער, אַביסל איינגעבויגענער איז מיין חבר און רעדט שטיל, געלאַסן, געציילטע ווערטער, אַזוי ווי אים קען שוין גאָר נישט שרעקן און קען פון גאָרנישט נתפעל ווערן. אַ לעגיאָנער פון דעם „ציון מויל קאָרפּ" האָט ער דורכגעמאַכט דעם גאַרדאַנעלן־קאַמף, מיט אירע שרעקן און ליידן, צער און ווי, ווען מען האָט צעלאָזן דעם ערשטן יידישן באַטאַליאָן.

אַ לעגיאָנער אין ערשטן יידישן באַטאַליאָן, איז ער אויך געווען פון די ערשטע, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם צווייטן יידישן באַטאַליאָן. גרויס איז די ליבע און אָפּפערווילקייט פאַר דער אייגענער היים, צו דעם אייגענעם היימאַטס־לאַנד.

נאַכט איין, נאַכט אויס, ביי דעם ברעג פון יהודה, אַרום דעם שאָטן פון אונזער אַלטער פאַרגאַנגענהייט, האָבן פאַר מיר געקלונגען די שטאָלץ אָנגעווייטיקטע שטימען פון דעם מאָדערנעם יידישן העלד.

ביידע זענען מיר געווען סאָלדאַטן. ביידע די קאַקי־קליידער געטראָגן. ביידע געהאָפּט און ביידע האָבן מיר אויף זיך געטראָגן דעם שווערן פינסטערן שיקזאַל פון אונזער פאָלק. דער ערשטער לעגיאָן איז צעלאָזן געוואָרן. דער צווייטער לעגיאָן צעפאַלט זיך. פרעמדע זענען נישט צופרידן, אייגענע וואַרפן שטיינער און איינזאַם איז מען

נאכט איין, נאכט אויס, האט מיר מיין חבר דערציילט פון זיין שטרעבן צו זיין א סאלדאט און גריגדן דעם „ציון מיזל קארפ". און אויך האט ער מיר דערציילט, וועגן זיין לעבן אויף די דארדאנעלן, וואס איך גיב דא איבער. זאל דער ערשטער יידי־שער לעגיאן האבן זיין טרייסט אין דעם, וואס איך שרייב אלס באלויכטונג. זאל יעדער לעגיאנער פון דעם ערשטן יידישן באטאל־יאן, ווען ער וועט עס לעזן, זאל האבן דאס ביסעלע באפרידיקונג פאר די אלע אומגערעכטיקייטן, וואס מען איז באגאנגען קעגן זיי.

זאל דאס זיין א דענקמאל פאר יענע שטילע געפאלענע העלדן, וועמענס נעמען זענען אפילו נישט פארציינט, און וואס האבן אין זייער שטרעבן און קאמף פאר אן אייגן לאנד באגאסן מיט זייער בלוט די ווילדע, גרויזאמע פעלזן פון די דארדאנעלן.

* * *

אין דעם שיינעם אפריל־טאג 1913 זענען מיר 4 יונגע געזונ־טע בחורים אנגעקומען צו די ברעגן פון ארץ־ישראל מיט דעם איינציקן פארלאנג צו ארבעטן און באארבעטן דאס יידישע לאנד און די יידישע קאלאניעס.

שטיל איז געווען דער ים, ווען מיר זענען אנגעקומען צו די יפוער ברעגן, ליבלעך האט ער זיך געוויגט פאר אונזערע אויגן א פארשידן־פארביקער, ווי אויסגעגאסן פון צעלאזענעם גאלד האבן געברענט מיט פייער די פענסטער פון די הייזער ביים ברעג ים און דער שפיץ פון קלויסטער, וואס מיר האבן געזען פון שיף. מיט אומגעדולד האבן מיר געווארט, ווען די טערקישע באאמטע וועלן אונז ארונטערלאזן פון שיף. חיים ברוך דער האטעל־קיפער, וואס באגעגנט יעדע שיף, האט אונז געטרייסט, אז מיר האבן זיך נישט וואס צו איילן, ווייל פיבער און „חאראדע" וועלן מיר נישט פארשפעטיקן.

אין שטאט, אין יפו, האבן מיר נישט געוואלט בלייבן. מיר האבן גלייך געוואלט גיין אין די קאלאניעס און שטעלן זיך צו

דער ארבעט. די ארבעטער־ביוראָ פון די פּועלי־ציון! האָט אונז טאַקע גלייך פאַרזאָרגט מיט ברויט און צעשיקט אין פאַרשידענע קאָלאָניעס. איך מיט נאָך איינינקע זענען אַוועק ארבעטן אין פתח תקוה.

פול האָפענונגען אויף אַ נייעם לעבן האָבן מיר זיך געשיידט.

ווי אַ פרילינגס־געזאַנג האָט אין אונזערע אויערן געקלונגען די העברעאישע נעמען פון די שטעט און נאָמען אין ארץ־ישראל. מיר האָבן זיך נישט געשראָקן פאַרן פיבער, מיר האָבן זיך נישט פאַרטראַכט וועגן דעם, אַז די יידישע קאָלאָניסטן נעמען נישט קיין יידישע ארבעטער. מיר האָבן געקויפט רעוואָלווערן און גע־לאָפן אין די קאָלאָניעס. פרייטאָג פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקור־מען אין פתח תקוה.

מיט אַ הילכיקן הידד האָט מען אונז באַגעגנט אין דער אר־בעטער־קלוב, און מיט אַ גלאָז בּרמלץ־ווין האָט מען אונז אַ ברוך הבא אָפּגעגעבן און מיט אַ הורא די ניי אָנגעקומענע צוגענומען און אַזוי דעם גאַנצן שבת. זונטאָג זענען מיר געגאַנגען ארבעטן.

שווער איז פאַר מיר געווען די ארבעט, אַן עקסטערנער פון רוסלאַנד, וואָס ווייס ער פון ארבעט? מיט בלאָזן זענען מיינע הענט באַדעקט געוואָרן און דער רוקן האָט אַזוי געבראָכן, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט אויסגלייכן. מיר האָבן געגראָבן גריבער, פאַר־פלאַנצט בוימער, שווער איז די ארבעט, אָבער וועמען אַרט עס? אויף דער נאַכט האָבן די אַלטע ארבעטער געלאַכט פון אונז און געלערנט:

— אַז מען זאָל מיטן שוויים וואַשן די הענט, וועט נישט זיין קיין בלאָזן, און אום דער רוקן זאָל נישט ברעכן? — האָט מען אונז געהייסן זיך אויסציען אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ און פינף מענטשן, איינציקווייז, האָבן זיך געשטעלט מיט די קני אויף אונזער רוקן, און נאָכדעם איז מען אַוועק אַ טענצל, נאָכדעם אַ דיסקוסיע וועגן דעם, ווי אַזוי מען זאָל דעראָבערן ארץ־ישראל וועגן דער ארבעט, וועגן דער צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז דער קריג איז געקומען.

* * *

פארמאכט האט זיך די יידישע באנק, אפגעשטעלט האט זיך די ארבעט, אין די יידישע קאלאניעס האבן די ארבעטער געהונגערט, די טערקישע רעגירונג האט געפאדערט סאלדאטן, האט מען זיך געדארפט אויסקויפן אדער אנטלויפן, און וואהין לויפט מען, ווען אלץ איז אפגעשלאסן, ווען קיין געלט איז נישטא?

די ארבעטער האבן זיך ארגאניזירט אין גרופעס. ביי א פאר הונדערט זענען מיר דאן געווען אין פתח־תקוה. האבן מיר איינער דעם צווייטן געהאלפן, און זינגען האט מען נישט אויפגעהערט, און א טענצל האט מען אויך געכאפט יעדן אוונט, און דא זענען אנגעקומען די רדיפות פון דער טערקישער רעגירונג. פאר יעדער קלייניקייט האט מען פאראורטיילט צום טויט.

מען רעדט העברעאיש — טויט, א יידישע שילד אויף א וואנט — טויט. פאר האלטן דאס געלט פון די קאלאניעס — אזעלכע צעטעלעך, וואס יעדע קאלאניע לאזט ארויס פאר איר אייגענעם געברויך — איז ווייטער טויט, מיט איין ווארט, פאר דעם קלענסטן חשד איז טויט־שטראף, און צו דעם האט נאך די טערקישע רעגירונג ארויסגעלאזן א פארארדענונג, אז אלע יונגע־לייט — אדער זיי זאלן זיך אנשליסן אין דער טערקישער ארמיי, אדער זיי וועלן פארשיקט ווערן ערגעץ אין דער טיפעניש פון טערקיי, וואס דאס האט אויך געמיינט סוף כל סוף טויט, נאך שרעקלעכע מאטערנישן פון די טערקישע באאמטע. איז געווארן א מהומה:

יעדער האט זיך געזוכט צו ראטעווען, ווער עס האט זיך אויסגעקויפט מיט געלט און ווער אויך זענען געווארן פרעמדע בירגער, שפאנישע, פארטוגעזישע, בולגארישע. פאר געלט האט מען אלץ געקענט מאכן, אבער וואס זאלן טאן די ארבעטער? האט אונז דאן געראטעוועט דער אמעריקאנער אמבאסאדאר, וועלכער האט אויסגעווירקט ביי דער טערקישער רעגירונג, אז מען זאל ארויסלאזן פון לאנד די, וואס ווילן נישט ווערן קיין טערקישע בירגער און האט געשיקט די אמעריקאנער קריגס־שיף „טענעסי" ארויסצופירן פון לאנד די פליכטלינגע. איז מען געלאפן.

די ארבעטער זענען געווען פארביטערט. עס ווילט זיך נישט פארלאזן ארץ־ישראל, וווּ מען האט אזוי פיל געהאפט און גע־ליטן. די ארבעטער־פארטייען האבן אליין נישט געוווּסט, וואס צו טאן און יעדער באזונדער האט געטאן, וואס ער האט געקענט. מען איז געלאפן פון ארץ־ישראל.

קליין איז געווען די צאל ארבעטער, וואס האט דאס לאנד פארלאזן, אבער גרויס איז געווען זייער האפנונג אויף א שנעלן אומקערן זיך.

און די טערקישע באאמטע האבן דערווייל געווילדעוועט. זשאנדארמען, רייטערס זענען אומגעלאפן איבער די גאסן און ווען זיי האבן נאר געכאפט, האבן זיי צום האפן מיט בייטשן געטריבן, אין די קליינע שיפלעך געווארפן און צו דער „טענעסי" געשיקט, וועלכע איז צו יענער צייט צום ערשטן מאל אנגעקומען אין יפוער האפן.

קליינע קינדער, עלטערע מענטשן, פרויען, מענער, — אלעמען צוגלייך האט מען אן רחמנות געווארפן אין די קליינע שיפלעך און געפירט פון ברעג. פיל זענען דערטרונקען געווארן. פיל זענען פון די ווונדן געשטארבן. עלטערן האבן זייערע קינדער פאר־לוירן, קינדער זייערע עלטערן, און קיינמאל נישט געפונען.

יעדע פיר, פינף טעג איז די „טענעסי" געקומען צו די יפוער ברעגן און גענומען די, וואס האבן געוואלט אוועקפארן. נישט געכאפט האט מען שוין אין די גאסן, אבער דערפאר האט מען געמאכט „אונטערזוכונגען". מען האט אויסגעטאן נאקעט סיי דעם מאן, סיי פרוי און אלץ צוגענומען, וואס מען האט גע־האט, אפילו ווען מען האט באהאלטן אונטערן קנאפל פון שוך. אבער איך האב די טערקן אפגענארט. א מאנוסקריפט פון מיינעם א חבר האב איך אין שטיוול פארנייט און אין מצרים געבראכט. אבער דאס איז שוין געווען מיט דער לעצטער „טענעסי"־רייזע, און אזוי ארום זענען מיר געקומען אלע גלייך, סיי ארעם סיי רייך, אין אלעקסאנדריע. אלע אן א סענט געלט, אלע מלחמה־קרבנות.

אלעקסאנדריע איז א גרויסע שטאט, וואס שטייט אויפן ברעג פון דעם מיטללענדישן ים, אויף זיין זאמדיקן ברעג. ווי

מיט צעוואָרפענע לאַנגע פינגער, אויסגעצויגן אין אַ פיערדיקן עקסטאַז, זעען זיך די באַנאַנען איבער די הייזער. יעדער מיל באַפעלקערונג אין שטאָט האָט זיך איר קוואַרטאַל, און די ענגלישע רעגירונג הערשט דאָרט מיט אַן אײַזערנער האַנט איבער די אַראַבער. ווען מיר זענען אָנגעקומען, איז די שטאָט פול געווען מיט סאָלדאַטן פון פאַרשידענע מינים געווער. די רעגירונג האָט אונז פאַרזאָרגט מיט עסן און שלאָפן. זי האָט פאַר אונז אָפּגעגעבן די „גאַבאַרא״. אַ גרויסע געבײַדע, וואָס איז שפּעטער צו פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל און וואָס איז איצט אַ מיליטערישע תּפיסה.

דאָס איז געווען אַ גרויסע, טונקעלע געבײַדע מיט פיל גרויסע און קליינע צימערן, ווו יעדע פאַמיליע האָט זיך געקענט אײַנאָרדענען באַזונדער.

דער צווייטער אָרט, וואָס מען האָט אָפּגעגעבן פאַר די אַנטלאָפענע פון ארץ־ישׂראל האָט געהייסן „מאַפּרוזע״, דאָס איז געווען וואַרשײַנלעך, אָדער שטאַלן, אָדער מאַגאַזינען, וואָס זענען געשטאַנען בײַם ברעג ים. אין די שטאַלן האָט מען אָנגעשטעלט „נאַרעס״, אָנגעוואָרפן מאַטראַצן און אַלע, קליין און גרויס זענען געלעגן צוזאַמען. דער דריטער אָרט איז געווען די „סינעמאַ״, וואָס מען האָט קאָנפיסקירט בײַ די דײַטשן, דאָס זענען געווען די דרײַ הויפּט־פּלעצער פון די ארץ־ישׂראלדיקע אַנטלאָפענע.

יעדער אָרט באַזונדער האָט געהאַט זײַן פּנים. פון זיך אַליין איז אויסגעקומען, אַז אין „סינעמאַ״ האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע יונגעלײַט. אין „מאַפּרוזע״ די ערשטע אַנטלאָפענע און אין „גאַבאַרא״ די חשובע באַלעבאַטים, אַזוי צו זאָגן, די אַריסטאָקראַטיע.

עסן האָט מען אונז געגעבן דרײַ מאָל אַ טאָג.

אין דער פרי ברויט מיט ענגלישע טיי און צוקער. מיטאָגצײַט, ברויט מיט זופּ, וואָס איז געווען פעט פון ציעקאַכטע ווערעם, און פאַרנאַכט נאָכאַמאָל ברויט מיט טיי אָן צוקער. פון איבער ביימען וועש אָדער קליידער האָט קיינער נישט געטראַכט, קיין געלט האָט מען נישט געהאַט, די היץ, אומגעהויער גרויסע, ווי זומער

אין מצרים, און דאָס אַלץ האָט אַזוי געמאַכט, אַז אין די געביידעם איז געווען שטענדיק שמוציק, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מען האָט זיי געריייניקט. די לופט איז געווען אַ פאַרדומפּטע און אַליין האָט מען זיך געהאַלטן אין איין קראַצן. אָבער אונזער הויפּט־אומגליק איז געווען, וואָס מיר האָבן געוווסט, אַז מיר לעבן אויף אַ פרעמדן רעכענונג, און אַרבעט האָבן מיר בשום אופן נישט געקענט קריגן, אַפילו פאַר קלענסטן לוין. די, וואָס האָבן געהאַט עלטערן אָדער קרובים האָבן געקריגן די מעגלעכקייט דורך דעם יידישן קאָמיטעט אין אַלעקסאַנדריע, צו טעלעגראַפירן צו זייערע פריינט, אין רוסלאַנד, נאָך געלט. פילע האָבן טאַקע געקריגן, אָבער וואָס האָבן געקאָנט טאָן אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קרובים אין רוסלאַנד? זייער לאַגע איז געווען אַ שרעקלעכע, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די „רייכע" פון אונז האָבן זיך געטיילט מיט די איבעריקע.

און די טעג גייען.

פון ארץ־ישראל האָבן מיר נישט געהאַט קיין ריכטיקע ידיעות. עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן פאַרשידענע קלאַנגען, וואָס האָט נאָך מער אַלעמען געדריקט און מען האָט זיך גענומען טראַכטן וואָס צו טאָן.

יעדער אָרט האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט. אַלע קאָמיטעטן פלעגן זיך פאַרזאַמלען און גיין צום יידישן קאָמיטעט און געפאָדערט: אָדער מען זאָל אונז געבן אַרבעט, אָדער מען זאָל אונז העלפן אַוועקפאָרן אין אַמעריקע און שפּעטער צו האָט מען געפאָדערט, אַז מען זאָל העלפן פאָרן קיין אויסטראַליע. מיר וועלן דאָרט אַרבעטן, פאַרדינען געלט און קומען צוריק. פאַרוואָס מיר האָבן אַזוי געטראַכט ווייס איך נישט.

דער „יידישער קאָמיטעט" האָט שטענדיק געענטפערט מיט אַ האַלבן מויל, האַלבע ווערטער און מיט אַלע מעגלעכקייטן, באַמיט זיך צו האַלטן אונדז אין אַלעקסאַנדריע, ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיי געהאָפט אויף אַ שנעלן פרידן און האָבן נישט געוואָלט, אַז די פאַר טויזנט אַרבעטער זאָלן פאַרוואָרפן ווערן אַזוי ווייט פון

ארץ־ישראל פון וואנען עס וועט זיין שווער צוריקצוקומען. מיר אָבער, האָבן נישט געגלויבט אין אַ שנעלן פרידן און נישט געוואָלט זיצן דיר־נישט מיר־נישט אויפן רעכענונג פון דער בריטישער רעגירונג און יידישן קאָמיטעט און געזוכט מיטלען ווי אַזוי פטור צו ווערן פון דעם. אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק פלעגן מיר קומען מיט נייע פּלענער און האָבן, ווי דער שטייגער איז, באַקורמען האַלבע צוזאָגונגען און פאַרשפּרעכונגען.

אַלע זענען מיר געווען פון רוסלאַנד, האָט זיך אין אונז דערמאָנט דער רוסישער קאָנסול אין אַלעקסאַנדריע, און ווי קינדער איינגערעדט, אַז מיר זאָל פאָרן קיין רוסלאַנד, אַריינטרעטן אין דער רוסישער אַרמיי. קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. ער האָט נישט געהאַט קיין ערפאָלג, און אין אַ טאָג איז ער אַראָפּגעקומען צו אונז אַ שטרענגער און בייזער און געפאָדערט פון אונז, אַז מיר זאָלן גלייך פאָרן קיין רוסלאַנד, אַז אויב מיר וועלן נישט פאָרן אַליין, וועלן מיר זיך קיינמאָל נישט קענען אומקערן און בכלל וועט ער אונז קענען שיקן אפילו קעגן אונזער ווילן.

אָבער מיר האָבן נאָך פריער אויסגעפונען, אַז איבער אונז האָט ער נישט קיין שליטה און אַ פּאָר פון אונז האָבן אים אויסגעלייענט אַ צעטל ווען די פּאָגראָמען, וואָס די צאַרישע רעגירונג מאַכט אויף די יידן און האָבן אים צוגעזאָגט מכבד זיין מיט אַ בענקל, אויב ער וועט אונז גלייך נישט פאַרלאָזן. מער איז ער שוין נישט געקומען. דער בענקל־צוזאָג האָט געווירקט.

אַט אַזוי האָט מען געלעבט טאָג־איין טאָג־אויס. געזוכט פּלענער ווי אַזוי מיר זאָלן ווערן אויס קעסט־קינדער, געמאַכט פאַרזאַמלונגען, געגאַנגען צו דעם יידישן קאָמיטעט און נישט געקריגן קיין ענטפער. פאַר אַלעמען איז געוואָרן קלאָר, אַז דער קאָמיטעט וויל נישט, אָדער קען אונז נישט העלפן און עס וועט אויסקומען בלייבן אַ לענגערע צייט אין אַלעקסאַנדריע. האָט מען זיך גענומען איינאָרדנען ווי מען האָט געקענט. איניקע האָבן זיך ווי עס איז געפונען אַרבעט, אַנדערע האָבן אָנגעהויבן האַנדלען מיט געבאַקענע און געבראָטענע פיש, מיט ברויט און פאַרשידענע

פרוכטן און אויך מיט אלטע זאכן, אזוי אז אונזערע לאגערס זענען פארוואנדלט געווארן אין ריכטיקע מערק.

מען וואלט זיך שווין ווי עס איז געלעבט, ווען נישט די אלטע קלאנגען וואס זענען פארשפרייט געווארן וועגן ארץ־ישראל, אז דארט האט מען אלעמען אויסגעשאכטן, ארויסגעטריבן און ענלעכע שלעכטע זאכן. פארשידענע אראבישע פראקלאמאציעס פון די טערקן, זענען צו אונז אריינגעפאלן און די בלעטלעך האבן גערופן צו א „הייליקן קריג" מיט די „אומגלויביקע" און „אומריינע" און געפאדערט מען זאל זיין גרייט צום „הייליקן טאג", ווען מען וועט זיך דארפן אפרעכענען מיט די „פרעמדע".

דאס האט ארויסגערופן ביי אונז א נייעם געפיל פון אוממעכטיקן צארן, ביטערניש און ווי, פון וואס מען פלעגט ליידן הונגער און צען מאל א טאג פארשעלטן זיך אליין, פארוואס מיר האבן פארלאזן ארץ־ישראל. טאג און נאכט איז יעדער געזעסן אין א באזונדער ווינקל און געטראכט, מיט וואס קען מען זיך אפרעכענען מיט די פארהאסטע טערקן און דא, אין אזא צייט, איז צו אונז געקומען וולאדימיר זשאבאטינסקי מיט זיין פלאן וועגן א יידישן לעגיאן.

זשאבאטינסקי, גלייך ווי ער איז געקומען, אזוי גלייך האט ער געזען צו זיין מיט אונז צוזאמען. לערנען אונזער לעבן און שטרעבונגען, ער איז געווארן איינער פון אונזערע. גאנצע טעג איז ער געווען מיט אונז צוזאמען און ווען ער האט זיך דערוווסט פון אונזערע פלענער, האט ער זיי גלייך פארווארפן און אונז צום ערשטן מאל אנגעוויזן, אז דאס איינציקע, וואס מיר מוזן און דארפן טאן, איז גרינדן א יידישן לעגיאן, וואס זאל זיין א טייל פון דער ענגלישער ארמיי.

זשאבאטינסקי איז נישט צוגעגאנגען צו דער אידייע פון יידישן לעגיאן אלס אן אבסטראקטע זאך. ער האט נישט געמאלט דעם לעגיאן אין פריילעכע פארבן, נאר שטענדיק אויף אלע פארזאמלונגען, סיי מיט יעדן קעמפ, סיי שפעטער מיט אלע צוזאמען, האט ער שטענדיק אנגעוויזן אויף דעם גרויסן מאמענט און גרויסע זאך, וואס מיר גייען טאן.

מיט אַן אומגעהויערער שאַרפקייט האָט ער שטענדיק אונטערגעשטראָכן דעם שווערן לעבן, וואָס אַ סאָלדאַט פירט אין מלחמה־צייט. די שווערע ליידן און געפאַרן, וואָס אים שטייט פאָר. ער האָט אונז נישט געשאַנעוועט. נישט געזשאַלעוועט קיין שוואַרצע פאַרבן און פון יעדן באַזונדער געפאָדערט נישט צו אײַלן זיך. „איבערטראַכטן" און ווער עס האָט נאָר דעם קלענסטן צווייפל, דאַן זאָל יענער נישט גיין.

שטענדיק האָט ער אונטערגעשטראָכן, אַז נאָר מענטשן אָן אַ שום צווייפל און איבערגעגעבן ביזן טויט, זאָלן גיין אין לעגיאָן, ווייל פאַר זייער אַרבעט וועלן זיי קריגן ... גאָרנישט!

„אַלץ, וואָס איך דערוואַרט, איז עסן. אויף אַזוי פיל גענוג אַז איר זאָלט קענען איבערטראָגן די שווערע אַרבעט, וועלכע איר וועט מוזן געדולדיק, געהאָרכזאַם איבערטראָגן אָדער פאַלן".

ער האָט אונז אַפילו נישט געלאָזט האָפן, אַז מיר וועלן זיין ווי אַנדערע ענגלישע סאָלדאַטן, ווי די אויסטראַליער, ניי־זעלאַנדער אָדער אַנדערע. אויף פיל פאַרזאַמלונגען האָט ער אונז געוואָרנט:

„דענקט נישט, אַז איר וועט קריגן אַזוי פיל געלט, ווי די ענגלישע סאָלדאַטן. דענקט נישט, אַז איר וועט זיך קענען ערלויבן, פונקט ווי זיי אַרומצושפּאַצירן אין פּאַטשאַגען איבערן שטאָט, אָדער פאַרברענגען די נעכט אין קאַפעען. קיין געלט וועט איר נישט קריגן. עסן גענוג צו קענען אַרבעטן וועט איר קריגן און מער נישט. אָבער אַרבעט וועט איר האָבן איבער גענוג".

„הונדערט, צוויי הונדערט שטאַרקע, אָפּפערווילליקע, וועט זיין פיל נוצלעכער איידער טויזנט שוואַכע",—פלעגט ער שטענדיק באַמאַנען. אָט אַזוי האָט זשאַבאָטינסקי אַגיטירט פאַר אַ יידישן לעגיאָן. שטענדיק האָט ער בולט אַרויסגעשטעלט די שווערע, שוואַרצע זייטן פון דעם סאָלדאַטסקן לעבן און ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס וועלן מיר האָבן פאַר דעם? — האָט ער געענטפערט: דעם לעגיאָן אַליין.

וואָס האָט געוואָלט זשאַבאָטינסקי?

זשאַבאָטינסקי האָט געוואָלט, אַז עס זאָל זיך גרינדן אַן „אַבּ־סאָלוט" יידישער באַטאַליאָן, מיט יידישע אָפיצירן און די מילי־

טערישע באַפעלן זאָלן זיין אין העברעאיש. זיין צאָל איז נישט וויכטיק.

דער יידישער באַטאַליאָן קען געשיקט ווערן צום פראָנט נאָר דאָן, ווען עס וועט זיך אָנהויבן אַ קאַמפּיין קעגן די טערקן אין ארץ־ישראל, נאָר אין ארץ־ישראל.

דער יידישער באַטאַליאָן דאַרף זיין אַן אינפאַנטעריע־אָפּטיילונג.

דער יידישער באַטאַליאָן דאַרף זיין אַן אויטאָנאָמע קערפּערשאַפט אין דער בריטישער אַרמיי.

קיין געצאָלט דאַרפן די יידישע לעגיאָנערן נישט קריגן.

אַט דאָס האָט זשאַבאָטינסקי פאָרגעלייגט פאַר די יונגעלייט, וואָס זענען אַנטלאָפן פון ארץ־ישראל נאָך מצרים. אַ פּאָר וואָכן האָט ביי אונז געטומלט פאַר און קעגן דעם פּלאַן, ביז זשאַבאָטינסקי איז איינמאָל אין אַ אָוונט געקומען אין צענטער פון דער יוגנט אין „סינעמאַ'' און געפאָדערט, אַז די אַלע, וואָס האָבן באַשלאָסן אַריינטרעטן אין לעגיאָן זאָלן גלייך אַריינגעבן זייערע נעמען. ערקלערנדיק דערביי, אַז דער איצטיקער אונטערשריפט איז מאָראַליש בינדנד.

„געדענקט — האָט ער געדונערט פון דער עסטראַדע צו די פּאָר הונדערט יונגעלייט, וואָס זענען געזעסן אין דעם טונקעלן „סינעמאַ'', — מיט אייער בלוט שרייבט איר זיך איצט אונטער!''.

און מיר האָבן זיך אונטערגעשריבן.

אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין די הויכע ווענט פון דער „סינעמאַ'', אַזוי אַז מען האָט געקענט הערן דעם שורערן אָטעם פון די אויפגערעגטע יונגעלייט. די אויגן האָבן געפינקלט אין דער טונקלקייט, און הילכיק, אַזוי ווי אַ קאַנאָן־שיסעריי, האָט אָפּגעקלונגען יעדער טריט, ווען ער איז געגאַנגען אונטערשרייבן זיין נאָמען. אונז האָט זיך געדוכט, אַז יעדער וואָס גיט אָפּ זיין נאָמען, גיט אויך אָפּ זיין לעבן, זיין נשמה. אין די קומענדיקע צוויי טעג האָט מען געקליבן ביי 270 אונטערשריפטן, מיט וואָס זשאַ־

באטינסקי מיט איניקע פון דעם יידישן קאמיטעט זענען אפגעפארן קיין קאירא צו דעם פארשטייער פון דער ענגלישער רעגירונג.

---

מיר האבן געווארט און געהאפט, אז זשאבאטינסקי וועט קומען און עס וועט ווערן א יידישער באטאליאן. א יום־טוב־שטימונג האט ביי אונז געהערשט. מיר האבן פארגעסן די שווערע באדינגונגען אין וועלכע מיר האבן געלעבט. טאג און נאכט האבן מיר נאר פאנטאזירט וועגן דער צוקונפטיקער ארבעט אלס יידישע סאלדאטן.

— זאל מען אונז געבן ביקסן און ברענגען אין ארץ־ישראל דאן... דאן האבן מיר געזען, ווי א הייפעלע לעגיאנערן פארטרייבן די גאנצע טערקישע ארמיי און באפרייען ארץ־ישראל... מיר וועלן שוין ווייזן דער וועלט, וואס מיר קענען, אבער דאך האט זיך אריינגעגנבעט א ביטערער טראפן אין אונזערע חלומות. מיר האבן געוווסט, אז אונזערע חברים וואס זענען פארבליבן אין ארץ־ישראל האבן געמוזט ווערן טערקישע בירגער און וועלן דאך מוזן ווערן טערקישע סאלדאטן און עס קען דאך אויך זיין, אז אונז זאל אויסקומען שלאגן זיך איינער קעגן דעם צווייטן. דאך האבן מיר זיך גערעכנט מיט דער גרויסקייט פון דער זאך, וואס מיר גייען שאפן און אגב האט יעדער געטראכט אין דער שטיל, אז מען וועט שוין ווי עס איז אויסגעפינען א מיטל, ווי אזוי צו לאזן וויסן אונזערע חברים אין דער טערקישער ארמיי וועגן דעם און ווי אזוי מען זאל אויסמיידן צו שיסן אויף די יידישע קאלאניעס, ווען מיר וועלן דארפן נעמען אן אנטייל אין דער שלאכט דארט.

מיר האבן נאר געווארט ווען זשאבאטינסקי וועט קומען צוריק, אבער זשאבאטינסקי האט זיך נישט צוריקגעקערט. די פאר חברים פון דעם יידישן קאמיטעט, וואס זענען געפארן מיט זשאבאטינסקין, האבן אונז דערקלערט, אז זיין פלאן האט מען אין דער רעגירונג נישט אנגענומען און די מאראלישע פארפליכטונג פון אונזער אונטערשריפט איז בטל.

מיר האבן זיך געפילט זייער שלעכט. עס זענען פארשוונדן אונזערע שיינע חלומות און די ביטערע ווירקלעכקייט האט אונז

מעדריקט נאָך שטאַרקער. שווער איז געווען צו שטיין אין ליין און וואַרטן אויף ברויט אָדער מיטאָג, איידער זשאַבאָטינסקי איז צו אונז געקומען, איצט איז דאָס נאָך ערגער געוואָרן. די זופּ האָט שוין קיינער נישט געוואָלט עסן. מען איז אומגעגאַנגען ווי אָפּגעשמיסענע. פיל פון אונז האָבן באַשולדיקט זשאַבאָטינסקין, וואָס ער אַליין האָט זיך נישט אומגעקערט צו אונז. מען האָט נישט אויפגעהערט צו לויפן צום „יידישן קאָמיטעט", ער זאָל אונז ערגעץ אָפּשיקן און פיל מאָל האָבן מיר זיך דאָן געקריגט מיט דעם יידישן קאָמיטעט.

אָט אַזוי איז געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג. מיר האָבן שוין פאַרלוירן יעדע האָפענונג, ווען עס איז פּטור צו ווערן פון דער לאַגע. מיר האָבן שוין פאַרלוירן יעדע האָפענונג, אָבער... זשאַבאָטינסקיס פּלאַן איז נישט פאַרשוואונדן געוואָרן.

דעם 19־טן מערץ 1915 האָט מען אונז יונגעלייט, געבעטן קומען אויף אַ פאַרזאַמלונג אין „מאַפּרוזע", פאַרשטייער פון דער ענגלישער רעגירונג וועלן פאַר אונז רעדן און באַלד האָבן מיר שוין געוווסט צוליב וואָס און ווער וועט דאָרט זיין.

מיר האָבן געוווסט, אַז דער מצרימער גאָווערנאָר און אַ בריטישער קאָלאָנעל וועלן רעדן צו אונז וועגן אַ לעגיאָן און עלף אַ זייגער פאַרמיטאָג זענען מיר שוין אַלע געווען אין „מאַפּרוזע". מיטן גאָווערנאָר איז אויך געווען אַן איבערזעצער, אַ ייד, ווייל קיינער פון אונז האָט נישט געקענט קיין ענגליש.

דער ערשטער האָט גערעדט דער גאָווערנאָר. ער האָט אונז געזאָגט, אַז צוליב פאַרשידענע אורזאַכן, ווי טעכנישע, סטראַטעגישע, אַזוי אויך מיליטערישע, איז זשאַבאָטינסקיס פּלאַן נישט אָנגענומען געוואָרן.

— אויב אַזאַ לעגיאָן זאָל געגרינדעט ווערן, — האָט אונז דער איבערזעצער איבערגעגעבן זיינע ווערטער — דאַן וועלן מיר אייך זייער שנעל דאַרפן האָבן אין דער ווירקלעכער אַרבעט. איר זענט קליין אין צאָל, איר קענט נישט די שפּראַך און עס וועט מוזן נעמען פיל צייט ביז מען וועט אייך קאָנען מאַכן פאַר סאָלדאַטן. ענגלאַנד איז גרייט און וועט זיין שטאָלץ צוזאַמענצומישן איר

בלוט מיט יידישע בלוט אויף די שלאכט־פעלדער און מיר וועלן אייך געבן אן אנדער ארבעט, וואס וועט זיין פיל פאראנטווארטלעכער, ווי די ארבעט פון אן איבפאנטעריע־סאלדאט, פיל געפערלעכער און האט מער מעגלעכקייטן, ווי פאר קאלעקטיווע אזוי אויך אינדיווידועלע אויסצייכענונגען.

זיין פארשלאג איז געווען צו ארגאניזירן א טראנספארט־באטאליאן, וואס זאל באזארגן די סאלדאטן ביים פראנט מיט קוילן, עסן, וואסער און אלץ אין וואס זיי נויטיקן זיך, און ער האט געזאגט ווייטער: „עס זענען דא געוויסע אורזאכן, צוליב וועלכע מיר קענען אייך נישט צוזאגן, אז איר וועט געשיקט ווערן בלויז קיין פאלעסטינע. מיר קענען אבער אייך צוזאגן, אז איר וועט געשיקט ווערן בלויז קיין טערקיי, און קיין טערקיי, ווו עס זאל נישט זיין, וועט דאס זיין פאר פאלעסטינע".

און ווידער האבן מיר אויפגעלעבט. מיט א פארכאפטן אטעם האבן מיר געהערט דעם איבערזעצער, קוקנדיק אויף דעם גאווערנאר, א טיפישן ענגלישמען, לאנגער, שטייפער, מיט גרויסע קינבאקן, אפילו עס האט אונז נישט זייער שטארק געשמעקט, וואס מען זאגט נישט צו, אז מען וועט אונז שיקן נאר קיין ארץ־ישראל. דאן האט זיך געשטעלט רעדן קאלאנעל פעטערסאן.

קאלאנעל פעטערסאן איז אן אלטער סאלדאט. ער האט גענומען אן אנטייל אין דעם קריג מיט די בורן, קאמאנדירט רעגימענטן אין אינדיען און זויד־אפריקע. ער איז אויך א קענער פון יידישער געשיכטע און אלטער יידישער ליטעראטור, א פערזענלעכער פריינט פון זאנגווילן און האט שטענדיק גענומען א גרויסן אינטערעס אין דער ציוניסטישער באוועגונג.

זייער קורץ האט ער גערעדט. מיט אפגעהאקטע זאצן האט ער אונז גערופן נישט דורכצולאזן די געלעגנהייט און שאפן א נאמען פאר אונזער פאלק. צוליגן נאך א געוויכט צו אונזערע פאדערונגען, ווען דער טאג וועט קומען. און גלייך טאקע, דא אויפן ארט לייגן דעם פונדאמענט פאר א יידישן באטאליאן.

מויט, ווי פארשטיינערט זענען מיר געזעסן אונטער זיין מעכטיקן רוף. ביי אלעמען האט דער אטעם פארכאפט, אז מען האט

זיך נישט געקענט אויפהויבן פון ארט, אזוי ווי צוגעשמידט איז מען געווען און דא שטיל, געלאסן, מיט א בלייכן פנים און גרויסע אויגן האט זיך אויפגעהויבן אן ארבעטער מיט איין האנט און מיט פעסטע טריט פארבייגעגאנגען צווישן אלעמען און דער ערשטער אונטערגעשריבן זיין נאמען. דאס איז געווען טרומפעלדאר.

א געוועזענער סאלדאט אין דער רוסישער ארמיי. אין דער רוס־יש־יאפאנישער קריג איז ער דערהויבן געווארן צו א קאפיטאן פאר זיין העלדישקייט. דארט האט ער פארלוירן זיין לינקע האנט. אין ארץ־ישראל איז ער געווען אן ארבעטער. ער איז געווען אן אויסגעצייכנטער רייטער און שיסער אלץ מיט איין האנט.

פארגאפט האבן אלע געקוקט, ווי טרומפעלדאר שרייבט זיך אונטער מיט איין האנט. ער האט געענדיקט, געלאסן אוועקגעלייגט די פען און זיך אומגעקערט צו אונז, ווי ער וואלט געווארט אויף די נאכפאלגער. אזוי ווי נאר אויף דעם האט מען געווארט, האבן זיך חברה א ריס געטאן פון די ערטער און איינער איבער איינעם געלאפן צו דעם טישל, אויף דער עסטראדע אונטערשרייבן די נע־מען. איינער דעם צווייטן האט געשטופט, ארויסגעכאפט די פען, אזוי ווי מען וואלט מורא געהאט צו פארשפעטיקן.

אין יענעם פארנאכט האבן זיך פארשריבן מערער פון 400 מענטשן. גלייך האט מען אונז געמאלדן, אז מארגן פרי וועט זיך אנהויבן די דאקטוירים־אונטערזוכונג. מיט שטורעמדיקע אפלאָ־דיסמענטן און לידער האבן מיר ארויסבאגלייט אונזערע געסט.

די נאכט איז קיינער נישט געשלאפן.

אויף מארגן זענען שוין געקומען עטלעכע מיליטערישע דאָק־טוירים און האבן אונטערזוכט די פארשריבענע און באשטימט ווער ס׳איז פעאיק צו זיין א סאלדאט און ווער נישט, און דערביי האבן זיך אפגעשפילט הונדערטער קאמישע און טראגישע סצענקעס.

יעדער איינער האט געציטערט, אז מען וועט אים צוריקווייזן און די, וועלכע מען האט נישט צוגענומען פאר סאלדאטן האבן גע־וויינט, ווי קליינע קינדער, פאר די דאקטוירים, און האבן געבעטן, אז מען זאל זיי צונעמען.

אט איז אן אלטער ייד אין די פופציקער ! זיינע דריי זין, 26,

22 און 18 יאָר אַלט האָט מען שוין צוגענומען פאַר סאָלדאַטן. שטייט דער אַלטער גרויער ייד פאַר די דאָקטוירים און בעט זיך, אַז מען זאָל אים אויך צונעמען. עס רינען גרויסע טרערן איבער דער גרויער באָרד, ווען די דאָקטוירים אַנטזאָגן אים. איניקע טעג. כסדר, איז ער געשטאַנען ביים דאָקטאָרס אָפּיס און מיט געוויין געבעטן זיך, אַז מען זאָל אים צונעמען. ער פלעגט זיי די הענט קושן און געבעטן, אַז זיי זאָלן טאַפּן זיינע מוסקולן פון די הענט. ענדלעך האָבן אים די דאָקטוירים נאָכגעגעבן און צוזאַמען מיט די זין אים אין איין רייע געשטעלט. אָבער נישט לאַנג איז ער געווען אַ סאָלדאַט. נישט געקאָנט האָט ער אויסהאַלטן דעם מיליטערישן דינסט.

אַ צווייטער פאַל.

אַ מוטער האָט געוויינט פאַר די דאָקטוירים, אַז איר זון האָט אַ שוואַך האַרץ. דאַרף מען אים באַפרייען. האָט מען גערופן דעם בחור און געהייסן דורכלויפן דעם הויף איין מאָל אום צו זען, ווי דאָס האַרץ אַרבעט. דער בחור איז דריי מאָל דורכגעלאָפן דעם הויף און אַ פריילעכער, אַ לאַכנדיקער געבליבן שטיין פאַר די דאָקטוירים. זיי האָבן אים אויסגעהערט. דאָס האַרץ איז געזונט. ער איז אַ גוטער סאָלדאַט. דער בחור האָט צו אונז פריילעך געשריגן: — איך וועל זיין אַ יידישער סאָלדאַט!

יעדן פרימאָרגן האָט מען געקענט זען ביי די דאָקטוירים אָפּיסעס לאַנגע שורות מענטשן, וועלכע מען האָט נישט צוגענומען פאַר סאָלדאַטן ווי זיי שטייען דאָרט און בעטן זיך, אַז מען זאָל זיי יאָ צונעמען.

אַלטע, מיטל־יעריקע בחורים זענען געשטאַנען און פשוט געוויינט פאַר די דאָקטוירים און גליקלעך זענען געווען די יעניקע, וועמען מען האָט צוגענומען, אַפילו נאָך דער צווייטער, אָדער דריטער אונטערזוכונג. אין די פאָר טעג, וואָס עס איז אָנגעגאַנגען די מעדיצינישע אונטערזוכונג, איז צוגעקומען דער צאָל לעגיאָנערן ביז פינף הונדערט.

---

דעם 23־טן מערץ ביטאג האבן מיר געשווירן. אין הויף פון „מאפרוזא" איז דאס געווען.

א העלער זוניקער טאג. דער הויף שפראצט מיט בונטן פיעו", וואס עס שפיגלט אפ אין די פענסטער און אין די קליידער פון חעם גרויסן עולם, וואס איז געקומען זען די שבועה. גאנץ אלעקסאנדריע איז געווען. יידן, אראבער, קריסטן, ענגלישע, פראנצויזישע, פראנ־צויזיש־יידישע, אויסטראלישע אפיצירן, עלטערן, קינדער, מוטערס פון די לעגיאנערן, דאס אלץ האט זיך באוועגט און פארשידנפאר־ביק אפגעשפיגלט די זון. אונז האט מען צעטיילט אין אכט שורות און צעשטעלט אין דער פארם פון א קוואדראט. פאר הויך־גע־שטעלטע געסט איז געווען צוגעגרייט בענק. אין פראנט פון אונז איז יתומדיק געשטאנען א הילצערנער בענקל פארן רב.

דריי א זייגער נאכמיטאג.

פלוצלונג איז דער עולם שטיל געווארן. דער רב איז געקומען. מיט שטאלצע טריט איז ער צוגעקומען צום בענקל. פאנאנדערגע־נומען די פאלעס פון זיין שווארצן כאלאט און נישט ווארטנדיק אויף קיינעמס הילף געשטעלט זיך אויפן בענקל און מיט א שארפן בליק באקוקט אלעמען געלאסן פינגערנדיק זיין שיינע שווארצע בארד. אלץ איז אפגעשטארבן.

עפעס א מאדנער שרעק, א פחד האט אלעמען ארומגענומען. א ציטער איז אלעמען איבערגעלאפן און מען האט זיך נענטער א רוק געטאן, ווען ער האט אנגעהויבן רעדן. ער האט גערעדט העב־רעאיש. פיל פון אונז האבן נישט פארשטאנען די שפראך, אבער די קראפט און פייער מיט וועלכע ער האט גערעדט, האט געמאכט פארשטיין יעדעס ווארט. און אין דער אייגענער צייט האט יעדער פון אונז אנגעהויבן פילן, ווי אן אומגעהייערע קראפט צעגיסט זיך איבער אונזערע גלידער, אז ווען מען שיקט אונז איצט אויף די טערקן, וואלט קיין קראפט אין דער וועלט אונז נישט געקענט אפ־האלטן.

און דער רב האט אונז געווארנט, אז פון דער מינוט אן איז דער נאמען פון יידישן פאלק איבערגעגעבן געווארן אין אונזערע הענט און פון איצט אן האבן מיר פאר זיך נאר איין אויפגאבע

צו פארהיטן און פארשיינען אים. ער האט אונז אויך ערקלערט די באדייטונג פון דער שבועה, און אז מיר מוזן זי אפהיטן און זיין געהארכזאם צו אונזערע עלטסטע און דאן האט ער אויפגעהויבן ביידע הענט איבער אונז און אונז אויך געהייסן אויפהויבן די רעכטע האנט אוןווארט ביי ווארט נאכגעזאגט די שבועה.

איך וויים נישט. אין דער צייט, ווען מיר האבן געזאגט די שבועה און נאכדעם, ווען ער האט אונז געבענטשט האב איך זיך געפילט געריניקט, היילוקער. איין מאל אין מיין לעבן האב איך זיך געפילט אזוי, דאס איז געווען אן ערב יום־כפור ביי אונז אין דער היים, אין וואסילקאווע.

אונזער משפחה איז א גרויסע, אריסטאקראטיש־פרומע. און א מנהג איז ביי אונז געווען, אז ערב יום־כפור נאכן פארפאסטן זיך, האט זיך די גאנצע משפחה צוזאמענגעקליבן ביי אונזער אלטן זיידן און באבען און זיי האבן אונז געבענטשט.

ווען מען האט געענדיקט די שבועה האט דער רב פאר אונז פארגעשטעלט דעם קאלאנעל פעטערסאן אלס דעם קאמאנדיר פון אונזער באטאליאן. ער האט געהאלטן פאר אונז א קורצע רעדע, וו ער האט אויסגעדריקט זיין גרעסטע צופרידנהייט, וואס ער האט דערלעבט צו אזא גרויסן מאמענט אין זיין לעבן. ער האט פארשפראכן, טאן פאר אונז, וואס ער וועט נאר קענען און אין דער איינגענער צייט האט ער באפוילן, אז פון מארגן פרי זאל מען זיך אלע טאג פארזאמלען אויפן הויף פון „מאפרוזא״, וויל גלייך הויבן מיר זיך אן לערנען די מיליטערישע איבונגען.

עס איז פארנאכט. די זון האט זיך באהאלטן און מיט גאלדענע שפיזן דורכגעריסן די גרויסע פלאטאנען בלעטער פון נישט וויט. דער ים האט שטיל גערוישט און אונטערגעהאלפן די לידער און הימן־געשרייען פון די יידישע לעגיאנערן פונם ערשטן באטאליאן.

אין „מאפרוזא״ איז געווארן אונזער צייטווייליקער לאגער. אלע די, וואס זענען צוגענומען געווארן פאר סאלדאטן האבן זיך געמוזט איבערקלייבן וווינען אין „מאפרוזא״ און לערנען אלע אין דער פרי די סאלדאטסקע מלאכה.

טרומפעלדאר איז באשטימט געווארן אלס יידישער קאמאנ-

דיר פון באַטאַליאָן און ער האָט שוין אויסגעקליבן די „גאַן קאַמישיאָנס אָפיצערס", אַזעלכע לעגיאָנערן, וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט דריי, פיר יאָר דינסט אין דער רוסישער אַרמיי.

מיר פלעגן אויפשטיין 5.30 פאַרטאָג. זעקס אַ זייגער פרישטיקן און פון 6.30 פאַרשידענע איבונגען. פון צוועלף ביז איינס מיטאָג און פון איינס ביז פינף ווייטער איבונגען. ביקסן האָט מען נאָך אונז נישט געגעבן און אין די ציווילע קליידער האָבן מיר געלערנט די געוויינלעכע אונפאַנטעריע איבונגען, צוליב באַקוועמלעכקייט האָט מען אונז צעטיילט אין גרופעס.

אונזער צאָל האָט זיך אָנגעהויבן פאַרגרעסערן. טרומפעלדאָר האָט גאָר געקוקט אויפן געזונט פון דעם לעגיאָנער. דער עלעמענט האָט אים נישט געאַרט. ער האָט גאָר געזוכט דעם קוואַנטיטעט און נישט דעם קוואַליטעט. טרומפעלדאָר האָט גאָר געזוכט, אַז דער באַטאַליאָן זאָל זיין וואָס גרעסער אין צאָל און דעריבער האָט ער אײַנגענומען אַזעלכע עלעמענטן פון וואָס מיר האָבן שפּעטער געהאַט צו זיפגען און צו זאָגן.

מיר זענען אין „מאַפרוזאַ" און דרילן. אין דער אייגענער צייט האָט קאָלאָנעל פּעטערסאָן געזוכט פאַר אונז אַ פּאַסיקן לאַגער. אָן אָרט פאַר די טויזנטער אייזלען און פערד, וואָס מען האָט געדאַרפט ברענגען פאַר אונז מיט אַלע נויטיקע חפצים, וואָס עס פאָדערט זיך פאַר אַ טראַנספּאָרט אָפּטיילונג. און דאָס איז געווען אַ גאַנץ שווערע אַרבעט. די רעגירונג האָט דאַן נאָך נישט געהאַט אירע גרויסע סקלאַדן אין מצרים און אַלץ האָט מען געדאַרפט ברענגען פון ענגלאַנד.

דערווייל איז אָנגעקומען פּסח.

מילד איז די לופט פּסח־צייט אין מצרים. טרוקן, אָבער נישט שטיקנד. די נעכט הייסע אָבער דאָך בלאָזט אַ ווינטל. דער הימל לויטער, זעט זיך ווי אַ קופּאָל פון טונקעלן גלאָז. מיר מאַכן פּסח. מיר פייערן דעם אויסגאַנגס יום־טוב פון קנעכטשאַפט. ווען שקלאַפן זענען באַפרייט געוואָרן און דאָס לאַנד פון זייער קנעכטשאַפט פאַרלאָזן, דאָס לאַנד מצרים, און מיר יידישע פּליטים פון ארץ־ישראל, סאָלדאַטן אין דעם יידישן באַטאַליאָן.

פראַוועו פסח אין דעם לאַנד, ווו אונזערע עלטערן זענען געווען שקלאַפן.

מצות האָבן מיר געהאַט אויפן גאַנצן פסח, אַ פּאָר שעפּעלעך אויך, ווייַן האָט אונז דער כרמל געגעבן.

דער ערשטער סדר.

אין דעם לאַנגן טונקעלן זאַל האָט מען צעשטעלט הילצערנע טישן מיט הילצערנע בענק. מיר, אַלע לעגיאָנערן זענען געזעסן אַרום און געהערט ווי דער אַלטער לעגיאָנער, דער זקן, דער פּאַטער פון די דריי לעגיאָנערן, זיצט און זאָגט די הגדה. פיל פון אונז האָבן אים נאָכגעזאָגט אָבער דער גרעסטער טייל איז געזעסן פאַרטראַכט. עס האָבן געווירקט די אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן אין וועלכע מיר האָבן זיך געפונען.

בריטישע סאָלדאַטן, יידישע לעגיאָנערן, וואָס גייען קעמפן אין נאָמען פון זייער פאָלק און לאַנד, צום ערשטן מאָל פאַר צוויי טויזנט יאָר. זיצן אין דעם לאַנד מצרים און פרעגן די באַוווסטע פיר קשיות און דערציילן וועגן דעם, ווי זייערע אור-אור-עלטערן האָבן דאָ ליים געקנעטן, ציגל געמאַכט און שטעט געבויט. די שטעט זענען שוין לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ, די אור-אייניקלעך זענען געבליבן.

אַ הייליקע שטימונג האָט געהערשט, פאַרטיפט זענען אַלע געזעסן אונטער דעם שטילן געוויש פון די הגדה זאָגערס און איך האָב פאַר זיך געזען די פאַרפייניקטע ברידער און שוועסטער, פון הונגער אויסגעשטאַרבענע קינדער פון מיין פאָלס, דעם אייביקן וואַנדערער.

שווער איז מיר געווען אויפן האַרצן, נאָר איין טרייסט איז געווען, אַז אונזער בלוט, אונזערע לעבנס, וואָס מיר גייען איצט אָפּגעבן וועלן נישט זיין קיין אומזיסטע קרבנות, נאָר דאָס וועט זיין אַן אויסלייז-פרייז פאַר אונזער קינפטיקן לעבן.

מיר זענען סאָלדאַטן, עס איז מלחמה און דעריבער האָבן מיר נאָר דעם ערשטן און דעם לעצטן טאָג פסח געהאַט פריי, די איבעריקע צייט האָבן מיר געאַרבעט, געלערנט די מיליטערישע איבונגען.

פליך נאָך פסח האָט מען אונז איבערגעפירט אין אַ ניעם

קעמפּ. מיר האָבן פאַרלאָזן „מאַפּרוזאַ". מען האָט אונז צעטיילט אין פיר ראָטעס. יעדע ראָטע האָט געהאַט אַ יידישן און אויך אַן ענגלישן אָפיציר און אַ באַשטימטע צאָל קלענערע באַאַמטע.

אין דעם נייעם קעמפּ האָבן מיר געהאַט אַרבעט גענוג איבערן קאָפּ. מיר האָבן געדאַרפט אויפשטעלן אונזערע בײדלעך, אָנציִען שטריק, וווּ מען בינדט צו די מיולס און פערד, וועלכע זענען שוין אויך אָנגעקומען. יעדער אַרבעט האָט געטאָן יעדע ראָטע פאַר זיך. יעדע ראָטע האָט געהאַט אַ באַזונדער פּלאַץ פאַר זיך. מיר האָבן זייער שווער געאַרבעט, אָבער דאָס שווערסטע איז געווען מיט די מיולס (מויל אייזלען).

די מיולס זענען געווען ווילדע. זיי האָבן נאָך נישט געוווּסט, פון דעם, אַז מענטשן מוזן אויף זיי רייטן און מיט אַ זאָטל צו דעם. און דאָס האָבן מיר זיי געדאַרפט אויסלערנען. איבערהויפּט האָבן זיי נישט געוווּסט, אַז מיול, וואָס דינט אין דער ענגלישער אַרמיי דאַרף קענען שטיין אין „ליין" און ווען מיר פלעגן זיי אַרויספירן און וועלן זיי אויסשטעלן אין אַ גלייכער „ליין", האָבן זיי זיך געשלאָגן, געביסן און געוואָרפן מיט די הינטערשטע פיס. דאָך האָבן מיר זיי אויסגעלערנט.

די ערשטע זאַך איז געווען רייטן. יעדער פון אונז האָט זיך געמוזט אויפזעצן פריער אויף איין מיול און נאָכדעם אויף דעם צווייטן און דורכפאָרן זיך אַביסל. יעדער פון אונז האָט געהאַט צו צוויי מיולס.

געוויינלעך איז דאָס נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. צוויי מענטשן האָבן געמוזט צוהאַלטן דעם מיול ביז דער דריטער האָט זיך אַרויפגעזעצט, און ווען מען האָט אָפּגעלאָזן דעם מיול זענען... איניקע געלעגן אויף דער ערד און איניקע זענען געווען ווי פויגעלעך מיט צעשפּרייטע הענט און גאָר אַנדערע האָבן מיט גרויס ליבשאַפט אַרומגעכאַפּט דעם מיול ביים האַלז ווי זייער ערשטע געליבטע און געפאָרן וווּהין דער מיול אַליין האָט געוואָלט, אַפילו קאָלאָנעל פעטערסאָן, אַן אויסגעצייכנטער רייטער איז אויך איינמאָל אַראָפּגעפאַלן פון אַ מיול.

שווערער פון אַלץ איז געווען געבן עסן און טרינקען די מיולס,

וואָס מען האָט געטאָן דריי מאָל א טאָג, פיל פון אונז האָבן זיי פארוואונדערט. איינער פון אונזער חברה האָט א מיול געטראָפן מיטן קאָפ צווישן די פיס און מען האָט אים געמוזט צונעמען אין האָספּיטאַל.

מיר האָבן געלערנט די מיולס און אונז האָבן געלערנט די אָפיצירן. אַלע באַפעלן זענען די ערשטע צייט געגעבן געוואָרן אין העבּרעאיש. שפּעטער־צו האָט מען אויך אָנגעהויבן אין ענגליש און עס האָט לאַנג נישט גענומען, ווי מיר האָבן זיך שוין אויסגעלערנט אַלע באַפעלן אין ענגליש. קליידער האָט מען אונז נישט געגעבן. נאָר פּראָבקענע הויזן „העלמעטס", באַשיצן זיך פון דער זון.

איניקע וואָכן האָבן מיר שווער געאַרבעט צו 13—12 שעה א טאָג, ווי עס איז אָנגעקומען א ידיעה, אַז אונז וועט אינספּעקטן דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון מזרח־פראָנט גענעראַל האַמילטאָן. עס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן געוואָלט ווייזן, וואָס מיר קענען. דער טאָג איז געקומען.

מיר האָבן געהאַט א גרויסן פּאַראַד. מיר האָבן מאַרשירט, געלאָפן, געמאַכט פאַרשידענע מיליטערישע איבונגען, אָנגעזאָטלט און אויסגעזאָטלט די מיולס, געריטן אויף זיי און דער גענעראַל האָט אונז זייער שטאַרק געדאַנקט פאַר אונזער אַרבעט.

ווי נאָר ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט זיך גלייך צעטראָגן א קלאַנג, אַז מען וועט אונז אַוועקשיקן צום פראָנט. מיר האָבן נישט געגלויבט, אָבער אין איניקע טעג אַרום האָבן מיר געמוזט גלויבן. אין א פינף, זעקס טעג אַרום נאָכן גענעראַלס זיין ביי אונז, האָט מען אונז אין א נאָכמיטאָג אָנגעזאָגט, אַז היינט און מאָרגן זענען די לעצטע פאַר טעג, וואָס מען לאָזט אונז גיין אין שטאָט. אַלע אַוונט, נאָך די מיליטערישע איבונגען פלעגן די פרייע פון אונז גיין אין שטאָדט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען שיקט אונז צום פראָנט און יעדער האָט זיך געפרעגט וווהין, אויף וועלכן פראָנט שיקט מען אונז?

געוווסט האָבן מיר, אַז מען שיקט אונז קעגן טערקיי, און עס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אונז האָט זיך געוואָלט ארץ־ישראל, אָבער פון דאָרט האָט זיך נישט געהערט וועגן עפּעס אַק־

טיווע ארבעט. קלאנגען האבן זיך ארומגעטראגן, אז באלד הויבט זיך אן אן אפענסיווע, אבער דאס איז אלץ נישט אין ארץ־ישראל. מיר האבן פארשטאנען, אז אין ארץ־ישראל וועט מען אונז נישט שיקן אבער אויסרעדן אפן האט קיינער נישט געוואגט, טאמער דאך ארץ־ישראל...

דעם סאלדאט דערציילט מען נישט, וווהין מען שיקט אים. און דעם 16־טן אפריל 1915 אין דער פרי האט מען אונז געגעבן דעם באפעל, גרייטן זיך אין וועג ארײַן. אלץ איז אוועק מיטן קאפ אראפ.

מיר האבן גלייך צענומען און צוזאמענגעבונדן די ביידלעך, די ספעציעלע שטריק, קאנאטן, קייטן, פלעקער, האמערס, עמערס, לאפעטעס, קישקעס, האבן געמוזט אײַנגעפאקט ווערן און צונויפגע־בונדן ווערן אין באזונדערע פעקלעך. מאסן מיליטערישע, גרויסע, גרויע אויטאמאבילן זענען גלייך אנגעקומען און האס אלץ פארנו־מען צום פארט.

אויך די ספעציעלע טראנספארט־זאטלען, אויף וועלכע מען האט געקענט אנטשעפען אויף איטלעכע קייטלעך א פאר קעסטלעך פאר עסן, וואסער אדער קוילן. מיר האבן געדארפט אײַנפאסן און מיטנעמען אויף דרייסיק טעג עסן ווי פאר זיך אזוי אויך פאר די מיולס און פערד. דער אָרדער איז געווען, אז צו צוועלף אזייגער ביי־טאג דארפן מיר זײַן גרייט פארלאזן דעם קעמפ. מיר האבן גע־ארבעט ווי טייוואלים.

אין שטאט האט מען זיך דערוווּסט, אז מען שיקט אונז אוועק. איז מען געקומען צו לויפן און עס האט זיך אנגעהויבן א יאמער, א געוויין פון די פרויען, עלטערן און קינדער פון די לעגיאנערן. די ספרדישע פרויען האבן נאך צוגעגעבן דעם אראבישן קווימש. אונז האט עס נישט געארט. מיר האבן געארבעט.

עס איז 12 א זייגער. די ארבעט איז געענדיקט. אלץ איז אפ־געפירט געווארן צום שיף. צוואנציק מינוט איז געבליבן, ביז מיר וועלן ארויסגיין. מיר כאפן א ביס, זעגענען זיך מיט פריינט און באקאנטע.

עס פייפט דאס פייפל. יעדער לויפט, כאפט זײַנע פאר מיולס און אין א פאר מינוטן ארום זענען געשטאנען די ראטעס אין א

גליבער לייז. יעדע ראָטע באַזונדער, 140—150 מענטשן אין יעדער. מען צעטיילט אונז אין צוויי פּאַרטייען. די דריטע און פערטע ראָטע איז גלייך אַפּגעגאַנגען. מיר, די ערשטע און צווייטע ראָטעס מיט קאָלאָנעל פעטערסאָן און זיין שטאַב זענען געבליבן שטיין.

מיט הורא געשרייען און לידער האָבן מיר באַגלייט די ערשטע אַפּגייענדע. דער גאַנצער עולם איז זיי נאָכגעגאַנגען מיט אַ געוויין. פאָטאָגראַפן זענען געשפּרונגען פון אַלע זייטן מיט זייערע אַפּאַראַטן. אַ פערטל שעה שפּעטער האָבן מיר אויך פאַרלאָזן דעם לאַגער און זענען געגאַנגען צום שיף און עס איז אויסגעקומען, אַז דריטע און פערטע ראָטע איז געפאָרן אויף איין שיף און מיר, די ערשטע און צווייטע ראָטע מיט קאָלאָנעל פעטערסאָן און זיין שטאַב — אויף אַ צווייטער שיף. די צוויי שיפן זענען געשטאַנען זייער ווייט איינע פון דער צווייטער אַזוי, אַז מיר האָבן זיך נישט געקענט זען און מער האָבן מיר זיך טאַקע נישט געטראָפן מיט זיי. מען האָט אונז צעשיקט אין באַזונדערע ערטער. איך האָב זיך יאָ געטראָפן מיט פיל, אָבער דאָס איז געווען נישט אויפן שלאַכט־פעלד.

ווען מיר זענען געקומען צום שיף, די ערשטע און צווייטע ראָטע, האָבן מיר קיין סך צייט נישט פאַרלוירן און גלייך גענומען אָנלאָדן די שיף. ווען איך דערמאָן מיך איצט, ווי מיר האָבן דאַן געאַרבעט קען איך ביז היינט נישט פאַרשטיין פון וואַנען האָט זיך עס גענומען צו אונז די פעאיקייט צו טאָן אַלץ אָן פאַרלוסט פון צייט. עס איז געווען ווי מען זאָגט אין ענגליש „סאָם דזשאָב”.

אָנלאָדן די מיולס האָבן מיר אַריינגעאַרבעט שפּעט אין נאַכט. ווי עס זעט אויס האָבן זיי פאַרשטאַנען וווהין מען פירט זיי און נישט געוואָלט גיין. זיי האָבן געשלאָגן מיטן קאָפּ, מיט די הינטער־שטע פיס און עס איז אונז אָנגעקומען זייער שווער צו שטעלן זיי אין זייערע פּלעצער אויפן שיף. ערשט נאָך האַלבע נאַכט האָבן מיר געענדיקט אָנלאָדן די שיף מיט אונזערע זאַכן.

דער קאָלאָנעל, וואָס האָט געאַרבעט צוגלייך מיט אונז האָט אונז וואַרים געדאַנקט און אויסגעדריקט זיין האָפנונג, אַז אויך

ווייטער וועלן מיר אזוי ארבעטן. געהייסן אונז גיין שלאפן און האט אויך געזאגט, אז מארגן גייט אפ אונזער שיף. ווזהין האט ער נישט געזאגט. ווו ווער עס האט געקאנט האט זיך אויסגעזוכט אן ארט, אבער שלאפן האט מען נישט געקענט, ווי א חלום איז דאס אלץ געווען.

אט זענען מיר אנטלאפן פון ארץ־ישראל, געוואלגערט זיך אין ,,מאפרוזע''. אט ערשט זענען מיר געווארן סאלדאטן, ערשט א פאר וואכן און איצט פארן מיר שוין צום שלאכט־פעלד, נעמען אן אנטייל אלס א יידישער באטאליאן אין דעם געוואלטיקן קאמף אין דער שווידערלעכער מלחמה. עס האט זיך נישט געשלאפן.

די נאכט איז געווען א הייסע. דער הימל א טיפער, העל־טונקעלער איז געלעגן אומבאוועגלעך איבער אונז אין דער הויך. דער מילך־וועג האט זיך איבערגעבויגן איבערן שיף און דער אריאן איז שוין נידעריק געשטאנען. פון אלע זייטן האבן געפינקלט פייערלעך, אויף שיפן, ווי נידעריק אראפהענגנדיקע שטערן, און די שיף־גלעקער, וואס האבן אפגעקלאפט די נאכט־שטונדן האבן זיך צוזאמענגעמישט מיט דעם שטילן ים־גערויש.

עס האט זיך נישט געשלאפן. דארט אויף דעם ברעג, אויפן זאמד, וואס האט צו אונז אזוי ווי געשיינט מיט א קאלטן שמייכל, זענען געשטאנען די הייזער פון דער אלטער שטאט אלעקסאנדריע, פון דעם אור־אלטן לאנד מצרים. מיטן שווערד אין האנט האבן מיר זיך געמוזט באפרייען. מיט ביקסן, פרייוויליק, ווי גוטע פריינט, גייען מיר איצט פון דאנען. אמאל, אין די אלטע צייטן זענען מיר געגאנגען דערצבערן א לאנד, היינט פארן מיר פארגיסן אונזער בלוט, אין פרעמדע רייען, אויך דערצבערן דאס אייגענע לאנד. ווער ווייסט, וואס עס וועט זיין...

עס האט זיך נישט געשלאפן. פארשידענע בילדער, געשטאלטן זענען געשוועבט פאר די אויגן. עס האט זיך געוואלט, מען האט זיך באמיט אויף א ווײלע פארשטעלן, ווי אזוי עס וועט זיין ווייטער, אבער אומזיסט, און אין דער אייגענער צייט האט זיך געטראכט וועגן די איבעריקע חברים, וואס זענען געלעגן איצט אויף דער צווייטער שיף.

ס האָט אָנגעהויבן טאָגן.

אין מצרים איז נישטאָ קיין באַגינען, עס ווערט פּלוצלונג טאָג. נאָר די שטערן הויבן נאָך אָן פאַרשווינדן, און אַ קליין ווינטל הויבט אָן בלאָזן, בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן און דערזען פאַר זיך אַ גרויסן, געוואַלדיק גרויסן באַרג וועמעס שפּיץ דערגרייכט ביזן הימל. איך ווייס, אַז אויף דער צווייטער זייט באַרג ליגט ארץ־ישראל. סאַלאַנעל פּעטערסאָן איז צו אונז אַרויס און דערקלערט: ווען איר נעמט אײַן דעם באַרג באַקומט איר ארץ־ישראל.

מיר האָבן זיך געלאָזט באַרג אַרויף, עס איז שטיל. אַ שווידער־לעכע שטילקייט. מיר גייען אויפן באַרג. מיר קלעטערן איבער פעלזן און שטיינער. קיין וועגן איז נישטאָ. איינער דעם צווייטן טרייבן מיר אונטער שנעלער, שנעלער, אָט זענען מיר שוין בײַם שפּיץ באַרג, אָבער פּלוצלונג האָט אַ גאַס געטאָן אַ מבול פון פייער, אַ האָגל פון קוילן און..... מען וועקט מיך גיין געבן עסן און וואַסער די מיולים. עס איז גרויסער טאָג.

שנעל האָבן מיר אָפּגעפּטרט די מיולס און מען האָט אונז אָנ־געהויבן אַרויסגעבן די סאָלדאַטסקע קליידער, וואָס זענען ערשט אָנגעקומען. אַ שיף פון ענגלאַנד האָט זיי געבראַכט. געוויינלעך, האָט אַ הויכער און ברייטער געהאַט שמאָלע און קורצע קליידער און אַ נידעריקער און דאַרער האָט געהאַט לאַנגע און ברייטע. אָבער מיר האָבן זיך געביטן, אונטערגעשניטן, און אונטערגענייט.

די קליידער זענען געווען געוויינלעכע זומער־קליידער אָן קנעפּ. די קנעפּ בינדן זיך אָן מיט אַזעלכע דראָטן אין די געמאַכטע לעכעלעך אין די קליידער און אַזוי ווי מיר האָבן געמוזט גלייך אַרויסגיין צו אַ „פּאַראַד" און קיין קנעפּלעך האָט מען אונז נישט געגעבן, האָבן מיר די קליידער צוזאַמענגעשפּיליעט מיט שפּילקעס און נאָדלען. אונזער צייכן, אַלס יידישע סאָלדאַטן איז געווען דער „בערזש", וואָס מען האָט אָנגעטשעפּעט אויף דער זומערדיקער היטל. אַ קופּערנע רעדל, ווו עס איז געווען אויסגעקלאַפּט אַ מגן־דוד. די קנעפּלעך האָבן מיר געקריגן אַ פּאָר שעה פאַרן שלאַכט־פעלד.

פון שיף האָט מען אונז שוין נישט אַראָפּ געלאָזט. בײַם שיף

אויפֿן ברעג האָבן זיך פֿאַרזאַמלט גאַנץ אַלעקסאַנדריע מיט בלומען אין די הענט. דעם 17־טן אַפּריל, עלף אַזייגער אין דער פֿרי, האָט אונדזער שיף „הימעטוס" פֿאַרלאָזן די מצרימער ברעגעס און איז אַרויס אויפֿן דעם אָפֿענעם ים. מיר אַלע זענען געשטאַנען אויפֿן דעק געזעגנען די „התּקוה", וואָס דער עולם האָט נאָכגעזונגען און אַזוי ביסלעכווייז, לאַנגזאַם האָבן מיר זיך אַלץ דערווייטערט. די מענטשן אויפֿן ברעג זענען געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער ביז זיי האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין פֿלעק און אָט איז דער פֿלעק אויך נישט געוואָרן.

די שיף איז אַרויס פֿון האַפֿן און אין פֿולן גאַנג געגליטשט זיך איבער די בלויע וואַסערן פֿון דעם מיטללענדישן ים. מיר האָבן נישט אויפֿגעהערט צו זינגען. מיר האָבן נישט געקענט איינרוען און ענדלעך זענען מיר אַוועק אין אַרץ־ישׂראלדיקע „האָרע".

ביז שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר נישט אַראָפּ פֿון דעק. די קריסטלעכע אָפֿיצירן האָבן אונדז אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט, נישט פֿאַרשטייענדיק, ווי קען מען דאָס זיין אַזוי פֿריילעך, ווען מען פֿאָרט צו דער שלאַכט, טאַנצן און זינגען. גוים. ענדלעך איז צו אונדז אַרויס דער קאַלאָנעל און האָט אונדז געבעטן גיין שלאָפֿן און אויך לאָזן שלאָפֿן די איבעריקע פֿון דער שווערער אַרבעט, וואָס מיר האָבן געהאַט די לעצטע 48 שעה.

און אויף מאָרגן, אין דעם אָפֿענעם ים, איז ווידער אויפֿגעשווימען די פֿראַגע, וווּהין פֿירט מען אונדז, וווּ פֿאָרן מיר? נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיר זענען געווען זיכער מיט דעם אָרט וווּהין מיר פֿאָרן, אַפֿילו אָפֿיציעל האָט מען אונדז נישט געזאָגט.

אויפֿן שיף האָבן מיר אויך נישט גערוט. מיר האָבן געדאַרפֿט רייניקן און געבן עסן די מוילס. מיליטערישע איבונגען, פֿאַראַדן אָט דאָס אַלץ האָט אונדז נישט געלאָזט טראַכטן. אָבער די נאַכט, די נאַכט.

די שיף איז געגאַנגען פֿינסטער. נישט געטאָרט אָנצינדן קיין פֿייער און אין דער פֿינסטערער ווייטקייט האָבן זיך געזען נאָר שאָטנס פֿון שיפֿן, וואָס זענען אונדז נאָכגעגאַנגען און עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָרט איז קיין לעבעדיקער נפֿש נישטאָ. די פֿרייליכ־

קייט איז פארשוואונדן געווארן און מידע זענען מיר געשטאנען בײם שטראנד פון שיף, געקוקט אויף דעם חושך אונטער אונז, פאר אונז און איבער אונז און צום הונדערטסטן מאל איבערגע־פרעגט אײנער דעם צווייטן: וווהין פירט מען אונז? וווּ פארן מיר? אויפן דריטן טאג, אין דער פרי האבן מיר דעם ענטפער באקומען. מיר האבן דערזען הויכע, ווילדע בערג און ווי אײנער האבן מיר אויסגעקרעכצט: „דארדאנעלן".

מיר האבן נישט געטראפן. דאס איז געווען דער גריכישער אינזל לעמנאס, וווּ ס'האט זיך געפונען די ענגלישע הויפּט־קוואַרטיר. א גאנצע מחנה פראנצויזישע און ענגלישע קריגס־שיפן האבן אונז ארומגערינגלט, באקוקט און איבערגעפרעגט ווער און פון וואנען מיר פארן...

קאלט, אומעטיק און שווער ביז צום וויינען איז אונז געווען.

אויף דעם אינזל לעמנאס האבן מיר זיך שוין געשאפן א באַ־מען פון העלדן, און דאס איז אזוי געווען.

ווען מיר זענען צוגעפארן צום אינזל, וווּ מיר האבן געדארפט ווארטן אויף ווייטערע באפעלן, איז אונזער שיף אריינגעפארן אין זאמד פון וואנען זי האט בשום אופן נישט געקענט ארויסקריכן. דריי גרויסע שיפן האבן צוגעבונדן צו אונזערע קאנאטן און קייטן, געפרובירט זי ארויסשלעפן, אבער אומזיסט. די שיף רירט זיך נישט פון ארט. א גאנצן טאג האט מען אונז אזוי געשלעפט. אין דער צייט האבן מיר געקריגן א באפעל, אז מארגן זיבן אין דער פרי זאלן מיר זיין ביי די דארדאנעלן. קאלאנעל פעטערסאן האט נישט געוווסט וואס צו טאן, און ענדלעך איז באשלאסן געווארן, אז מיר מוזן אלץ איבערלאדן אויף א צווייטער שיף, דאס איז גע־ווען א שרעקלעכע ארבעט. קיין צייט האבן מיר נישט געטארט פארלירן.

קליינע מאטאר־שיפלעך האבן פון אלע זייטן צוגעשלעפט שווערע הילצערנע בארזשעס צו אונזער שיף און מיר האבן זיך גענומען צו דער ארבעט. פון איין זייט האט מען אויסגעלאדן אלע חפצים, וואס מיר האבן אנגעלאדן אין אלעקסאנדריע און פון דער צווייטער זייט האבן מיר אויסגעלאדן די מיולס. די מיולס האבן

מיר צוזאַמענגעבונדן פּאָרוויז מיט אַ שטריק אונטערן בויך און מיט דעם משא־הויבער פון שיף איבערגעטראָגן זיי אויף דער באַרזשע. ווען די באַרזשע איז געווען פול האָט זי אַ מאָטאָר־שיפל אַוועקגעשלעפּט צו דער צווייטער שיף און מיט דער אייגענער מעטאָדע האָבן מיר זיי איבערגעלאָדן. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט ביז 4 אַזייגער פאַרטאָג. אָבער דאָך האָבן מיר אַלץ נישט געקאָנט איבערפירן צו דער באַשטימטער צייט און פיל זאַכן האָבן מיר געמוזט איבערלאָזן אויף דער אַלטער שיף. הויפּטזעכלעך זענען איבערגעבליבן אונדזערע אייגענע זאַכן פון וואָס מיר האָבן שפּעטער זייער שטאַרק געליטן. מיר האָבן נישט געהאַט צו איבערבייטן אַפילו די וועש.

האַלב נאָך פיר, נאָך האַלבע נאַכט, האָט אונדזער שיף געמוזט פאַרלאָזן דעם אינזל לעמנאָס נאָך די דאַרדאַנעלן. און מיר האָבן געאַרבעט ווי אין אַ פיבער און ביי אַזאַ אַרבעט האָט מען זיך נישט געקענט אויסהיטן פון די מיולס, וואָס זענען פון דעם טומל אַזוי צעווילדעוועט געוואָרן, אַז מען האָט נישט געקענט צו זיי צוגיין. צו די דאַרדאַנעלן זענען מיר אָנגעקומען אין דער באַשטימטער צייט. און דאָרט האָבן מיר געקריגן אַ שריפטלעכן דאַנק פון דעם הויפּטקאָמאַנדיר גענעראַל האַמילטאָן. דער דאַנק האָט אונדז באַצאָלט פאַר דער אַרבעט. פון דעם דאַנק געדענק איך נאָר איינציקע שורות.

גענעראַל האַמילטאָן האָט געשריבן:

„מיט גרויס צופרידנהייט באַוווּנדער איך אייער אָנפאַנג. איך בין זיכער, אַז ענגלישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען שוין געווען אין דער אַרמיי יאָרן־לאַנג, וואָלטן אין קיין פאַל נישט געקאָנט אויספילן אַזאַ אויפגאַבע, ווי איר האָט געהאַט, בעסער, שנעלער פון אייך. איך ערוואַרט פון אייך וווּנדער".

פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען געווען איבערגליקלעך, און נאָך פּליוסיקער געטאָן אונדזער שווערע און שרעקלעכע אַרבעט, וואָס מיר האָבן געהאַט די ערשטע מאָנאַטן פון גאַליפּאָלי־קאַמפּיין.

פון לעמנאָס ביז די דאַרדאַנעלן, וו מיר האָבן געדאַרפט אָפּ־

שטייגן, האָט געדאַרפט נעמען פיר שעה, אָבער אַזוי, ווי די שיף איז געווען אַן אַלטע, האָט דאָס גענומען לענגער. מיר האָבן געדענקט, אַז איצט וועלן מיר זיך קאָנען אָפּרוען. אָבער עס האָט נאָר גענומען איין שעה צייט ווי מיר זענען אָפּגעפאָרן, ווי אין דער ווייטקייט פון ים, פאַר אונז, האָבן זיך דערהערט מעכטיקע פאַרדומפּטע קלעפּ. די לופט איבערן ים האָט געציטערט. מיר זענען געלעגן אונטן פאַרהאָרעוועטע. א פייפל האָט געפייפט און אונז האָט מען אַרויסגערופן אויפן דעק. א באַראַד.

שטייענדיק אין „ליין“, ווי סאָלדאַטן שטייען אין אַזאַ פאַל, איז אַרויסגעקומען צו אונז קאָלאָנעל פּעטערסאָן און האָט געהאַלטן פאַר אונז א קורצע רעדע. ער האָט געזאָגט:

„אין אַ פּאָר שעה אַרום וועלן מיר זיין פּנים אל פּנים מיטן פיינט. זייט ערנסט און איבערגעגעבן צו אייער אַרבעט. פאַרגעסט נישט, אַז די אויגן פון דעם יידישן פאָלק קוקן אויף אייך. אין אייערע הענט ליגט איצט דער כבוד און נאָמען פון אייער פאָלק“.

נאָך זיין רעדע האָט מען אונז צום ערשטן מאָל אַרויסגעגעבן ביקסן, קוילן און די איבעריקע זאַכן, וואָס מען דאַרף האָבן צו א ביקס. מיר זענען ווייטער געפאָרן. די דונערן האָבן זיך שוין זייער שאַרף געהערט. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס זענען קאַנאָנען. אָבער דאָס האָט אונז אַזוי ווי נישט געאַרט. אַפילו איצט, ווען איך דערמאָן זיך, איז מיר שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס איז געווען אַזוי. קען זיין אונזער מידקייט, אונזער נערוועזע אָנגעשטרענגטקייט אין וועלכער מיר אַליין האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג. ווי איך געדענק איצט, זענען מיר געווען גאַנץ פריילעך אָנמעסטנדיק און צופּאַסנדיק די פאַרשידענע רימענס, ווי פון ביקס אַזוי אויך פון די קוילן־גאַרטלען.

אין דער לויטערער ווייטקייט האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן טונקעלע שאָטנס. וואָס נענטער די שיף איז צוגעפאָרן אַלץ שאַרפער האָבן זיי זיך געזען, ביז פאַר אונז איז אויסגעוואַקסן דער אַזיאַטישער ברעג פון די דאַרדאַנעלן. א ריזיקער באַרג. באַלד טאַקע האָבן

מיר דערזען דעם אייראפעאישן ברעג און אין גאר א קורצער צייט דעם גאנצן פלאט פון די פארבינדעטע.

די גרעסטע דרעדנאוטן, קרייצערס, פאנצערטרעגער, דעסטראיערס, ענגלישע, פראנצויזישע און אויך די רוסישע שיף „אסקאלד" זענען אלע געשטאנען אין א האלבע לבנה און אן אן אויפהער געשאסן פייער און אייזן אין די בערג קעגנאיבער און שטארקער פון אלעמען האט געשריגן אונזער שכנה, לעבן וועמען מיר האבן זיך אפגעשטעלט, די ענגלישע „קווין עליזאבעט". זיי האבן געהאט איין ציל־ברעט און דאס איז די „אקי באבא" ביים אריינגאנג. די שטארקסטע פעסטונג ביים אריינגאנג אין די דארדאנעלן.

די שיפן האבן צוגעגרייט דעם „דעסאנט".

מיר זענען געשטאנען גרייט, צוגעקוקט דעם גיהנום ארום אונז, נעבן אונז. פון אלע זייטן זענען ארומגעלאפן קלייטע דעסטראיער שיפלעך, סובמארין־צעשטערער און געזוכט די אונטער־וואסער־מוזיקים. פון אויבן אין דער לופטן האבן זיך געקוליעט, געדרייט עראפלאנען. גרויסע זיילן וואסער פלעגן דא און דארט אויפשפרינגען, ווען א טערקישע באמבע האט געטראפן אין וואסער. אט האט זיך א הייב געטאן א גוואלדיקער זייל וואסער און פארדעקט א קליין מאטאר־שיפל און מער האבן מיר זי שוין נישט געזען. איינצלנע מענטשן זענען געשווומען אויף יענעם ארט אין וואסער־שיפלעך, זענען געלאפן ארויסנעמען זיי. אט האט זיך פלוצלונג דערהערט א טרוקענער קלאפ, אזוי ווי א גרויסער שטיק שטיין האט זיך אנגעטראפן אן א הארטער ברעט. שטיקער אייזן און האלץ זענען געפלויגן אין אלע זייטן. א געדיכטער רויך האט א זעץ געטאן פון א נאענטער גרויסער שיף, פלאמען האבן אנגעהויבן שיסן פון דארט. אנדערע שיפן זענען שנעל צוגעלאפן, זי אפגעשלעפט אן א זייט, די איבעריקע האבן זיך אפילו נישט אומגעקוקט, אויף איין מינוט נישט אפגעשטעלט זייער שיסן אין די בערג, אויף די בערג.

און די בערג האבן אויסגעזען אזוי ווי זיי וואלטן נישט געשטאנען אויף איין ארט. פארוויקלטע אין רויך און פייער, אזוי ווי די ערשטע טריט פון באשעפער, וואס האט פון פייערדיקן כאאס

די ערד און בערג געקנעטן, אזוי האט איצט אויסגעזען פארקערט, אז פון דער ערד און בערג קנעט מען ווידער דעם פריערדיקן כאאס.

און דארט ביים ברעג ים, ווו די פארערשטע טערקישע טרעגשעם האבן זיך געפונען, האט מען געזען קליינע שנעלע פייערלעך אויפבליצן און שווארצע פינטעלעך איבערלויפן פון איין ארט אויפן צווייטן און הויך איבער די בערג און ווייט פון אונז האט מען געזען קריסטאל לויטערן הימל און דעם ים א רואיקן, באדנדיק זיך אין די הייסע זונען שטראלן.

צען אזייגער אין דער פרי האט זיך אנגעהויבן דער דעסאנט. מען האט געשיקט די ערשטע סאלדאטן צום ברעג די טערקן פארטריבן. מיר, אלס א טראנספארט־אפטיילונג, האט מען געדארפט אראפזעצן, ווען די טערקן וועלן זיין פארטריבן און דער צוגאנג וועט זיין אין אונזערע הענט.

מען האט געשיקט די ערשטע סאלדאטן. די גרויסע שיפן האבן נישט געקאנט צוגיין נאענט צום ברעג. האט מען די סאלדאטן אריינגעזעצט אין קליינע מאטאר־שיפלעך און בארזשעס און מען האט זיי געפירט צום ברעג, אבער די ערשטע זענען צום ברעג נישט געקומען. דער שטורם פון פייער פון די טערקישע טרענשעס האט זיי אזוי ווי אריינגעווישט אין ים. פון אונזער שיף, מיר זענען געשטאנען נאענט, ווו דער דעסאנט, האבן מיר נאר געזען איבערגעקערטע שיפלעך און קליידער שווימענדיק אין וואסער.

שטארקער, פארביטערטער, האסטיקער, האבן די שיפן געפייערט. קיין ברעג האט מען שוין נישט געזען. גרויסע זיילן רויך. פאנטאנען ערד און שטיינער. דונערן, ווי די וועלט האט געהאלטן ביים אונטערגיין. אזוי האט דאס אנגעהאלטן א לענגערע צייט און ווידער האט מען געשיקט שיפלעך מיט סאלדאטן צום ברעג. און ווידער זענען איבערגעקערטע שיפלעך, פעקלעך קליידער, אין וואסער געשווומען, אבער דאס מאל זענען דאך א טייל צוגעקומען צום ברעג. פון די שיפלעך אין וואסער געשפרונגען און צום ברעג געלאפן, נאך זיך האבן זיי געלאזן א לאנגן וועג פון מענטשלעכע קערפערס.

מיר זענען געשטאַנען אויפֿן שיף, געקוקט אויף דער שרעק־לעכקייט און נישט געקאָנט זיך רירן פֿון אָרט. מיר זעען, ווי דער קליינער צאָל איבערגעבליבענע לויפֿן און פֿאַלן, לויפֿן און פֿאַלן און אונטער זיי איז אַ גיהנום פֿון אייזן און פֿייער. אָט זענען זיי שוין באַלד ביי די טרענשעס. זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די טערקן און שיפֿלעך מיט סאָלדאַטן קומען צום ברעג. שיפֿן, שיפֿלעך אָן אַ צאָל, אָן אויפֿהער, אין די טויזנטער. דער ברעג איז אין אונ־זערע הענט. און דאָ איז געקומען דער באַפֿעל מיר זאָלן זיך אויך אַראָפּזעצן אויפֿן ברעג.

דעם 25־טן אַפּריל דריי נאָכמיטאָג האָבן זיך פֿון אַלע זייטן אַ לאָז געטאָן צו אונזער שיף קליינע מאָטאָר־שיפֿלעך, גרויסע הילצערנע באַרזשעס געבונדן אין צווייען. מיר אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די באַרזשעס, אָבער די אָפֿיצירן האָבן אונדז אָפּ־געהאַלטן און צעטיילט אין גרופּן און מיר האָבן אָנגעהויבן אויס־לאָדן די שיף, אַראָפּלאָזן די מולס און די איבעריקע זאַכן.

די שלאַכט ביים ברעג האָט נישט אויפֿגעהערט. די טערקן זענען שוין געווען פֿאַרטריבן ווייט אויפֿן באַרג צו זייער הויפּט־פּאָסטונג, אָבער ביי יעדער רייע טרענשעס, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסגעבויט טעראַסנווייז, איבער אַ באַרג, האָבן זיי זיך פֿאַרהאַלטן און געפּרוווט אָפּהאַלטן די ענגלענדער. אויפֿן ברעג איבער די שיפֿן האָט פּשוט געהאָגלט מיט די טערקישע קוילן. מען האָט נשט גע־קענט הערן, וואָס מען רעדט. מען האָט נישט געהערט די באַפֿעלן פֿון די אָפֿיצירן ביים אָנלאָדן, מען האָט זיי אַזוי ווי פֿאַרשטאַנען אויפֿן ווינק. אונדז האָט מען נישט געדאַרפֿט ווייזן וואָס צו טאָן. פֿון זיך אַליין האָט זיך אַלץ געטאָן. איז אָפּגעפֿאָרן די ערשטע גרופּע, אַזוי זענען גלייך צוגעקומען נאָך באַרזשעס און די צווייטע האָט אָנגעלאָדן און אָפּגעפֿאָרן און נאָך דעם די דריטע. איך בין געווען אין דער דריטער גרופּע. ביז איצט קאָן איך נישט פֿאַרשטיין דעם נס, וואָס קיינער פֿון אונדז איז נישט פֿאַרווונדעט געוואָרן. ווייל קוילן האָט זיך אויף אונדז געשאָטן, ווי אַ האָגל. ווי נאָר מיר זענען אָפּגעפֿאָרן פֿון אונזער שיף צום ברעג, ווי פּלוצלינג האָט זיך אַרום אונדז אַ הויב געטאָן אַ זייל וואַסער, באַדעקט די

שיפל מיט א שרעקלעכער קראפט. איך בין אריינגעפאלן צווישן די מיולם. א טערקישע באמבע איז נעבן אונז געפאלן. ווען איך בין ארויסגעקראכן האט מען געלאכט פון מיר: „זייער באקוועם געווען אונטער די מיולם פים״? איך האב געשיקט זיי צו אלדי שווארץ יאר און זיי פארגעלייגט גיין און אויסגעפינען אליין.

מיר זענען ביים ברעג, און גאט מיינער, וואס פאר א בילד! גריבער, קופעס מענטשלעכע גלידער, מענטשן צונויפגעדריטע, אויסגעלייגטע אן קעפ, אנדערע אן הענט, אנדערע אן פים, מיט אוין פוס, אנגעווארפענע ביקסן, צעבראכענע קאנאנען, גאנצע קאנאנען, לידיקע קוילן - גילזעס, היטלען פאר־שידענע סאלדאטישע מכשירים, וואס די סאלדאטן האבן איבער־געלאזן, אום צו מאכן זיך גרינגער, און בלוט, בלוט, און בלוט, וואס שטייט אין די גריבער, שלעגלט זיך צווישן די שטיינער, קלעפט זיך צו די פים און איבער דעם אלץ טראגט זיך דער הארץ־רייסנדער געשריי פון פארוונדעטן נאך הילף. אייניקע משוגע גע־ווארענע לויפן ארום. די פולעמיאטן שיטן ארבעס. אבער אויפן שלאכט־פעלד קומט מען זייער שנעל צו זיך. עס איז נישטא קיין צייט צו טראכטן, פילן. מען מוז ארבעטן און אין דער אייגענער צייט נישט טראכטן וועגן דעם, אז אויך דו קענסט געטראפן ווערן.

שנעל האבן מיר אריינגעקלאפט שטיקער האלץ אין דער ערד, אנגעצויגן די שטריק, צוגעבונדן די מיולם און געגעבן זיי עסן און אליין זיך אריינגעווארפן אין א גרוב, אדער אונטער געפרעסטע היי און אליין אויך עפעס א כאפ טאן אפרוען, ווייל מיר האבן נאך גארנישט געגעסן דעם גאנצן טאג.

עס איז אנגעקומען א באפעל מיר זאלן ברענגען וואסער צו די ערשטע ליניעס. מיר האבן גלייך אנגעזאטלט די מיולם, אנגע־לאדן זיי מיט בלעכן וואסער, וואס עס איז געווען איינגעשטעלט אין א טיפן גרוב, הויך באשאטן מיט ערד. די ערשטע צוויי גרופעס האבן מיר נישט געזען. מיר האבן נישט געוווסט, וו זיי זענען. און מיר האבן זיך געלאזט גיין צו די ערשטע ליניעס.

אין דער צייט זענען די טערקן נאך ווייטער פארטריבן גע־

וואָרן... פֿון די שיפֿן האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַ מאַסע קאַנאָנען און זיי איינגעגראָבן אין די פּאָרלאָזענע טערקישע טרענשעס און גלייך טאַקע אָנגעהויבן באַהאַנדלען די טערקן מיט פֿייער און אייזן. פֿון די שיפֿן האָט מען די גאַנצע צייט נישט אויפֿגעהערט צו שיסן, אַזוי, אַז האָט זיך דיר אויסגעוויזן, אַז איין גרויסער דונער הערט נישט אויף די גאַנצע צייט. די טערקן האָבן אויך נישט געשוויגן, זיי האָבן זייער העפֿטיק געענטפֿערט און מיר זענען אַזוי לאַנגזאַם געגאַנגען מיט די מיולס מיט דעם וואַסער. אין אַ ליין, איינער נאָכן צווייטן. יעדע ווײַלע זענען מיר אַריינגעפֿאַלן אין אַ גרוב, פֿאַרטשעפּעט זיך אָן שטעכעדיקע דראָטן און צעגעוואָרפֿענע חורבֿעס, ווער ווייס פֿון וואָס. מיר האָבן זיך געוואָרפֿט אײַלן. מען האָט אונז אָנגעזאָגט, אַז די „פּיטערס" זענען אָן וואַסער און ווען מיר זענען צוגעקומען צו די ערשטע טרענשעס און די סאָלדאַטן האָבן דער־זען דאָס וואַסער, האָבן זיי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן ווי ווילדע. מיט באַיאָנעטן האָבן זיי אויפֿגעהאַקט די פּלעכן און געטרונקען, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די שאַרף האָט זיי געשניטן. זיי האָבן בלוט מיט וואַסער געטרונקען. אָבער ווענען האָט דאָס געאַרט! דאָס איינענע איז אויך געווען מיט די פּאָר בלעכן „ביסקיטס", וואָס מיר האָבן געבראַכט, האַרטע ווי שטיין. מיר האָבן געמוזט גיין נאָך אַמאָל. דאָס, וואָס מיר האָבן געבראַכט איז נישט געווען גענוג.

שפּעטער האָבן מיר אויך קוילן געמוזט פֿירן און ווען מיר זענען געגאַנגען מיט די קוילן האָבן מיר שוין נישט אַזוי גליקלעך אָפּגעשניטן. אַ טערקישער שראַפּנעל האָט געפּלאַצט איבער אונז און האָט איינעם פֿון אונזערע חברים פֿאַרוווּנדעט און אַ פּאָר מיולס. מיר האָבן זיך אַפֿילו נישט אָפּגעשטעלט. די קוילן זענען וויכטיקער. אַ שלאַקס רעגן איז געגאַנגען און אום דער חבר זאָל נישט דערטרונקען ווערן האָבן מיר אים אַרויפֿגערוקט אויף אַ בערגל, וווּ מיר האָבן געלאָזט אים ליגן, ביז מען וועט אים אויפֿ־קלייבן אָדער מיר וועלן אים קענען נעמען צוריקגייענדיק. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר אַזוי געאַרבעט. פֿאַרטאָג האָט מען אונז געביטן. קוים לעבעדיקע האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו אונזער לאַגער, וווּ

צוגעבונדן די מיולס, אנגעוואָרפן זיי עסן און ווי טויטע געבליבן ליגן ווו וועד עס האָט געקענט. אונז האָט נישט געאַרט די בלאָטע,, אונז האָבן נישט געאַרט די קוילן. מיר האָבן זיך נישט געריכט פון אָרט, ווו יוועד עס איז אַנידערגעפאַלן איז געבליבן ליגן. און אַזוי זענען מיר געשלאָפן.

---

די טעריקן זענען שוין גאַנץ ווייט פאַרטריבן געוואָרן. אין אַ קליינער טעריקישער פעסטונג האָט מען געמאַכט די העדקוואַדערס. פאַר זיך מיט די מיולס האָבן מיר אויסגעפונען גרויסע היילן, וואָס מען האָט אויך געמאַכט פאַר מאַגאַזינען. מיר האָבן געמוזט זיין נאָענט צו די מאַגאַזינען. נישט ווייט פון די מאַגאַזינען איז געווען אַ טאָל, וואָס האָט אונז זייער גוט געקענט באַשיצן פון די קוילן, אָבער עס איז שוין געווען פאַרנומען פון אַנדערע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך איינגעגראָבן אין דער ערד. אָבער פאַר די מיולס אַליין איז נאָך געווען אָרט. דער קאָלאָנעל האָט געקריגן די נויטי־קע דערלויבעניש און מיר האָבן גלייך געמאַכט אַ פּלאַץ, אַריינגע־קלאַפּט פלעקער, אַרומגעצויגן מיט שטריק און צוגעבונדן די מיולס, באַשיצט און צונויפגעלייגט אונזערע אַלע זאַכן. איך מיט מיינעם אַ חבר האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב פאַר צווייען. טיף זענען נישט געווען די גריבער. דער באָדן איז געווען אונטן שטיינער. שווער איז אונז אָנגעקומען דעם גרוב גראָבן און נאָך פיל מי האָבן מיר אויסגעגראָבן אַזאַ גרוב ווו מיר האָבן געדאַרפט ליגן האַרט איינע־נעבן צוויטן... מיר זענען געווען אַביסל באַשיצט.

מיר האָבן געאַרבעט. פיל מאָל 30 שעה נאָכאַנאַנד, ווייל אַחוץ אונזער מיול־טראַנספּאָרט האָט קיין אַנדער טראַנספּאָרט נישט געקענט אַרבעטן דאָרט. די מיליטערישע צוויי־רעדלדיקע וועגעלעך איז נישט געווען וואָס צו רעדן, אפילו פאַר פערד איז דאָרט אויך געווען שווער צו גיין אין די שטיינער און גריבער אָן וועגן. און דאָס וואַסער, עסן, קוילן, זענען זייער נויטיק געווען אין די ערשטע ליניעס. די שיסעריי האָט זיך אויף אַ מינוט נישט אָפּגעשטעלט.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און מיר האָבן זיך צוגעוויינט צו דעם זשומען, פייפן און רעווען, פון די פאַרשידענע קליינע און

גרויסע קוילן. מיר האָבן זיך שוין אַפילו אויסגעלערנט אונטער־שיידן לויטן פייף, ווי די לופט ווערט צעשניטן, וואָס פאַר א קויל איז עס, אַ שווערע, גרויסע, אָדער נישט, און וווּ וועט דאָס פאַלן, ווייט אָדער נאָענט לעבן אונז.

אויף אונזער פראָנט איז געווען אַריבער אכציק טויזנט סאָל־דאַטן און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר זענען די איינציקע, וואָס האָבן אַלעמען געדאַרפט באַזאָרגן מיט עסן, טרינקען, און קוילן. צו דעם איז יעדע וואָך אונזער צאָל פאַרקלענערט געוואָרן. פיל זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן און פיל זענען קראַנק געוואָרן איבער די נישט מענטשלעכע אַרבעט און צו דעם האָבן מיר דאָס נישט געוואָלט אַרויסווייזן אויך.

די סאָלדאַטן אויף די ליניעס פלעגן געביטן ווערן יעדע פינף זעקס טעג. מיר זענען געשטאַנען אַן איבעררייס די גאַנצע צייט, וואָס מיר זענען געווען אויף די דאַרדאַנעלן. אויסרוען זיך האָבן מיר נישט געקענט. פיל מאָל איז אונז אויסגעקומען קריכן אויפן בויך און שלעפן נאָך זיך די מוילס אום מען זאָל זיין אין אַ קלע־נערער געפאַר פאַרוווּנדעט צו ווערן.

אין אונזער לאַגער האָבן מיר זיך אויך נישט געקענט אויס־רוען. אונזערע גריבער קליינע. נעכט קאַלטע. מיר בינען טויט האָבן מיר נישט געקענט שלאָפן. ביטאָג, ביי דער אַרבעט, האָבן אונז די קוילן נישט געוואַרט. דער שטענדיקער דונער האָט אונז ווייניק געקימערט, אָבער ווען מיר האָבן זיך געלייגט אָפּרוען, האָט יעדע געפּלאַצטע קויל אונז געמאַכט זיך צונויפדרייען אין דרייען. דאָס קרעכצן פון די פאַרוווּנדעטע מוילס האָט אַנגעוואָרפן אַ פּחד. די אויגן קלעפּן זיך, דער קאָפּ איז שווער. דער נישט אויפהערנדיקער דונער בלייבט מיט דיר אין דיין קבר, און וועגן וואָס טראַכט מען דאָן נישט? מערסטנס פלעגט מען טראַכטן וועגן זייער סענטימענ־טאַלע זאַכן. פלוצים אַ געשריי: „מיין פוס, מיין פוס", איינער פון אונזערע חברים איז פאַרוווּנדעט געוואָרן.

איך בין אַרויסגעלאָפן. מיין חבר איז געלאָפן נאָכן דאָקטאָר, דער קרוב נישט ווייט פון אונזערן. איך בין צוגעלאָפן צו דעם

חבר, אויפגעשניטן דעם שוך, נאר דער מיטלסטער פינגער פון פוס העננט אויף א שטיקל הויט.

דער דאקטאר האט אים פארבונדן דעם פוס און ער איז גע־בליבן נעבן מיר, ווייל צוליב פארשידענע אורזאכן האט מען אים נישט געקענט אפשיקן אין האספיטאל. איך האב געהאט מיט אים צו זינגען און צו זאגן.

זייער שווער האט דאס אויף מיר געווירקט. פריער, ווען איך האב געזען פארוואונדעטע, אויפרייסן א שראפנעל, האט דאס מיך נישט געארט, אזוי ווי איך בין זיכער געווען, אז מיר וועט דאס נישט טרעפן. אבער איצט האט זיך אנגעהויבן טראכטן, אז איך בין אויך נישט באווארנט פון דעם, ווער ווייסט, וואס מארגן וועט זיין...

פארלוסטן האבן מיר געהאט שרעקלעכע. דער טאל איז געווען אנגעפאקט מיט סאלדאטן. די טערקן האבן, ווייזט אויס, געוווסט פון דעם, און האבן נישט געזשאלעוועט קיין קוילן און אויך די עראפלייגס האבן זיך געהאלטן אין איין דרייען איבער אונז און יעדע קויל האט אנגעמאכט א חורבן. מער פון אלץ האבן מיר מורא געהאט פאר די קוילן פון די צוויי דייטשע שיפן „געבען" און „ברעסלאוו", וואס זענען געשטאנען אויפן צווייטן זייט דאר־דאנעלן־אריינגאנג. איבערהויפט די „געבען", וואס האט געהאט די גרעסטע ווייט־שיסנדע הארמאטן און געהאט אויסגעצייכנטע שיסערס. נישט איינער פון אונזערע חברים האט באצאלט מיטן לעבן פאר די צוויי שיפן.

טאג און נאכט האבן מיר געארבעט. ביי טאג איז געווען גרינ־גער. מיר האבן געזען דעם וועג. מיר האבן זיך געקענט אויסהיטן. האבן מיר דערהערט דעם שניידענדן פייף פון א גרויסער קויל, האט מען זיך געווארפן אויף דער ערד, אין א גרוב. אבער ביינאכט איז געווען שרעקלעך.

נעכט פינסטערע. דעם חושך האט מען געקענט אנטאפן מיט די הענט. פאר א שפאן פאר זיך האט מען נישט געזען און ווען מען איז געגאנגען מיט די מיולס איז מען געגאנגען נאכן קלונג פון די קעסטלעך. זיי אליין האבן מיר נישט געזען. יעדע ווייל

זענען מיר אריינגעפאלן אין א גרוב, פארטשעפעט זיך אין א שטיין. און איינמאל האבן מיר פארבלאנדזשעט, אריינגעפארן צווישן אונ־זערע און די טערקישע טרענטשעס, צווישן צוויי פייערן, דורך א נס זענען מיר ניצול געווארן. אפילו גאר אן פארלוסטן זענען מיר נישט אפגעקומען.

דאס איז געווען אזוי:

אין א פארנאכט ארום זעקס אזייגער איז אנגעקומען א באַ־פעל, אז מען זאל שנעל אנזאמלען 3 הונדערט מיולס מיט אמוני־ציע און גלייך צושטעלן צו א באשטימטן ארט.

150 חברים האבן גלייך אנגעזאמלט די מיולס. די איבעריקע זענען געגאנגען אלס עסקארט. ביי די מאגאזינען, ווו מיר האבן אנגעלאדן די מיולס, האט מען אונז צוגעגעבן איניקע ענגלישע סאלדאטן, אלס קאנוואי און וועג־ווייזער, ווייל די פאזיציע פאר אונזער אמוניציע, האט מען ערשט היינט פארנומען. זיבן פאר־נאכט זענען מיר ארויסגעגאנגען.

דער קאנוואי איז געריטן פאראויס און אין א לאנגער שורה זענען מיר אים נאכגעגאנגען. עס איז געווען שטארק פינסטער. פון צייט צו צייט האט א שיין פון א פראזשעקטאר, ווי א לאנגער פינגער, געזוכט אין דער נאכט און ווען ער האט אונז אויסגעפי־נען פלעגן מיר דערזען אונזער לאנגע שורה מיולס. מיר האבן נישט שטארק געגליכן דעם שיין, ווייל ווי גאר ער פלעגט אונז אויסגעפונען, אזוי האבן מיר גלייך באקומען א פארציע אייזן פון די טערקן. מיר האבן אים געזען אויסמיידן, געגאנגען אין לאנגע זיג־זאגן. און ענדלעך האבן מיר פארלוירן דעם וועג. אפילו די וועג־ווייזער האבן נישט געוווסט ווו מיר זענען און וווהין מען דארף גיין און פרעגן איז נישט געווען ביי וועמען.

און די נאכט שווייגט נישט. עס דונערט און בליצט פון איין עק האלבן אינזל ביז דעם צווייטן. עס בליצט אויף א פייערל און ווערט נישט. עס בליצט אויף א האלבער בארג מיט פייערלעך און די נאכט ווערט נאך פעסטער און שטייפער. און די פראזשעקטארס זוכן און זוכן אין דער נאכט. שטיל, מוראדיק שטיל, פליען זיי איבער, פויזן איבער, פון איין ארט אויפן צווייטן. שארן זיך

איבערן באַרג. ער טרעפט אונז און עס האַגלט מיט טויט און פאַר־וויסטונג. עס פאַלן חברים און מיולס. געהרגעטע און פאַרוווּנדע־טע. די חברים בלייבן ליגן, די מיולס שלעפן זיך נאָך. ווילן נישט בלייבן, האָבן מער כח, און די חברים, וועט מען זיי צונעמען אין אַ פעלד־שפּיטאָל איז זייער גליק, אַז נישט וועלן זיי אויסגיין איינ־זאַמע, פאַרלאָזענע פון גאָט און פון מענטשן.

שוין לאַנג זענען מיר געגאַנגען אין דער פינסטערער נאַכט. איך ווייס נישט אויב עס זענען געווען שטערן, ווייל די קעפּ פלעגן מיר אויפהייבן, ווען מיר פלעגן דערהערן דעם גיפטיקן פייף פון אַ קאַנאָן־קויל. בלייבן שטיין האָבן מיר נישט געקענט. די קוילן זענען געווען זייער נויטיק פאַר דער פּאָזיציע. מיר זענען געגאַנ־גען, נישט געוווּסט וווּהין. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם איינער הינטער דעם צווייטן נאָכן גערויש פון די קעסטלעך. עס איז אַ שוידערלעכע שטילקייט און פּלוצלונג...

אַ פּראָזשעקטאָר־שיין האָט זיך אַ שלייך געטאָן פון דער זייט, אַ ווילע איבער אונז שטיין געבליבן און די הימלען מיט דער נאַכט האָבן אָנגעהויבן שפּייען מיט פייער און אייזן. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, האַלטנדיק די מיולס פאַר די קליי־נע קייטעלעך, און אויסן בויך געקראָכן צוריק פון וואַנען מיר זע־נען געקומען. מיר זענען אַזוי אָפּגעקראָכן איין־יקע מינוט, ווי אונז אין פּנים האָט מען אָנגעהויבן שיטן מיט קוילן פון פאַרשידענע גרויס. די לאַגע איז געווען אַ קריטישע, מיר זענען געווען צווישן צוויי פייערן. אין דער נאַכט זענען מיר פאַרגאַנגען צווישן אונ־זערע און דעם פיינטס טרענטשעס. מיר האָבן זיך געפונען אויף דעם אָרט וואָס הייסט „קיינעמס לאַנד", צום גליק זענען מיר גע־ווען נאָנט צו אונזערע טרענטשעס און אין אַ פּאָר מינוטן זענען מיר געווען ביי פרייַנט און איבערגעגעבן זיי די קוילן. די נאַכט האָט אונז געקאָסט פיל מיולס, וואָס זענען פאַרוווּנדעט און געהרגעט געוואָרן. אויך אַ פּאָר חברים. און אויך דאָ האָט זיך איינער פון אונזערע חברים אַזוי אויסגעצייכנט, אַז ער האָט געקריגן אַן „אויס־צייכענונגס־מעדאַל", אַזאַ מעדאַל איז געווען דער ערשטער, וואָס מען האָט געגעבן אַ סאָלדאַט אין גאַליפּאָלי־קאַמפּיין.

ווען מיר זענען געקראָכן צוריק אונטערן האָגל פון קוילן, איז דער חבר פאַרוווּנדעט געוואָרן אין ביידע הענט. באַגיסנדיק זיך מיט בלוט האָט ער די מיולס געבראַכט אין אונזערע טרענטשעס, געהאָלפן זיי אויסלאָדן, אָפּגעפירט זיי מיט אונז אין לאַגער, צונויפגעבונדן זיי און איז אומגעפאַלן א פאַרחלשטער. מען האָט אים אָפּגעשיקט אין א שפיטאָל, ווו ער איז אָפּגעלעגן א פּאָר מאָנאַטן. דער פאַקט האָט אונז געשאַפן א גרויסן נאָמען און מען האָט זיך זייער שטאַרק גערעכנט מיט אונז

און אַזוי האָבן מיר שווער געאַרבעט טאָג־איין טאָג־אויס. און הערוויל זענען די טעריקן געטריבן געוואָרן אַלץ ווייטער און ווייטער, אַפילו לאַנגזאַם. א האַלבער באַרג איז שוין געווען אין אונזערע הענט. דער באַרג איז געווען דער שליסל צו די דאַרדאַנעלן. וואָלט מען איינגענומען דעם באַרג, וואָלטן די דאַרדאַנעלן געווען אין אונזערע הענט. און אין דער צייט האָבן מיר געקריגן א באַפעל איבערקלייבן זיך נענטער צו די פאָדערשטע ליניעס. עס איז געוואָרן אומערטרעגלעך.

אין אונזער אַלטן לאַגער איז שוין די לעצטע צייט געוואָרן בעסער, א דאַנק דעם פאַרשריט פון אונזערע סאָלדאַטן. די קוילן זענען שוין נישט געפאַלן אַזוי אָפט. ביינאַכט האָט מען געקענט כאַפּן א דרימל און דאָ האָבן מיר געמוזט בייטן אונזער אָרט.

* * *

א גיהנום איז געווען אונזער נייער קעמפּ. א גלייכער פּלאַץ, מיט א פּאָר צעוואָרפענע ביימער ביים פוס פון באַרג. דער פיינט האָט זייער לייכט געזען די לאַנגע שורות פון די צוגעבונדענע מיולס און עס האָט געשאָטן מיט קוילן.

נישט די איינציקע זענען מיר דאָרט געווען. פון דער רעכטער זייט איז געווען איינגעגראָבן א קאַמאַפלאַזש, א פראַנצויזישע אָפּטיילונג מיט זייערע פינף און זיבעציקער. פון דער לינקער זייט, אויך קוים פאַרשטעלט, איז געלעגן אין דער ערד אַן ענגלישע אַרטילעריע־אָפּטיילונג. הינטער אונז, גאָר פון אונטן, איז געווען א לאַגער פאַר די סאָלדאַטן וואָס פלעגן זיך קומען אויסרוען פון די ערשטע טרענטשעס, און אין פראָנט. איבער אונז איז געווען

איינגעגראָבן אין אָפּטיילונג סאָלדאַטן פון אינדיע. מיר זענען געשטאַנען אין מיטן פון אַ קוואַדראַט סאָלדאַטן, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן ווי מיר. זיי האָבן נישט געהאַט קיין פּחד, און דעריבער איז דער גאַנצער פייער פון די טערקן געפאַלן אויף אונז און מיר האָבן געליטן שווערע פאַרלוסטן. איין גוטע זאַך האָט געהאַט דער נייער קעמפף. ביינאַכט פלעגן מיר קענען שלאָפן. די נעכט זענען געווען פינסטערע. דעם קלענסטן שיין פון אַ ליכט האָט מען געקענט זען מיילן ווייט און די טערקן האָבן נישט געוואָלט, אַז מען זאָל וויסן וווּ זייערע קאַנאָנען געפינען זיך, האָבן זיי נישט געשאָסן ביינאַכט, אָבער בײַטאָג האָבן מיר שוין אָפּגעצאָלט פאַר דער נאַכט אויך.

ווי נאָר דער ערשטער שיין פון טאָג האָט זיך געוויזן, אַזוי האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דאָס באַשיסן פון אונזער לאַגער. פלעגט דאָס איבעררייסן ווערן אויף אַ ווײַלע, האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז זיי זענען „שמאָל" אין אַמוניציע. אָבער מערסטנס זענען זיי געווען גאַנץ ברייטהאַרציק. אָבער ערגער פון אַלץ האָבן מיר מורא געהאַט פאַרן „געבען", און פאַר די באָמבעס פון די פּינטלעכע עראָפּלאַנען.

אַ קויל פון „געבען" פלעגט אויסגראָבן אַ גרוב פון 20—30 יאַרד די ברייט און אַ 7—6 די טיף. די צעריסענע שטיקלעך פלעגן צעשליידערט ווערן אויף אַ הונדערט יאַרד די ברייט. מיר האָבן איינמאָל געפונען אַ שטיקל פון אַ „געבען"-קויל, וואָס איז צופעליק געבליבן גאַנץ אין איר גאַנצער לענג און דאָס האָט געהאַלטן אַ יאַרד, בײַ פיר אינטשעס די גרעב און דאָס איבעריקע די ברייט. אין דרייען האָבן מיר דאָס שטיקל קויל נישט געקאָנט אויפהויבן. איינמאָל האָב איך געזען ווי אַזאַ קויל איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ ראָטע סאָלדאַטן און פון זיי זענען איבערגעבליבן נאָר הענט, פיס, אויפגעריסענע צעבראָכענע קערפּערס. אין דעם גרוב, וואָס די קויל האָט אויסגעגראָבן, האָבן מיר זיי אַרײַנגעוואָרפן און פאַרשאָטן.

די עראָפּלאַנען פלעגן זײַן שלעכט מיט זייער שטילקייט און אומגעריכטקייט. בײַ אַ געוויינלעכער קויל פון אַ קאַנאָן קאָן מען זיך נאָך אויסהיטן, אַז מען הערט דעם פייף, פאַלט מען צו דער

ערד אָדער אין אַ גרוב, אונטער אַ שטיין. פיל מאָל האָב איך זיך אַזוי געראַטעוועט פון טויט. אָבער מיט אַן אַעראָפּלאַן איז נישט אַזוי. דעם אַעראָפּלאַן קען מען נישט זען, ווייל ער הויבט זיך אויף זייער הויך, הערן אים געוויס נישט. דו שטייסט ביי דער אַרבעט, גיסט די מיולס עסן, אָדער עפּעס אַנדערש און פּלוצלונג טראַך... עס פּלאַצט אַ באָמבע פאַר דיר. אַ זייל רויך, ערד און אייזן פליען אין אַלע זייטן. באַשיצן זיך האָסטו שוין קיין צייט נישט, און אויב עס האָט נישט געטראָפן, איז דאָס נאָר אַ מזל־זאַך. די געפאַר פון דער אַעראָפּלאַן־באָמבע איז איר סורפּריז, אומדערוואַרטעטקייט. אַזאַ באָמבע האָט איינמאָל אויסגעריסן אַ גרויסן בוים און גלייך אויפן אָרט דערהרגעט צוויי פון אונזערע לעגיאָנערן. איינער, אַ פּאַלעסטינער אַרבעטער, געלאָזן אַ ווייב מיט צוויי קינדער. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען צו אונז די פאַר חברים, וואָס זענען געשטאַנען ביי זיין טויטן־בעטל: „היט דעם כבוד פון אונזער לעגיאָן". די ביידע חברים האָבן מיר באַגראָבן ביים ברעג ים אויף די פעלזן פון גאַליפּאָלי מיט אַ הילצערנעם מגן־דוד אַלס צייכן. נישט די ערשטע און נישט די לעצטע זענען זיי געווען. פיל, פיל האָבן מיר דאָרט פאַרלוירן. ווער ווייס וו זייערע קברים זענען איצט. ווער ווען עס איז פאַלן אַ הייסע טרער פאַר זייער אָנדענקען? וועט ווען עס איז פאַלן אַ וואַרעם וואָרט פאַר די איבערגעבליבענע?...

די אָפטע רעגנס האָבן אונז נאָך מערער פאַרביטערט דאָס לעבן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אונזער אַרבעט איז פאַר־גרינגערט געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס מען האָט שוין געמאַכט וועלכע עס איז וועגן און דער אינדיאַנער טראַנספּאָרט מיט זיינע קליינע צוויי־רעדער־וועגעלעך האָט צוגענומען אונזער טאָג־אַרבעט פון צושטעלן עסן און וואַסער. מיר פלעגן נאָר ביינאַכט צופירן קוילן.

אונזער קעמפּ — אַ גלייכער פּלאַץ ביים פוס פון באַרג. רעגנס זענען געווען אָפטע און שטאַרקע און די גאַנצע וואַסער פון באַרג

פלעגט אַראָפּגיין צו אונז אין קעמפּ און אָנפילן אונזערע גריבער, ווו מיר פלעגן שלאָפן און מיר זענען געלעגן אין בלאָטע. מיר האָבן זיך די גאַנצע צייט נישט אויסגעטאָן, אפילו די שיך, ווייל מיר האָבן געדאַרפט זיין שטענדיק גרייט צו דער אַרבעט. אונזערע וועש האָבן מיר נישט געקאָנט בייטן, ווייל אונזערע זאַכן זענען געבליבן אין לעמבאָס. קיין אַנדערע האָבן מיר נישט געקריגן, סיידן נעם אַראָפּ פון אַ טויטן סאָלדאַט, און דאָס איז דאָך אויך געווען שמוציק און עס איז געווען אומדערטרעגלעך. שטענדיק דורכגעווייקטע אין בלאָטע און אין ליים, פול מיט פּאַראַזיטן, אויסגעמאַטערטע פון דער אַרבעט און נישט שלאָפן און נישט עסן, האָט מען אָנגעהויבן קרענקען. ביי פיל האָט זיך אָפּגערופן דער ארץ־ישראלדיקער פיבער.

אונזער קעמפּ איז עטלעכע מאָל אין טאָג באַשאָסן געוואָרן פון די טערקן, און אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן אין מיולס און מענטשן, האָט דער קאָלאָנעל געגעבן אַ באַפעל, אַז ווען עס וועט זיך אָנהויבן די באָמבאַרדירונג, זאָל יעדער פון אונז כאַפּן זיינע מיולס און לויפן באַהאַלטן זיך ווו מען קען. דאָס האָט פיל געהאָלפן.

נישט ווייט פון אונז איז געווען אַ שמאָלער, נישט קיין טיפער טאָל, פול מיט גריבער, געוועזענע טערקישע טרענטשעס און דאָרט האָבן מיר זיך באַהאַלטן. מען האָט נישט געטאָרט פאַרלירן קיין צייט, ווען די באָמבאַרדירונג האָט זיך אָנגעהויבן. יעדע רגע איז געווען טייער, יעדע פאַרזאַמטע סעקונדע האָט דיך געקאָנט קאָסטן דאָס לעבן. פון אונזער קעמפּ ביז די גריבער אין טאָל האָט גענומען איניקע מינוטן. מען האָט געדאַרפט לויפן וואָס שנעלער, אָבער די מיולס האָבן נישט אַזוי געטראַכט, זיי פלעגן זיך גיין גאַנץ קאַלטבלוטיק. איינמאָל בין איך געבליבן מיט צוויי חברים און זעקס מיולס אַביסל לענגער אין קעמפּ. די מיולס האָבן זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט גיין. מיר האָבן זיי געשלאָגן, געשריגן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, און די באָמבאַרדירונג גייט אָן מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט. יעדער שפּאַן ערד ווערט באַשאָטן מיט קוילן און אונזער קעמפּ, פשוט ער שפּרינגט אין דער

לופטן. עס פלאַצן גראַנאַטן, רייסן אויף שהאַפּנעלן, גרויסע באַמ־
בעס רייסן אונזער קעמפּ אויף שטיקלעך, נאָך אַ פּאָר טריט
און מיר זענען אין טאָל און דאָ זענען די מיולס געבליבן שטיין
און ווילן נישט גיין. איבערלאָזן זיי טאָרן מיר נישט.

זיי שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. שאָקלען פריער מיט איין
אויער, נאָכדעם מיטן צווייטן. מיט די ליפּן צו דער ערד, אַזוי ווי
זיי וואָלטן פאַרשטאַנען, גיי יאָ, גיי נישט, דאָס אומפאַרמיידלעכע
מוז קומען און דאָ הערן מיר פון דער ווייטן, אין דער הויך, זשש...
זששששש... עס פליט אַ קויל, מיר האָבן גלייך דערקענט די „גע־
בען". מיר הערן, אַז די קויל וועט פאַלן נאָענט און ווער ווייסט
וואָס פון אונז וועט איבערבלייבן און די מיולס האָבן זיך אפילו
אויפגעהערט צו שאָקלען, נאָר מיט אַלע פיס איינגעגראָבן, שטייף
אָנגעצויגן, הערן זיי זיך אויך איין אין דעם זששש..., וואָס איז
געקומען אַלץ נענטער און נענטער. פאַרלירן קיין צייט האָבן מיר
נישט געטאָרט. דאָס איינציקע, וואָס איז אונז געבליבן, איז אוועק־
זעצן זיך צווישן די מיולס. אַזוי האָבן מיר געטאָן. יעדער צווישן
זיינע צוויי מיולס, זייערע קעפּ איבערגעבויגן איבער אונזערע און
געוואַרט אויפן זיבערן טויט, אַז אויגנבליק נאָר.

טראַך־דר־ר!... האָט די ערד אויפגעציטערט. אַלץ טראַגט אין
דער לופטן. עס זשומען און פייפן הייסע שטיקלעך אייזן, ערד
און שטיינער, אַ וואָלקן שטויב האָט אַלץ באַדעקט. נישט ווייסנדיק
צי מיר לעבן נאָך זענען מיר געלעגן, ביז אַלץ איז שטיל געוואָרן
און ווען מיר האָבן זיך אויפגעהויבן, האָבן מיר דערזען, אַז דער
מיטלסטער חבר זיצט אַ פאַרשטיינערטער מיט דער צוים פון די
מיולס אין האַנט. די מיולס אַליין זענען נישטאָ. איינע און דעם
דריטן חברס מיולס זענען לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן. די מיטלסטע
צוויי מיולס זענען צעריסן געוואָרן אויף שטיקלעך, דער חבר איז
געבליבן לעבן. אפילו נישט פאַרוווּנדעט. אַ וווּנדער איז געשען.

און איצט ווען איך דערמאָן זיך, און זע פאַר זיך די אַלע
פאַלן, פאַרשטיי איך, פאַרוואָס סאָלדאַטן אין מלחמה ווערן אַבער־
גלויבעריש. גלויבן אין וווּנדער און, אַז דריי טאָרן נישט פאַררוי־
כערן פון איין ציגאַר און ענלעכע נאַרישקייטן. וויפל מאָל גייט

מען אַרויס אומבאַשעדיקט פון דעם שרעקלעכסטן פייער און פיל מאָל דענקסטו, אַז דו ביסט גוט באַשיצט און די קויל קומט

איינמאָל, אין אַ שטילן טאָג, ווען דער קאַנאָנעל איז געזעסן פאַר זיין גרוב און איינער פון זיין סטעף האָט אים געגעבן עפּעס אַ פּאַפּיר, איז פון ערגעץ געקומען אַ קויל, געטראָפן דעם חבר אין האַנט און דורכגעלעכערט דעם פּאַפּיר. איין איינציק קוילכל האָט אונזער קעמפּ דערגרייכט.

אַ צווייטן מאָל. מען באָמבאַרדירט אונדז שרעקלעך. ווייזט אויס, די טערקן האָבן אַריינגעקריגן אַמוניציע, און האָבן יעדן שפּאַן ערד באַשאָטן מיט קוילן. מען האָט גאָרנישט געזען, אַזאַ וואָלקן שטויב איז געשטאַנען. זאָלבעדריט, זאָלבעאַכט, וויפל מיר האָבן זיך געקענט אַריינכאַפּן. מיר זענען געלעגן צוזאַמענגעדרייט און געשוויגן, מיר האָבן דערהערט דעם כאַראַקטער־פייף פון אַ גרויסער קויל, וואָס שנײַדט די לופט. די „געבען". מיט אָנגע־שפּיצטע אויערן, שטיפע, ווי אָנגעצויגענע שטריק, מיט פאַר־שטאַרבענע הערצער האָבן מיר זיך איינגעהערט. מיר האָבן זיך מיט די אויגן געזעגנט איינער מיטן צווייטן. די קויל האָט געדאַרפט פאַלן נאָענט אָדער איבער אונדז, אַזוי אָדער אַזוי וועלן מיר שלעכט אָפּשנײַדן. מיר האָבן זיך צוגעדריקט צו דער ערד, ווי מיר וואָלטן וועלן אַריינקריכן אין איר. בלויז איין סעקונדע און די קויל וועט שוין קומען. מיר ווערן פאַרברענט פון דער סעקונדע וואַרטן. זי איז פאַר אונדז אַן אייביקייט. מיר האָבן זיך דערוואַרט. די וועלט איז איינגעפאַלן. עס זשומשעט, פייפט און שרייט אין דער לופטן. עס פייפט אַ צווייטע קויל. אָבער דאָס איז שוין אַ „בוביק", אַ מער־קישע און מיר דערקענען שוין, אַז נישט אונדז מיינט זי. מיר הייבן זיך אויף, און מיר זעען איינעם פון אונדז, אַ פאַרשאָטענעם. די פיס ברייט צעשפּרייט. די הענט הענגען ווי קלעצלעך. דאָס מויל ברייט געעפנט, און די אויגן ווי זיי קריכן אַרויס פון זייערע נעסטן, באַוועגלאָז אָנגעשטעלט אויף אונדז. שווייגט, רעדט נישט קיין וואָרט. מיר האָבן געמיינט, אַז ער איז פּאַראַליזירט. מיר האָבן אָפּ־געגראָבן די ערד און שטיינער און ווען מיר האָבן אים אָנגערירט איז ער אומגעפאַלן ווי אַ שטיק האָלץ. אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי

געלעגן ביז ער איז געקומען צו זיך. פיל פארלוסטן האבן מיר גע־האט יענעם טאג.

בייטאג, ווען מיר האבן נישט געארבעט, נישט געפירט קיין אמוניציע צו די ליניעס האבן מיר געהאט אן ארבעט, זוכן שוץ פון די קוילן און איין מאל בין איך מיט מיינע מיולס אנטלאפן צו א קלייענער טערקישער פעסטונג, וואס אונזערע האבן פארנומען. א שטיבל, איינגעגראבן אין בארג און אזוי ארומגעשאטן מיט ערד, אז קיין קויל האט זי נישט געקענט באשעדיקן. דארט האב איך שוין געטראפן געפאקט מיט סאלדאטן, וואס האבן אויך גע־זוכט שוץ. מיר איז אויסגעקומען שטיין לעבן אן אויסטראליער סאלדאט, זיצן איז נישט געווען וווּ און איך זע, ווי דער אויסטרא־ליער נעמט נישט אראפ די אויגן פון מיר. קיין ענגליש האב איך נישט געקענט בין איך געשטאנען און געשוויגן. אין דער אפענער טיר האט מען געזען, ווי די קוילן רייסן דעם בארג פון אלע זייטן. אבער דא זענען מיר געווען זיכער.

איך האב זיך געפילט זייער אומבאקוועם אונטערן בליק פון דעם אויסטראליער סאלדאט. איך האב שוין געוואלט ארויסגיין, נישט פארשטייענדיק, וואס פאר א וואונדער האט ער אויף מיר דער־זען, ווי ער האט אנגעהויבן רעדן צו מיר. איך שווייג, נישט פאר־שטייענדיק אים. דאן האט ער ארויסגענומען מיין העלמעט, און א לאנגע ווײַלע געקוקט אויף מיין „בערזיש" און האט זיך פלוצלונג צעוויינט ווי א קליין קינד, קושנדיק דעם מגן־דוד אויפן „בערזיש". און נאך דעם האט ער ארויסגענומען פון זיין קעשענע א קליין סי־דורל אין ענגליש און האט מיר געוויזן, אז ער איז אויך א ייד.

א לאנגע צייט זענען מיר איינער נעבן צווייטן געשטאנען. גע־האלטן זיך פאר די הענט און געשוויגן. נישט געקענט זיך צונויפ־רעדן. צוויי יידן, ביידע סאלדאטן אין דער בריטישער ארמיי, פון צוויי עקן וועלט געקומען, זענען געלעגן ווי שטומע אין איין גרוב פאר די אויגן פון טויט, ווו זיי האבן געזוכט א שוץ־ארט. מער האב איך אים נישט געזען.

און עס איז געווען א טאג, ווען אונזערע ארמייען האבן אנ־געהויבן אן אלגעמיינעם אנגריף אויף די טערקן און איינמאל פאר

אַלעמאָל אַרויסצוטרייבן זיי און פאַרנעמען די „אַקיבאַבאַ". אַ ים פון פייער, אַ האָגל פון קוילן, און אויסגוס פון פייערבערג. עס איז קיין איין יאַרד ערד נישט געווען, וווּ יעדער מינוט זאָל נישט אויפרייסן אַ באָמבע, פּלאַצן אַ שראַפּנעל. פון ביידע זייטן האָבן זיך געקוליעט אין דער הויך די עראָפּלאַנס און מיר זענען גע־גאַנגען מיט אונזערע מיולס. געפירט קוילן אין די לייגנס.

מיר זענען שוין נישט געגאַנגען צום הויפּט־מאַגאַזין ביים ברעג ים. נאָר די אינדיאַנער טראַנספּאָרטס האָבן געבראַכט די קוילן צו אַזעלכע גריבער, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן נישט ווייט פון די ערשטע לייגנס און מיר האָבן זיי געפירט ווייטער. מיר האָבן שוין נישט געאַרבעט צוזאַמען. נאָר יעדער גרופּע פון פיר־פינף מענטשן האָט געהאַט איר באַשטימטן פונקט, וועמען זי האָט געדאַרפט באַזאָרגן מיט קוילן.

מיר האָבן שוין נישט געקענט גיין ווייטער. דער וועג־ווייזער, דער ענגלישער סאָלדאַט האָט זיך באַהאַלטן אין אַ גרוב און אונז אויך געהייסן עס טאָן. די מיולס האָבן מיר צוגעבונדן צו די פּאָר בוימער, וואָס זענען דאָרט געוואַקסן. איך בין געלעגן אין גרוב און געזען ווי עס לויפן אַ גרופּע אויסטראַליער סאָלדאַטן אויך באַ־האַלטן זיך פון פייער אין אַ גרוב. די לעצטע צוויי פון זיי זענען צעריסן געוואָרן אַרום גרוב. מיר האָט זיך זייער געוואָלט רויכערן, איך האָב זיך געכאַפּט, אַז איך האָב נישט קיין שוועבעלעך... איז ביי מיר געבליבן בעטן ביי די אויסטראַליער אין דער צווייטער גרוב, וואָס איז געווען דאָרט נעבן מיינער.

— מעטשעס, מעטשעס, — האָב איך צו זיי מיין האַנט אויס־געצויגן. איך האָב זיך נישט אומגעקוקט ווי איך בין שוין געווען איבערגעשלעפּט אין זייער גרוב און די ביקסן אָנגעשטעלט צו מיין ברוסט. זיי פרעגן מיך עפּעס. איך קען נישט ענטפערן. זיי באַזוכן מיך. מיין גאַרטל איז מיט אַ האַלבער לבנה, די איבעריקע זאַכן אויך, ווייל דאָס איז פון מצרים. איך וויל אַ ריר טאָן מיטן האַנט, ווייזן זיי מיין „רעדזשימענט נאָמבער", לאָזן זיי נישט. דראָען דערשיסן.

— ספּאַי, ספּאַי! (שפּיאָן) — הער איך ווי זיי זאָגן. מיין לאַגע

געפערלעכע. עס איז נישט וויכטיק, וואָס איך האָב דאַן איבערגע־טראַכט, נאָר עס איז געווען שרעקלעך צו דערשאָסן ווערן פון אַ פריינט און... פּלוצלונג האָב איך אָנגעהויבן שרייען, פון זיך אַליין האָט זיך געשריגן. און דאָס האָט מיר געראַטעוועט. עס איז געקו־מען צולויפן דער ענגלישער סאָלדאַט, דער וועכטער. עס זענען אַנגעלאָפן די איבעריקע חברים און מען האָט זיי אַלע ערקלערט.

— „קאַיעס, קאַיעס" — האָבן זיי מיך געקלאַפּט איבערן פּלייצע און געגעבן פּאַפּיראָסן.

אָט אַזוי האָב איך אָפּגעלעבט זעכציק טעג אויף די דאַרדאַ־נעלן. געאַרבעט שווער אונטער שטענדיקן פייער און אין געפאַר דערהרגעט צו ווערן. פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך זיך קיין איין מאָל נישט אויסגעטאָן, נישט געביטן די וועש און נישט קע־נענדיק קיין ענגליש האָבן מיר געהאַט גענוג צרות פון די ענגלי־שע אָפיצירן. זיי האָבן אונז נישט פאַרשטאַנען. און דאָ האָב איך אָנגעהויבן פיבערן. מיין ארץ־ישראל־פיבער האָט זיך צו מיר אומ־געקערט מיט אַ שרעקלעכער קראַפט. לאַנג האָב איך זיך געווערט קעגן דעם פיבער, אָבער ענדלעך האָב איך זיך געמוזט אונטערלייגן און מען האָט מיך צוגענומען אין שפּיטאָל און פון דאָרט אָפּגע־שיקט אויפן אינזל לעמנאָס. נאָך אַ לאַנגער קרענק האָט מען מיך ענדלעך אָפּגעשיקט קיין אַלעקסאַנדריע, ווו איך בין געוואָרן אויס סאָלדאַט.

פון אַלעקסאַנדריע בין איך שוין אַליין געקומען קיין אַמעריקע.

# וואַנדערונגען

1. אונטערן סיקאָמאָר
2. אין די בערג פון מואב
3. אַ נאַכט אין נדר
4. אונטער דבורהס טייטלבוים
5. במשעול הכרמים
6. די שטילע

# אונטערן סיקאַמאָר

אונטער דעם אַלטן דיומעז־בוים בין איך איינמאָל בײַ דעם ברעג ירדן געלעגן. קינדיש האָבן ווו נישט ווו, אין די בלעטלעך, די שטערן געפינקלט. אין דעם געוויש פון ירדן, וואָס איז אין דעם אָרט אין דעם ים־המלח אַרײַנגעפאַלן, האָט זיך פון ערגעץ ווײַט אַ ליד איינגעפלאָכטן. דאָס ליד האָט דערציילט פון דער פאַרלאָזענער היים; פון דעם דאָרף, וואָס איז ווי אַן אָדלער־נעסט אויף אַ שפּיץ פעלז געשטאַנען; פון דער טײַערער היים־געליבטער זאַירא, און פון די פאַרפלוכטע „פרענדזש" (פראַנצויזן), וואָס האָבן דאָס אַלץ חרוב געמאַכט.

פול שמערץ האָט עס אין דער נאַכט־שטילקייט אָפּגעקלונגען. ווי אַ גסיסה־געשריי פון אַ טויט־פאַרוווּנדעטער חיה האָט דאָס ליד די לופט פאַרפולט. מיט אַן אײַזערנער נעץ האָט מיך דאָס ליד אַרומגענומען און דאָס האַרץ געדריקט.

דער טײַך, פאַרגאָסן אין לבנה־שײַן ווינקט, רופט און וווּנדערט זיך, פאַרוואָס איך קום נישט צו אים. שפּאָטיש האָבן די בוימער מיט די צווײַגן געשאָקלט.

דעם געזאַנג הערט מען שוין נישט. שטיל. נאָר צײַטנווײַז צעטראָגט זיך דער קראַמפּהאַפטער געלעכטער פון דער היענע אין דער באַגלייטונג פונם שאַקאַל־געוויין און אויך שאַרף האָט זיך געהערט דער וואַסער־קלאַפּן פונם ים־המלח.

דאָרט ווײַט, אויפן צווייטן ברעג, בײַ דעם פיש־כאַפּער אבו־אבאס, האָט פרײדלעך אַ פײַערל געברענט. מיך האָט געצויגן אַוועקצוגיין, באַהאַלטן זיך פון דער איינזאַמקייט. איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין דעם קליינעם פלאַך־דעקיקן שיפל, אין וועלכן מען כאַפּט דאָ פיש, און פון ברעג אָפּגעשווומען.

מיט אַ באַזילבערט גאָלדענעם שײַן איז דער טײַך געווען פאַר־

גאַסן און אונטער די קלעפּ פון די רודער־שטאַנגען זענען זיך גאַל־רענע רעדער צעלאָפן און דער הימל האָט זיך ציטערנדיק אין דער טייך־טיפעניש געוויגט און געשאָקלט. אַלץ ווייטער און ווייטער האָבן די בוימער זייערע שאָטנס פאַרשפּרייט, אַזוי ווי זיי ווילן איינשלינגען: מיך, דאָס שיפל און דעם טייך מיט דעם איבערגע־קערטן הימל.

שטילשוויַיגנדיק בין איך צו אַבו־אַבאַסן צוגעפאָרן, דאָס שיפל צו אַ בוים צוגעבונדן, דער וואַסער־שטראָם זאָל עס נישט אַוועק־טראָגן. און קוים בין איך אַראָפּ אויפן ברעג, האַלטנדיק זיך פאַר די בוימער, האָט מיך מיט אַ שטאַרקן בילן באַגעגנט זיין קליינער הינטל פּרינץ. נאָר גלייך מיט פרייד נעבן מיר געטאַנצט, דערקע־נענדיק מיך.

— „ברוך הבא"! — האָט מיך פריינטלעך אַבו־אַבאַס באַ־געגנט און זיין אָדלער־נאָז האָט ער אין אַלע זייטן געקערט. „איט־פּאַדאַל", האָט ער מיך געבעטן זיצן ביים פייערל, רויכערנדיק די נאַרגילע.

— מאַך קאַווע! — האָט ער אין דער פינסטער אונטער די בוימער אַ זאָג געטאָן און פון דאָרט איז גלייך אַרויסגעקומען אַ פרויען־געשטאַלט, מיר און אַבו־אַבאַסן קאַווע צוגעטראָגן און נעבן אונז, אינם בוימער־שאָטן זיצן געבליבן.

— „איטפּאַדאַל", — האָט מיר אַבו אַבאַס די נאַרגילע אי־בערגעגעבן, איך האָב מיך אָפּגעזאָגט. אויסטרינקענדיק די קאַווע האָט אַבו־אַבאַס אַ נייע נאַרגילע אָנגעפילט. די גאַנצע צייט האָב איך נישט געקענט אָפּרייסן מיינע אויגן פון דער מיידל.

— ווער איז זי? — האָב איך אַבו־אַבאַסן אויף איר אָנגע־וויזן.

אַ שמייכל סוק האָט אַבו־אַבאַס אין אַלע זייטן געוואָרפן. אַ גאַנץ לאַנגע צייט מיט דער נאַרגילע געבאָרבלט, ווייט אָן אַ זייט אַ שפּיי געטאָן און אָנגעהויבן צו דערציילן:

— שוין לאַנג, לאַנג איז דאָס געווען, אין די בערג פון „וסוסי" (אַ שטאָט אין אַפריקע), זענען מיר געזעסן. קליין איז אונזער משפּחה געווען, נאָר דריי ברידער. אויף אַ שפּיץ פון באַרג

האָבן מיר אַלע צוזאַמען געלעבט. נישט געוווּסט און נישט געקענט האָבן מיר די „פרענדזש". פיל האָבן מיר פון זיי געהערט, אָבער קיינמאָל האָבן מיר זיי נישט באַגעגנט. און געלעבט האָבן מיר פון דעם, וואָס אַללאַ האָט אונדז אויף די וועגן צוגעשיקט.

איינמאָל האָט אונדז אַללאַ צוויי „פרענדזש" מיט אַ גרויסן קאַראַוואַן צוגעשיקט. אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט האָבן מיר ביי זיי צוגענומען און פון דאַן אָן האָט זיך אונדזער אומגליק אָנגעהויבן.

אין אַ נאַכט זענען אונדז די „פרענדזש" באַפאַלן, אונדזער שטוב חרוב געמאַכט. אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט, צוגענומען. מיר זענען אין דער היים נישט געווען, און קומענדיק האָבן מיר אויף דעם חורבן נקמה געשווירן און נקמה האָבן מיר גענומען.

נישט דער פאַרפלוכטער „פרענדזש", נישט אַפילו דער פאַררעטער פון אונדזערע, האָט זיך געקענט ווייזן אין אונדזערע בערג. גאַנצע מחנות סאָלדאַטן האָבן אונדז פאַרפאָלגט. פאַר אונדזערע קעפּ האָט מען פיל געבאָטן.

איינעם פון מיינע ברידער האָבן אונדזערע פאַררעטער אויסגעגעבן, דער צווייטער, אַ פאַריאָגטער פון די „פרענדזש", האָט זיך פאַרשפאַרט אין אַ הייל, און אויסשיסנדיק אַלע זיינע קוילן, איז ער געשטאָרבן ווי אַ העלד. איך האָב געדאַרפט נקמה נעמען פאַר זייער בלוט, נאָר די קליינע זאַריפע, מיין ברודערס טאָכטער,— ער האָט געוואָרפן אַ ליבלעכן בליק אויף דער מיידל — האָט מיך אָפּגעהאַלטן און מיר זענען אין דעם לאַנד געקומען. — ער האָט מיט אַ שווערן זיפץ פאַרענדיקט און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

אַ צוזאַמענגעוויקלטע ווי אַ קאַץ איז זאַרופע געזעסן מיט די אויגן אויף מיר אָנגעשטעלט.

אונטער איר ווייטן בליק האָב איך נישט געקענט איינזיצן. אַ אומרואיקייט האָט מיך באַהערשט. אונדזערע אויגן האָבן זיך ווי שפּיזן איינגעגעסן איינער אין צווייטן.

זי איז פון אָרט אויפגעשטאַנען; נישט אָפּקערנדיק אירע אויגן, ווי זי וואָלט געדופן, איז זי אין די ביימער פאַרשוואונדן, אין דער נאַכט.

שטיל האָבן זיך די בוימער געשאָקלט, מיט די צווייגן געפּליסטערט. אַ פֿויגעלע איז פֿון שלאָף אַריבערגעשפּרונגען אויף אַ צווייטן צווייג.

פֿון מיין אָרט בין איך אויפֿגעשטאַנען. צום ברעג טייך געגאַנגען. אַבוראַבאַ ! איז ערגעץ אַוועק.

אונטער די ברייט־צעוואָרפֿענע צווייגן פֿון דעם אַלטן סיקאָמאָר, האָב איך דערזען זאַריפֿען. זי האָט זיך געקליבן באָדן. מיט אַ קוויטש איז זי אין וואַסער אַריינגעשפּרונגען.

פֿון דער ווייטן, פֿון דער צווייטער זייט ירדן האָט זיך דערהערט אין דער נאַכט דאָס רופֿן פֿון אַראַבער צו זייערע גמלים, אַ קאַראַוואַן איז דעם ירדן איבערגעגאַנגען, איך האָב געקוקט צום ירדן, ווו זאַריפֿע איז אַריינגעשפּרונגען, אָבער מען האָט נאָר געזען גאָלדענע רעדער לויפֿן, שפּרייטן זיך, איבער דער לבנה־באַגאָסענער פּלאַכקייט.

# אין די בערג פון מואַב

עס איז שוין גוט פינסטער געווען, ווען איך בין געקומען אין מידבר. פערצן שעה בין איך געגאַנגען.

מיטן עמודי־השחר בין איך פון יריחו אַרויסגעגאַנגען. מיך האָט נישט געאַרט, וואָס אויפן וועג זענען דאָ רויבער. זייער שטאַרק און פריי האָב איך מיך געפילט. איך גיי דאָך מיט דעם וועג, וווּ מיינע אוראַלטע זיידעס זענען געגאַנגען... אויף דער צווייטער זייט ירדן האָב איך אָנגעטראָפן אַראַבער, רייטער אויף גמלים, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער אַלטער וואַנדערער, ישׂראל, פאָרט עראָבערן דאָס לאַנד.

שפּעט ביינאַכט בין איך אין מידבר געקומען און נישט האָבנדיק קיין באַקאַנטע, בין איך געגאַנגען צו די מאָנאַכן, זיי זאָלן מיר געבן אַן אָרט צו שלאָפן. דער גריכישער מאָנאַך האָט מיך גלייך געפרעגט ווער איך בין. האָב איך אים געזאָגט:

— יאַהוד...

— גיי גלייך מיט דער גאַס, דאָרט איז דער פראַנצויזישער מאָנאַסטיר — האָט ער פאַר מיר פאַרהאַקט די טיר. איך האָב געמוזט גיין ווייטער. אַ מידער, אַ צעבראָכענער. איך האָב געזוכט דעם פראַנצויזישן מאָנאַסטיר.

שטייף הויבט זיך די פינסטערניש איבער די פלאַכע דעכער פון די נידעריקע אַראַבישע הייזלעך, פאַר אַ פאָר טריט זעט מען נישט, גאָר נישט. מען קען מיך נאָך צונעמען פאַר אַ גנב. און דאָ האָב איך דערזען אַ גרויסע ריזיקע געביידע, מיט פאַרשלאָסענע טירן. הינטער איינער זעט זיך אַ פאָס שיין. איך האָב אָנגעקלאַפּט.

— מין האַדאַ? (ווער איז עס) — האָט מען אויף אַראַביש געפרעגט פון הינטער דער טיר.

און איך האָב געבעטן:

— איך בין אַ טוריסט, אַן אייראָפּעער, גיי פון יריחו —

— דער עלטסטער איז אין דער היים נישטאָ — האָט מען מיך אין מיטן איבערגעשלאָגן און אפילו נישט געעפנט די טיר.

וואָס טוט מען איצט? — האָב איך זיך אליין געפרעגט. — איך האָב נישט געוווסט וווהין צו גיין. יידן וווינען נישט אין מידבא. איך האָב מורא געהאַט גיין איבער די געדרייטע געסלעך, איך קען נאָך אַרויפקריכן אויף אַ פרעמדן דאַך און אַריינפאַלן אין אַ פרעמדן הויף. ווען עס איז ליכטיק, גיי איך אין אַראַבישן גאַסט־הויז (מעדאַפאַ). און איך האָב באַשלאָסן רופן מענטשן.

— העי יאַ נאַס! (מענטשן) — האָב איך געשריגן.

— ווער איז עס? — האָט מען זיך אָפּגערופן פון דער נאַכט.

— וואַלאַ יאַ שעיך! איך בין אַ פרעמדער, און ווייס נישט וווהין צו גיין! — האָב איך אויסגעשריגן אין דער נאַכט.

מען ענטפערט נישט.

— האָב מורא פאַר גאָט! — האָב איך ווייטער געריידט צו דער נאַכט — איך בין אַ טוריסט, אַ פרעמדער, דעם גאַנצן טאָג געגאַנגען. דער גאַנצער וועלט וועל איך דערציילן, וואָס פאַר אַ שלעכטע מענטשן און שטאָט איז מידבא.

דאָס קול שווייגט.

— אָבער זאָגט מיר, ווו איז די „מעדאַפאַ״?

— וואַרט — האָב איך נעבן זיך דערזען אַ הויכן אַראַבער.

— ווער ביסטו? וואָס טוסטו דאָ אַזוי שפּעט?

איך האָב ווייטער דערציילט:

— איך בין אַ טוריסט, געקומען פון יריחו, אַ גאַנצן טאָג גע־גאַנגען, מיד, די מאַנאַכן האָבן מיך נישט אַריינגעלאָזן, שלעכטע מענטשן זענען אין מידבא...

— אַקרוטי! (ממזרים) — האָט ער צוגעוואָרפן פאַר די מאַ־נאַכן — קום איך וועל דיר ווייזן די „מעדאַפאַ״ — האָט ער מיך געפירט אין דער נאַכט.

— היינט זענען דאָרט געקומען צוויי מענטשן — האָט ער מיר דערציילט גייענדיק.

איך האָב געשוויגן. וואָס גיכער האָט זיך מיר געוואָלט זיין

אונטער אַ דאַך, אויסרוען זיך. אַפילו דער אַראַבישער גאַסט־הויז איז נישט זייער קיין אָנגענעמער אָרט...

אַראָפּלאָזנדיק זיך פון איין דאַך אויפן צווייטן זענען מיר ענדלעך געקומען.

אָן אַ זיי־געזונט איז דער אַראַבער פאַרשוווּנדן געוואָרן. איך בין געבליבן שטיין פאַר אַ נידעריק הייזל. ביי דער טיר זענען געזעסן צוויי אַראַבער, די פריערדיקע געסט.

— ברוך הבא

—ברוך הבאטען — האָבן זיי מיר געענטפערט.

— איתפאראל, רו זיך אָפּ, דו ביסט אַ פרעמדער?

— געקומען פון יריחו — האָב איך זיך אַריינגעקליבן אין שטיבל. מיטן קאָפּ צום טיר האָב איך זיך אויסגעצויגן אויף דער ראָגאָזשע, וואָס איז דאָרט געלעגן, אָבער שלאָפן האָב איך נישט געקענט.

די לופט אין שטיבל איז געווען הייס, דומפּיק און געדיכט. פון איין זייט אויפן צווייטן האָב איך זיך געוואָרפן. מיך האָט עפּעס געביסן. איך האָב די ראָגאָזשע אַרויסגעטראָגן, אויסגעטרייסלט און צוריק אַריינגעטראָגן, אָבער ליגן רואיק האָב איך נישט געקענט.

פון דרויסן, וווּ די צוויי אַראַבער זענען געזעסן, האָב איך דערהערט אַ שטילן רעדן און איך האָב דערזען, ווי זיי צעלייגן אַ קליינעם פייערל אונטער אַ ווייסער שטיק בלעך און איינער קנעט מעל. מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ הונגער, אָבער פון גרויס מידקייט האָב איך זיך נישט גערירט פון אָרט און צו דעם בין איך געווען זייער שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די „אייראָפּעער" מאַכן, וואָס זענען געקומען פאַרשפּרייטן „ליכטיקייט" צווישן די ווילדע אַזיאַטן. איך בין געלעגן און געטראַכט.

אָט דאָ איז דער הר נבו מיט די קוואַלן, וואָס הייסן „עין מוסא", דאָ איז מידבאַ און איך דאַרף ליגן אין דער אַראַבישער „מעדאַבאַ" און מיך זאָלן עסן די פליי. בין איך שוין גאָר אַ פרעמדער?...

אָט האָב איך היינט דורכגעמאַכט אַ שטיק וועג, וואָס די בני

ישראל זענען דורכגעגאַנגען אין זייער אָנקומען אין ארץ־ישראל. איך זע זיי, די וואַנדערער פון דער מדבר, מיט זייערע טשערע־דעס, גמלים און אייזלען לאָזן זיי זיך אַראָפּ פון די בערג און שלייכן זיך שטיל צום גלגל, צום ירדן־איבערגאַנג.

אויף דער צווייטער זייט געפינט זיך דאָס לאַנד מיט די גרוי־סע, רייכע שטעדט, וווּ זיי וועלן געפינען זייער רו, און פון הר נבו קוקט אויף זיי זייער פירער, וואָס ווייזט זיי אָן זייער וועג...

און איך זע זיי פאַר זיך, ווי איך האָב זיי געזען איינדערפרי ביים ירדן־איבערגאַנג...

„פריי, ווי דער ווינט, אין לאַנגע העמדער און בלויזע קעפּ, טראָגן זיי זיך, אויף זייערע שנעל פיסיקע גמלים, איבער די זאַמ־דיקע בערג פון דעם ירדן־טאָל. אַ גרילצנדער אויסגעשריי, די גמ־לים פאַלן אויף די קני און פלינק ווי די קעץ, זענען די רייטער גע־שטאַנען ביים ירדן".

— אין דעם אָנדענקען פון אונזער קומען און לויב פון ווייַ־טערע דורות, וועלן מיר אונזער גאָט שטעלן אַ מזבח — זינגען די זקנים. און אין דער טויטער שטילקייט, טראָגט יעדער זיין שטיין און בויט דעם מזבח. דער ירדן האָט די שטיינער צעטראָגן. דער נאָמען און אָנדענק איז געבליבן —

אַ קאַלט פאַרטאָג־ווינטל האָט אין הייזל אַריינגעבלאָזן, מיך אויפגעוועקט פון מיינע געדאַנקען, איך האָב דערהערט אַ שטילן געזאַנג. דאָס האָבן די צוויי אַראַבער געזונגען.

שטיל, טרויעריק, איין אויסגעצויגענע נאָטע האָט זיך צו מיר אין שטיבל פאַרקליבן. איך האָב אַרויסגעקוקט, האָב זיי דערזען זיצן אויף אַן אויסגעשפּרייטן מאַנטל. צווישן זיי איז פאַרשפּרייט אַ טיכל, מיט ווייסע מצות און אַ ציבעלע. איינער פון זיי איז צו מיר מיטן פנים געזעסן. זיין קאָפּ איבערגעדעקט מיט אַ שאַל. זיי זיצן, שאָקלען זיך און זינגען שטיל. אַזוי נאָענט האָב איך זיך פלוצלונג דערפילט צו זיי, מיר האָט זיך געוואָלט אויפשטיין, צו־גיין, זעצן זיך נעבן זיי, מיט זיי צוזאַמען זינגען. און דאָ זע איך, ווי איינער איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און מיט אַן אויסגע־צויגענעם קול, אין נאָז, אָנגעהויבן זאָגן און אין זיין זאָגן האָט זיך

געפילט א שרעקלעכער פלוך, מאכטלאזער צארן, ער האט געזאגט: „שפוך חמתך על הגוים"... און דער צווייטער האט אונטערגע־כאפט: „על הגוים אשר לא ידעוך"...

יידן! — האט איך מיך אויפגעזעצט. איך האב געמיינט, אז איך חלום, אז איך שלאף. דאס געזאנג איז אפגעהאקט געווארן. איך בין ארויס פון שטיבל. זיי זענען געשלאפן. איך האב געקוקט און נישט פארשטאנען, וואס דא איז פארגעקומען. איך האב איי־נעם פון זיי אנגערירט. ער רירט זיך נישט.

גאט מיינער, איז עס א חלום?... ווי קומט אהער דער שפוך חמתך? ווער זענען זיי... און אפשר האט זיך מיר אויסגעוויזן, פון שלאף?... איז דען א חלום, וואס איך שלאף איצט אין מידבא און מען האט מיך נישט געוואלט לאזן שלאפן... און די פאר אראבער, וואס שנארכן אזוי שטארק, אז מען קען הערן איך ווייס ווו?...

איך בין אריין צוריק אין הייזל, האלב צוגעמאכט די אויגן, אזוי ווי איך שלאף, געוואלט זען אויב זיי וועלן ווייטער זינגען און אומבאמערקט בין איך אנטשלאפן געווארן. גאנץ שפעט, מיטן טאג האט מיך אויפגעוועקט אן אראבער, וואס האט אונז געבראכט עסן. די צוויי געסט האב איך שוין נישט געזען.

— ווו זענען די יהודי? — האט ער מיך געפרעגט.

— וועלכע יהודי?

— די צוויי יהוד, וואס האבן געגעכטיקט מיט דיר. וועף ביסטו? — האט ער שוין מיך געפרעגט.

— א יהודי!

— וואלא! — האט ער נאר געפונען צו באמערקן, וואס דריי יידן זענען געשלאפן צוזאמען די נאכט און האבן נישט געוווסט ווער זיי זענען.

נישט אומקוקנדיק זיך אויפן אראבער האב איך אנגעטאן מיין פעקל און בין אוועק א ברוגזער. אויף וועמען איך בין געווען ברוגז ווייס איך נישט... אויף דער גאנצער וועלט האט מיך פאר־דראסן.

# א נאכט אין גרר

איך געדענק, אז נאך אמאל, ווען איך האב אין חדר געלערנט, האט מיך די מעשה פון יצחק און אבימלך דעם קיסר, זייער שטארק באריהרט. און איך געדענק, אז נאכדעם האט מיך שטארק הנאה געטאן זיין מפלה, און איצט, אז איך בין אין ארץ־ישראל, ווי אזוי ביים מען נישט זען דאס ארט... גרר הייסט דאס.

נאר ווי אויף להכעים האט זיך מיר דאס נישט איינגעגעבן. מען האט מיר געזאגט, אז דארט איז א ווילדער, וויסטער געגנט, אפילו אן אראבער איז דארט שווער צו געפינען, און ויהי היום, עס איז געקומען א טאג, ווען מען האט געדארפט דאחט מעסטן לאנד, וואס מען האט געוואלט קויפן, איך האב זיך אויך איינגע־שלאסן אין דער חברה מעסטערס און בין געקומען אין גרר

---

אין א הייסן טאג, נאך דעם ארומגיין מעסטן די ערד, זענען מיר אלע, ווי די ארבעטער אזוי דער אינזשעניער, געזעסן ביי דער נאכט אויף דעם זאמד, וואס איז נאך געווען הייס און געקוקט אויף די שטערן, וואס זענען איבער אונז צעשאטן געווען און אויף דעם זילבער־ווייסן טייך, וואס האט זיך אין הימל געצויגן.

— א קאלטער „באטיקו" (קאווענע) וואלט גאר נישט שלעכט געווען, — האט זיך אן ארבעטער אנגערופן, איינאטעמענדיק די פרישע לופט.

— ער וועט נישט קומען, — האט זיך א צווייטער אנגע־רופן.

מיטן געזיכט צו די „דיונעס" זענען מיר געלעגן און די „דיו־נעס" האבן עפעס געלאכט מיט א בלייך־מאטאוון שיין. עס איז טויט, וויסט, שטיל, אפילו די שאקאלן, די אור־אלטע מזרח־איינוווינער האט מען אויך נישט געהערט. פארליהרנדיק זיך אין

דער נאַכט, נישט ווייט פון די „דיונעס״, איז אַ בערגל געשטאַנען און פון הינטער איר האָט איראַניש אַ שטערנדל געווונקען. דאָס שווימט ער אַרויס, און דאָס פאַרלירט ער זיך, וואָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן די פינסטערע טיפעניש פון דער טויטער נאַכט.

איך קוק מיר איין און מיר ווייזט זיך אויס, אַז די פינסטער־ניש האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן, רירן זיך, און איך זע: אַ הויכן מענטשן־געשטאַלט, מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט און מיט אַ ברייטן מאַנטל איבערגעדעקט. זיין גרייזגראָע באָרד איז ברייט איבער זיין ברוסט צעוואָרפן. מיט ברייט־רואיקע טריט גייט ער איבערן זאַמד און הינטער אים ציט זיך און שלענגלט זיך אַ שוואַר־צע מחנה שאָטנס.

רואיק, מיט געציילטע באַוועגונגען, הויבט זיך דער שטעקן און שטיל שפאַנט דער אַלטער, נאָך אים די שאָטנס און אַלע ווערן פאַרשוווּנדן אין דער שוואַרצער, אומבאַוועגלעכער נאַכט.

לאַנג האָב איך זיי נאָכגעקוקט און איך ווייס נישט פונוואַנען, פון ווען האָט אין מיינע אויערן אָפּגעקלונגען:

„וילך יצחק אל אבימלך מלך פלשתים גררה״.

די נאַכט האָט זיך אַליץ נידעריקער צו די דיונעס אַראָפּגע־לאָזן און לאַנגזאַם קריכנדיק, איבערגעטראָטן דעם שוואַרצן פּאַס, די גרענעץ, וואָס האָט אָפּגעטיילט די לעבעדיק־שעפערישע ערד פון די גאָלד־מאַטאָווע טויטע זאַמדן, און איז ווייטער געשוווּמען.

— עס וועט נאַכגישט זיין, — האָט זיך איינער פון אונדז אויפגעהויבן און איז אַריין אין ביידל, נאָך אים דער צווייטער און איך האָב געהערט, ווי זיי ליגן זיך שלאָפן. מיר, די איבער־געבליבענע זענען רואיק געלעגן און נישט ווייט פון אונדז, ווו עס איז געשטאַנען די ענגלישע גרענעץ־וואַך, דאָס טעלעפאָנען־שטיבל און אויך אייניקע אַראַבישע ביידלעך, האָט זיך דערהערט גמילות־הירזשען, פליעסקען מיט די הענט, אויסגעשרייען און געזאַנג. דאָס האָבן די אַראַבער זייער וועטשערע געגעסן. ביי זיי איז איצט דער גרויסער תענית ראַמאַדאַן.

דרייסיק טעג פון גאַנץ פרי ביז דער נאַכט פאַסטן זיי, עסן גאָרנישט, טרינקען נישט און רויכערן נישט. און אויך דרייסיק

נעכט, פון זונען־אונטערגאַנג ביז דעם מאָרגן־שטערן אויפגאַנג עסן זיי, טרינקען און רויכערן וויפיל זיי קענען.

— מען דאַרף גיין צו אבו־טאיע פרעגן אויב מען וועט ברענגען די קאַוועס — האָט איינער אַ זיפץ געטאָן. איך בין אויפגעשטאַנען און נישט־רעדנדיק קיין וואָרט אַוועק אויסגעפינען וועגן די „באַטיכעס".

מיט אַ שטאַרקן בילן האָט מיך באַגעגנט זיין גראָבער, נידעריקער, קודלאַטער הונט. אבו־טאיע האָט אים אָפּגעטריבן. אַרום פייער ביים ביידל האָבן מיר זיך געזעצט. אין ביידל, ווי אין אַלע אַראַבישע ביידלעך, איז גאָר נישט געווען אַ חוץ אָנגעוואָרפענע שמאַטעס, וואָס האָט געדינט פאַר אַ בעט, און אויך אַ פאַר הינער, דער הונט, איניקע שעפסן און אויך אַ איזל. אין דער פינסטער אין ביידל איז אומגעקראָכן אַ פרוי, קלינגענדיק מיט די מטבעות און רינגען, וואָס אויף איר איז געהאָנגען. זי האָט געוויגט אַ ווייגענדיק קינד. איר געזיכט האָט מען נישט געזען.

— מאַראַטי (מיין ווייב) און דאָס איז איר זון, — האָט ער גדלותדיק אָנגעוויזן אויף דעם וויינענדיקן קינד אין ביידל און האָט אָנגעהויבן גרייטן קאַווע.

— אבו אבעד וועט נישט קומען?

— נאָך „ווטור" — האָט קורץ אבו־טאיע געענטפערט, צערייבנדיק די אונטערגעברענטע קאַווע. דאָס קינדערישע געוויין האָט זיך אַלץ מער און איינגעשפאַרטער געטראָגן פון ביידל.

— סעלימע, נעם דיין זון! — האָט אבו־טאיע צו דער פרוי געשריגן, וועלכע איז אין דער צייט ערגעץ אַרויסגעגאַנגען.

הויך האָט אבו־טאיע אַ קלאַפּ געטאָן, אַ סימן די קאַווע איז פאַרטיק. איך האָב גענומען די קליינע שאָל ביטערע קאַווע, וואָס אבו־טאיע האָט מיר דערלאַנגט.

— היי סעלימע, סעלימע, — האָט צאָרנדיק אבו־טאיע אויסגעשריגן צו דער פרוי, וואָס איז וויטער אַרויסגעגאַנגען, ווען דאָס קינד האָט זיך ווייטער צעוויינט און נישט האָבנדיק קיין ענטפער, איז ער אַליין אַריין אין ביידל און אַרויסגעטראָגן דאָס קינד פאַרוויקלט אין שמאַטעס, אַז מען האָט עס נישט אַרויסגע־

זען. אבו־טאיע האט עפּעס געזונגען, צערטלענדיק דאָס קינד, וועלכעס האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען.

איך האָב זיך איינגעהערט אין זיין מאָנאָטאָן צעצויגענעם ניגון. איניקע ווערטער האָב איך פאַרשטאַנען. ער האָט געזונגען: אַז דאָס קינד וועט אויסוואַקסן, וועט עס אונטערהאַלטן די משפחה אבו־טאיע, ווייל נאָר איינער וועט ער זיין, אַלע זענען אויסגע־שטאָרבן... ווייטער האָב איך שוין נישט געהערט. ער האָט נאָר מיט די ליפּן באַוועגט און טרויעריק, טרויעריק מיט זיין קאָפּ גע־שאָקלט. דאָס קינד איז אַנטשוויגן געוואָרן, און ער האָט עס צוריק אין בוידל אַריינגעטראָגן.

— קיינער נישטאָ... ער איז דער לעצטער... גאָט איז גרויס...— האָט אבו־טאיע שטיל געמורמלט, זעצנדיק זיך נעבן פייער און צעווי־גיקט מיט זיינע אַקסלען געפירט, אומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן און ווי זיך אליין געפרעגט: וו איז זי? וווהין איז זי אַוועק?...

איך האָב געזען, אַז עפּעס אַ שמערץ דריקט אים און צו דעם האָב איך מיר נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז ביי אַזאַ אַלטן אַראַ־בער, 73 יאָר, ווי ער האָט געזאָגט, זאָל זיין אַזאַ יונגע פרוי, 16 יאָר אַלט און נאָך מיט אַ קינד? און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אַן די שמייכלען פון די אַראַבער און זייערע געלעכטערלעך, ווען מען פלעגט אבו־טאיע מיט זיין ווייב דערמאָנען.

— דו ביסט שוין לאַנג אין דער געגנט? — האָב איך אים געפרעגט, ווייל איך האָב געוווסט, אַז דער גרעסטער טייל אַראַבער אין נגב זענען פון פרעמדע געגנטן, אַנטלאָפן פון בלוט.

— אָ, שוין לאַנג, גאַנץ לאַנג זענען מיר דאָ... איך בין דאָ געבוירן... — האָט ער מיט גדלות אויסגערעדט, — און איצט בין איך אַליין געבליבן, גאָט איז גרויס — האָט ער שטיל געמורמלט אַ ליד. און אַלץ העכער און העכער האָט זיין קול געקלונגען.

אַן אַ וואָרט בין איך געזעסן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַזוי ווי איינער שרייט, וויינט אין דעם אומגעהויערן אומעט, און אין דער איינגענער צייט צאַרנדיק דערמאָנט ער די גוטע, שיינע, לאַנג־פאַרבאָרגענע צייטן.

נישטרווילנדיק האָב איך אין דער זייט פון די זאַמדן געקוקט,

וועלכע האָבן זיך געזען, ווי אַ בלאָס־שמערצלעכער קראַנקער שמייכל. דער חושך איז נאָך שטיפער געוואָרן, און ווייטער זע איך דעם שלעגנעלדיקן פּאַס פון די שוועבנדע שאָטנס, און אַזוי ווי זיי זינגען דאָס ליד.

— אַללאַ אַקבאַר (גאָט איז גרויס),—האָב איך אַ קרעכץ דערהערט. איך האָב זיך אומגעקוקט. — וואָס האָסטו געזונגען?—האָב איך געוואָלט וויסן דאָס ליד און אַבו־טאַיע האָט געמורמלט:

— אַללאַ איל אַללאַ, מאַכמעד ראַסול אַללאַ. — האָט אַבו־טאַיע געזיפצט. — פריער זענען דאָ מענטשן געווען... אַלץ האָט אונז געהערט... די גאַנצע וועלט. און איצט? די מענטשן — ווי פויגל... טויטע הערצער... און די מלחמות... און די רייכע... אין צוואַנציק יאָר אַרום, אין דעם דריטן דור האָט מען די פּאַר־גאַסענע בלוט געזוכט... בלוט שרייט, בלוט שווייגט נישט... בלוט פאַר בלוט... און מיר וואָס טוען?... מיט געלט קויפן מיר זיך אויס...

ער איז אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן...

— האָבן מיר דען געוווסט, וואָס איז אַנגליז (ענגלענדער)?

— האָט ער ביטער פאַרגעזיפצט — האָבן דען פרעמדע געקענט קומען אין אונזערע ערטער... זענען דען אונזערע שווערדן און ביקסן געווען פאַרראָסטעט אַזוי ווי איצט?...

— האָבן דען די „טאַראַבין" און אַנדערע געקאָנט קומען אין אונזער לאַנד פיטערן זייערע טשערעדעס און שטעלן זייערע בייד־לעך אָן אונזער דערלויבעניש... און אַלץ איז דאָס איבער „רפיה",

— האָט ער פלוצלונג צוגעגעבן און נידעריק דעם קאָפּ איינגעבויגן.

שוועבנדע שאָטנס זענען אַרויסגעשוווּמען, די געשטאַלטן פון דער אור־אַלטער פאַרגאַנגענהייט און ווידער האָט אָפּגעקלונגען:

„וילך יצחק ויחן בנחל גרר".

און אַבו־טאַיע האָט אַלץ שטיל איבערגעחזרט: „אַלץ איבער רפיה... אַלץ איבער רפיה..."

— רפיה איז אַ פרוי? — האָב איך געוואָלט וויסן. — ווער

איז די רפיה, איבער וועמען „זיי" זענען געווארן „פויגל" און „טויטע".

אבו־טאיע האט געשאקלט מיטן קאפ:

— יא, דאס איז א פרוי, — און פלוצלונג צו מיר זיך אומגעקערט:

— יא, איבער א פרוי! איז אונזער לאנד אומגעקומען, אז איבער א פרוי איז אונזער שבט חרוב און פון דער וועלט פארשוואונדן; ווייס, דו, וואס געפינסט זיך אין אונזערע גרענעצן און באזיצסט אונזער לאנד, הער און צעטראג דאס איבער דער גאנצער וועלט, א פרוי האט אונז פון אונזער לאנד פארטריבן, נאר איך, אבו־טאיע, איבן חרוב א שיך... איך אליין בין געבליבן... מער איז קיינער נישטא...

דעם קינדס געוויין האט זיך ווידער פון ביידל ארויסגעריסן; אבער גלייך אפגעהאקט. אבו־טאיע האט צום הימל זיינע אויגן געהויבן און מיט מיר צוזאמען געקוקט אין יענער זייט, צו די זאמדן, ווו די שטערנדלעך זענען געווען צעשאטן און געפינקלט, און נאך א קליינעם שווייגן האט ער אנגעהויבן דערציילן, שטיל, רואיק, געלאסן, און ווילע צו ווילע איז זיין שטימע אלץ שטארקער געווארן. ער האט דערציילט:

— לאנג אין די אור־אלטע צייטן האט דאס געטראפן, אין יענע צייטן, ווען עס איז נאך נישט געווען נישט קיין איינגליז, נישט קיין טערק און נישט קיין יאהוד... די גאנצע וועלט האט אונז געהערט.

דא אין די ערטער האבן אונזערע שבטים זייערע טשערעדעס געפיטערט... איין גרויסן שייך האבן זיי געהאט... א מלך... און דער מלך האט איבער די אראבער רעגירט און געמשפט... אן זיין וויסן האט קיין מענטש נישט געקענט אונזערע וועגן דורכגיין און אונזערע וואסערן טרינקען. און איינמאל איז אין אונזער לאנד א פרעמדער געקומען. פיל אייזלען און גמלים, שעפסן, רינדער און קנעכט האט ער געהאט. געבעטן האט ער, מען זאל אים לאזן ביי אונז אין לאנד זיין ביידל שטעלן, ברונעמס גראבן, און די טשערעדע פיטערן. געבליבן איז ער ביי אונז... און אין זיין ביידל האט

ער א פרוי געהאט, ווי דער מארגן־שטערן אירע אויגן און ווי דע־באגינען־טוי איר פנים, און פון דער פרוי האט מען דעם שייך געזאגט. גערופן האט ער דעם פרעמדן.

— מיין שוועסטער רפיה... — איז געווען דעם פרעמדנס ענטפער, און געהייסן האט ער דעם שייך צו זיך אין בײדל זי ברענגען.

צעריסן האט דער פרעמדער זיינע קליידער, ביטער געוויינט, און מיט א קללה אונזער לאנד פארלאזן: „קיין בוים זאל נישט וואקסן, קיין גראז זאל נישט שפראצן, דאס זאמד זאל זי פארדעקן, צו א וויסטע זאל זי ווערן... מיאוס זאל זי אין אירע קינדערס אויגן ווערן... ווי וואנדער־פויגל זאלן זי פארלאזן... קיינער זאל נישט בלייבן... און אט זעסטו דאך, — האט ער מיטן האנט א מאך געטאן, — דער פלוך פון דעם פרעמדן איז מקוים געווארן.

נישט גערוט האבן די זאמדן. יאר צו יאר האבן זיי זיך פון זייערע ערטער געהויבן און אונזער לאנד פארדעקט... מיר אליין זענען שוואך געווארן... ווייסע בלוט באקומען... אונזער לאנד האבן מיר ביסלעכווייז פארלאזן, און ווי פויגל אין פרעמדע ערטער צעפלויגן. נאר איך... איך אליין בין געבליבן... איינער... דער לעצטער... — האט ער שטיל פארענדיקט, מיט א געזונקענעם קאפ און מיט פארצויגענע אויגן איינגעגראבן זיך אין דעם פייערל, וואס האט קוים־קוים געפלאקערט.

מיר זענען געזעסן, און די נאכט איז איר וועג געגאנגען. ווי פריער האבן קאלט־בלאס געקוקט די זאמדן, אזוי ווי זיי וואלטן אויסגעלאכט דאס, וואס דער אלטער האט דערציילט, און פון זיין גרויסן צער. נישט געקענט האב איך פון זיי מיינע אויגן אפרייסן. און איך זע:

די זאמדן, וואס זענען ביז איצט אזוי רואיק געלעגן, האבן זיך אנגעהויבן באוועגן, טרייסלען זיך און פלוצלונג פון ארט זיך גערירט און אויף אונז געגאנגען. אלץ נענטער און נענטער זענען זיי צוגעקומען. אט באלד זענען זיי שוין נעבן אונז, אומברחמנותדיק, ווי דער טויט אליין, קריכן זיי, שטיל, קאלט, געלאסן און באגראבן אלץ אונטער זיך.

ווי אַ שלאַנג האָב איך מיך אויפֿן אָרט געדרייט, וועלנדיק זיך באַפֿרייען, אַראָפּוואַרפֿן די זאַמדן, וואָס הערן נישט אויף אַלץ ווייטער און ווייטער... און באַדעקן מיך... זיי האָבן שוין מיר ביזן האַלדז דערגרייכט... איך ווער דערשטיקט... איך רוף צו הילף, אָבער קיינער ענטפֿערט נישט... אַלעמען האָבן שוין די זאַמדן באַ־דעקט... איך בין שוין ביזן מויל פֿאַרשאָטן... איך קען נישט שרייען... איך ווער דערוואָרגן, און פּלוצלינג... אויסגעפּלאַצט האָט אַ דונער איבער מיין קאָפּ, די וועלט צעטרייסלט. די זאַמדן זענען צעפֿאַלן געוואָרן, פֿאַרשוווּנדן. איך האָב זיך אין אַלע זייטן אומ־געקוקט.

שוואַרצע טראָפּנס טוי האָבן אונז באַדעקט. איך האָב אויפֿ־געציטערט פֿון דער פֿייכטקייט. אַבו־טאַיע האָט מיר זיין מאַנטל אַרויסגעטראָגן. אין ביידל איז שטיל. דאָס קינד שווייגט. אַבו־טאַיע האָט אין די קני זיין קאָפּ פֿאַרגראָבן און מיט שטאַרע אויגן גע־קוקט אין פֿייער אַריין...

איך האָב שוין נישט געקענט מער זיצן. איך בין צו אַנדער ביידל געגאַנגען. אַלע שלאָפֿן. אין די זאַמדן שטיל, רואיק. מען הערט נישט קיין ציטער אַפֿילו. נאָר די שטערן זענען צעשאָטן אין דער הויך און ציטערן אויף ציטערווייז און דאָרט נידעריק איבער די זאַמדן ווינקט און רופֿט איינע אַ גרויסע, אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט נישט געווען, נישט געטראָפֿן.

# אונטער דבורהס טייטלבוים

ווען איך פלעג נאָר וואַנדערן איבער די קאָלאָניעס פון דעם אונטערשטן גליל און זען פון דער ווייטן דעם תבור, וועלכער האָט אַזוי ווי אַן אַלטער טערק מיט אָראַפּגעדריקטע איבער די אויגן פּעסקע, געוווּנקען און געשמייכלט, האָט זיך מיר שטענדיק גע־וואָלט צוגיין אונטערהייבן די פּעסקע און אַ קוק טאָן אין זיין פאַרבאָרגענעם געזיכט. און איצט בין איך אויפן תבור, אין דעם הויף פון דעם גריכישן קלויסטער. איך האָב געזוכט דעם עלטסטן, פרעגן אויב איך וועל קענען בלייבן נעכטיקן. איך האָב געהוסט, געוואַרט, געגאַנגען אַהין און אַהער, קיינעם זעט מען נישט. דער צוגעבונדענער הונט האָט אויף מיר געקוקט און געריסן די קייט. נישט זעענדיק קיינעם בין איך פון הויף אַוועק און געזעצט זיך אויף איינעם פון די זיילן, וואָס זענען נעבן געשטאַנען, ווי מען זאָגט, נאָך פון די צייטן פון מיטלאַלטער. אין די שטראַלן פון דער פאַרגייענדער זון האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ פאַנטאַסטיש בילד.

פון איין זייט, דער אונטערשטער גליל מיט די פיל אַראַבישע דערפער און יידישע קאָלאָניעס. ווייטער — דער עבר־הירדן, מיטן הרמון, וועלכער האָט זיך אַזוי גדלותדיק געהויבן, העכער פון אַלע־מען איינגעוויקלט אין טונקל־רויטן נעפּל. אויך צפת האָט זיך גע־זען מיט זיינע ווייסע הייזלעך. און פון דער צווייטער זייט — ווי אַ גרויסע שאַכמאַט ברעט מיט נישט גלייכע קעסטלעך האָט זיך צעשפּרייט דער עמק יזרעאל, אַרומגערינגלט פון די בערג, וווּ עס האָבן זיך געזען טשערעדעס צום טאָל לויפן. און גאָר אונטן, ביים פוס פון תבור, האָט פריילעך מיט אירע רויטע דעכער, די קאָלאָ־ניע מסחה באַגעגנט די אָנקומענדיקע נאַכט.

— האַוואַנאַ! — האָט איך פּלוצים גענומען זיך אָן אַראָבער־דערזען.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער מיך איבערגעפרעגט.

— איך בין צו די גרעקן געקומען און איך ווייס נישט, וו איז זייער „ראַיעס" (עלטסטער).

— קום, איך וועל דיר ווייזן, — האָט ער מיך אין הויף אַרײַנגערופן. — דאָס איז דער „ראַיעס" — האָט ער מיר אויף אַ מיטל־וווקסיקן גרעק אָנגעוויזן, וועלכער איז געבן אַ פענסטער געשטאַנען.

— איך וויל דאָ נעכטיקן! — האָב איך צו אים אין רוסיש גערעדט.

— איזראַעלים?

— יאָ, — האָב איך מיטן קאָפּ געשאָקלט. — איך בין אַ טוריסט, — האָב איך צו אים גערעדט, זעענדיק נאָך זיין שוואַרצער באָרד, אַז מײַנע געשעפטן זענען שוואַך. איך וועל נישט קענען נעכטיקן און עס איז שוין נאַכט.

— וואָס איז אַ טוריסט? — האָט ער מיך מיט די אויגן אָפּגעמאָסטן.

איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס איז אַ טוריסט און אום אונטערצושטיצן מײַנע ווערטער האָב איך אים געוויזן אַ ביכל, וו עס זענען געווען די חתימות פון די ערטער, וו איך בין געווען. ער איז ווייכער געוואָרן און אַ פאַרבייניייענדיקן מאַכאָך געהייסן מיר ווייזן אַ צימער און אויך געבן עסן.

די זון איז אויך פאַרגאַנגען און מיר האָט זיך זייער געוואָלט אַרויסגיין פון דעם צימער, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן, ווי אַ פּעטטונג מיט זיין האַלב־קוילעכדיקן סופיט און שווערן געדוך. נאָר פון צימער האָט איך נישט געקענט אַרויסגיין, די הינט זענען געבן מיין טיר געלעגן.

עס איז שוין געווען גוט פינסטער. איך האָב זיך אין בעט געלייגט, אָבער שלאָפן האָב איך נישט געקענט. זייער פרעמד האָב איך זיך דאָ געפילט.

עס איז שטיל ווי אין אַ קבר. די גראָבע ווענט האָבן קיין גע־

דרויש נישט דורכגעלאָזן. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער „אַפּגאָט", וואָס איז אין מײַן ווינקל געהאָנגען, האָט אויף מיר מיט אויסלאַכנדיק־שטעכיקע אויגן געקוקט. איך בין אויפגעשטאַנען, דאָס בילד צו דער וואַנט איבערגעקערט, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, ווען איך האָב אפילו די אויגן צוגעמאַכט האָב איך זײַן שפּאָטיש בליק געפילט. ליגן האָב איך נישט געקענט. איך בין אומגעגאַנגען איבערן צימער. איך ווייס נישט וויפל צייט, ווי פון הויף האָבן זיך שטימען דערהערט, און ווען איך האָב אַרויסגעקוקט פון טיר האָב איך דערזען „פּאַלאַמניקעס", וואָס זענען ערשט אָנגעקומען. איינעם פון די מאַנאַכן, וואָס האָט זיך נעבן זיי געדרייט, האָב איך געבעטן מין אַרויספירן פון דעם מאַנאַסטיר. פאַרוואונדערט האָט ער מיך אָנגעקוקט, נאָר דאָך מיך אַרויסגעפירט און הינטער מיר פאַרשלאָסן די טיר. איך בין געבליבן אַליין. די נאַכט האָט מיך אין זיך אַרײַנגענומען.

דער פאַרשיכורנדער דופט פון דער מימאָזע, דעם ווילדן פעפער און נאָך עפּעס גראָזן האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט אַ שאַרפן גערוך, וואָס האָט זיך גענומען פון דעם מישעבין: מענטש, חיה, וואַלד און די בלאָטעס, וואָס זענען אונטן געלעגן. אַ געדיכטן שאָטן האָבן די ביימער געוואָרפן. דעם וועג האָט מען גוט געזען.

איך בין געגאַנגען מיט דעם וועג צו די אַראַבישע פּאַסטוכער. בייטאָג האָב איך זיי געזען. ווייט אונטן זענען איבערגעפלויגן אויפשײַנענדיק, וואַנדערנדע פײַערלעך. דאָס קויל פון דעם שאַקאַל און דער געלעכטער פון דער דעבע האָט די נאַכט אָנגעפילט, שנעל בין איך געגאַנגען צו די ביידלעך: מין האַדראַ? (ווער איז דאָס?) — האָט מיך אַ פראַגע פאַרהאַלטן. איך בין געבליבן שטיין.

— מין האַדראַ? — האָט מען ווידער איבערגעפרעגט.

— „סאַכעב!" (אַ פרײַנט) — האָב איך געענטפערט. פון הינטער אַ בוים איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגער אַראַבער מיט אַ ביקס אין האַנט. איך האָב נישט באַמערקט, אַז איך בין שוין צוגעקומען צו די פּאַסטוכער־ביידלעך. הינטער דעם בוים זענען די

ביידלעך געשטאַנען, און בײַ אַ קליין פֿײַערל זענען די פּאַסטוכער געזעסן. פֿאַרוווּנדערט האָבן זיי מיך אָנגעקוקט. אָבער גלײַך האָבן זיי מיך דערקענט. זיי האָבן מיך געזען פֿאַרנאַכט. זיי האָבן מיך פֿאַר אַ גרעק גערעכנט. מען האָט מיר אַרויסגעטראָגן צוויי קאָלדרעס און אַ קישן אויסגעבעט בײַם פֿײַערל. איך האָב זיך צו־געלייגט. די אַראַבער האָבן געמאַכט קאַווע.

— ווי אַזוי קומסטו דאָ בײַנאַכט? אַ „דעבע" (היענע) האָט דיך געקענט צערײַסן — האָבן זיי מיך געפֿרעגט.

— איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט, — האָט איך זיך פֿאַרענט־פֿערט.

די קאַווע איז פֿאַרטיק, און דער „פֿענדזשאַן" (אַ קליינע שאָל) איז אַלעמען אַרומגעגאַנגען. נאָך קאַווע זענען די פּאָר יונגע אַראַ־בער אַוועק אין ביידל. איך האָב זיך אויף דער קאָלדרע אויסגע־צויגן, נאָר אַן עלטערער אַראַבער איז בײַ דעם פֿײַערל געבליבן, איינהערנדיק זיך אין דער נאַכט. איך האָב אויך נישט געקענט שלאָפֿן. אַט די שטילע, רויִקע נאַכט מיט דעם בלויִלעכן הימל, וועלכער האָט זיך שטיל גערוקט מיט זײַנע שעמערירנדע שטערן, מיט דעם ווינטל, וואָס ברענגט צוטראָגן די צוויבערנדע־שטילע נאַכט־שטימען, און די פֿליי, מיט וועלכע די קאָלדרע איז פֿול גע־ווען, האָט מיך נישט געלאָזט שלאָפֿן.

— דו ביסט אַ היגער? — האָב איך געפֿרעגט.

— פֿון „קיבלי" (דרום). אַלע אַראַבער זענען פֿון „קיבלי", — האָט ער מיט זײַן האַנט אין טאָל אָנגעוויזן. — נאָר שוין לאַנג זענען מיר דאָ... פֿריִער מיט צײַטן זענען דאָ אַנדערע אַראַבער געווען, — האָט ער זײַן פּנים פֿון מיר אָפּגעקערט. אין זײַנע אויגן זענען פֿונ־קען אומגעלאָפֿן.

נישט קענענדיק שלאָפֿן, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר דערציילן, ווי אַזוי זיי האָבן פֿאַרנומען דאָס לאַנד.

אַן אַ וואָרט האָט ער צוגעגאָסן וואַסער אין דעם קאַווע־קאָכער און נעבן פֿײַערל געשטעלט, אונטערגעוואָרפֿן האָלץ, און האָט אָנ־געהויבן מיט דעם נוסח און ניגון פֿון אַלע אַראַבער ווען זיי דער־ציילן עפּעס פֿון די אַלטע צײַטן:

— לאנג, לאנג איז דאָס געווען. קיינער געדענקט שוין נישט די צייט, אויף דעם באַרג און טאָל האָבן אַראַבער געוווינט. עס זענען געווען רייכע, עס זענען געווען אָרימע. אייניגער האָט פיל שעפּסן און גמלים געהאַט, דער צווייטער ווייניקער, אַזוי ווי איצט. שייכים זקנים זענען געווען. הויכע, קלוגע, שטאַרקע. קיינער האָט זיך נישט געקריגט מיט זיי. זיי האָבן זיך מיט קיינעם נישט גע־קריגט. און אַזוי האָבן זיי פיל יאָר געלעבט.

נאָר אין אַ טאָג האָבן זיי דערזען, אַז דער „וואַדי" (טייכל), וואָס ציט זיך ווייט צו „קיבלי", צו „וואַדי אַל ערבא" און ווייטער, פילט זיך אָן מיט שמוץ פון אייזלען, גמלים און בהמות, שאָף און פערד. אויפן צווייטן טאָג — מערער, אויפן דריטן טאָג האָט דאָס שוין די ברעגן אָנגעפילט. אַלץ קומט פון „קיבלי". מען ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

און ביי די אַראַבער איז געווען אַן אַלטער און קלוגער שייך. אַלץ, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך, האָט דער שייך געוווסט און צו אים איז מען געקומען פרעגן אַן עצה. און אַזוי האָט דער אַל־טער געזאָגט:

— די שמוץ, וואָס גייט אויף אונז פון „קיבלי", און פילט אָן אונזער „וואַדי" און קומט צו אונזערעביידלעך — דאָס ווייזט, אַז פון דאָרט וועט קומען אַ פאָלק, וואָס וועט אָנפילן, פאַרנעמען אונזער לאַנד און מיר וועלן מוזן אָפּטרעטן פון דאַנען.—און גענו־מען האָט ער אַ לאַנגן שפּיז, געוואָרפן אין דער הויך און געזאָגט: „וועט דער שפּיז, פאַלנדיק, בלייבן שטעקן אין דער ערד, ווייזט דאָס, אַז אַללאַ וויל נישט, אַז מיר זאָלן אונזער לאַנד פאַרלאָזן און פרעמדע זאָלן עס פאַרנעמען. און אויב דער שפּיז וועט פאַלן און בלייבן ליגן דאַן מוזן מיר דאָס לאַנד פאַרלאָזן, ווייל אַזוי וויל אַללאַ". און דער שפּיז איז צו דער ערד געפאַלן.

און אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, מען האָט נאָך נישט גע־וווסט, וואָס צו טאָן, האָט מען מיט שטוינען דערזען, אַז דאָס ביידל פון אַלטן שייך איז פאַרשוואונדן און אויפן אָרט פון דעם ביידל ליגט אַן איבערגעקערטער טאָפּ. און אַז מען האָט דעם טאָפּ אויפגעהויבן, איז פון דאָרט אַ טויב אַרויסגעפלויגן און פאַרפאַל;

געוואָרן אין דער הויך. אַ הון מיט איבערגעשלאָגענע פליגל און פיס איז סוליעדריק ניך געלאָפן, און אויפן אָרט איז געבליבן ליגן אַ געבונדן קליין הינדל, הויל, אָן פעדערן.

קיינער ווייסט נישט, וואָס דאָס איז. געכאַפּט האָט מען די הון און צוזאַמען מיט דעם קליינעם הינדל צו די שייכס געבראַכט, און אַלע דערציילט. לאַנג האָט מען געטראַכט איבער דעם און ענדלעך האָט זיך איינער אָפּגערופן: „איך ווייס, וואָס דאָס באַדײַט: דער אַלטער שייך זאָגט אונז אָן: ווער עס איז רייך, שטאַרק, פאַרמאָגט פיל בהמות, שעפּסן, אייזלען און גמלים, דער זאָל געשווינד, ווי אַ טויב פליען פון דאַנען. ווער עס איז נישט זייער רייך און האָט ווייניק בהמות, שאָף און גמלים, דער זאָל זיך לאַנגזאַם, ווי די הינקענדיקע הון צוריקציען פון דאַנען. אָבער דער אָרעמאַן, וואָס האָט גאָרנישט, דער קען בלייבן, ווייל ער האָט נישט וואָס מורא צו האָבן".

און אַ טומל האָט זיך אין די בײַדלעך צעשפּרייט. אַלע, ווער עס האָט נאָר געקענט, איז אַנטלאָפן. אין אַ צייט אַרום זענען די פרעמדע אָנגעקומען און דאָס גאַנצע לאַנד פאַרנומען...

ווי אין שלאָף האָב איך זיינע לעצטע ווערטער געהערט. זיין רואיקער, מאָנאָטאָנער קול, מיט דעם טרויעריקן, אָפּגעצויגענעם, אָן ווערטער געזאַנג פון די אַראַבער, וואָס האָבן שוין אויף זייערע שטיינערנע האַנט־מילכעלעך געמאָלן ווייץ מיט זייער איינטאָניקן זזזז... האָט מיך פאַרשלעפערט. וויפל צייט איך בין געשלאָפן ווייס איך נישט, נאָר אין שלאָף האָב איך געהערט ווי מען וועקט מיך. איך בין אויפגעשטאַנען. נעבן זיך האָב איך די אַראַבער דערזען. זיי גייען אין מאָנאַסטיר נאָך די טשערעשעס, און זיי האָבן מיך אויך גערופן. עס האָט אָנגעהויבן באַגינען. די מאָרגן־פרישקייט האָט מיך דורכגענומען. איך האָב געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. די אַראַבער זענען אוועק. איך בין אַרויפגעקראָכן אויף איינע פון די העכסטע ערטער אויפן באַרג, נישט ווייט פון מאָנאַסטיר און האָב געוואַרט אויף דער זון־אויפגאַנג.

אַלץ האָט אָנגעהויבן פון שלאָף דערוואַכן. אין מזרח־זייט איז דער הימל געוואָרן רויטלעך, און ווי געטרוימט האָבן די

בערג, נישט וועלנדיק די אויגן עפענען אויסגעצויגענע איבערן גאנצן טאָל. אַ קאַלטער ווינטל, ווי דער בערג־ציטער, איז דורכגע־פלויגן. אַלץ האָט אויפגעציטערט. פויגעלעך האָבן זיך שטיל, אָפּגעהאַקט, איבערגעצווישערט.

אַלץ מער און מער האָט זיך דער הימל אין מזרח געעפֿנט. איינציקע שטראַלן האָבן פון ערגעץ ארויסגעשאָסן ביזן מיטן פון טאָל. נאָך זיי, נאָך און נאָך, אויסגיסנדיק גאַנצע טייכן צעלאָזטע גאָלד. דאָרט ווייט, אין דעם דורכשניט פון צווי בערג, האָט זיך ווי אַ גלעזערן אויג דער ים כנרת געזען, און דער חר־מון מיט זיינע צעוואָרפענע, גרויע האָר, האָט די אויגן געעפנט. ביי מיינע פיס איז דער עמק יזרעאל נאָך געשלאָפן.

איין שטראַל האָט זיך פון הימל אַראָפּגעגנבעט און איז אין עמק געפאַלן. דער עמק האָט אויפגעציטערט, געפרווט די אויגן עפענען. אָבער דער זיסער פרי־מאָרגן־שלאָף וויל אים נישט ארויס־לאָזן פון זיינע פליגלען מיט די זיסע חלומות און טרוימען, וואָס ער ברענגט מיט זיך פון די בערג. דער שטראַל איז פאַרשוואונדן.

אָן אָן אויפהער האָט די זון געשיקט אירע שטראַלן, איבער די בערג. די שטראַלן האָבן זיך פון די בערג אַראָפּגעלאָזן און ווי רויטע פלעקן זיך אויסגעלייגט אין טאָל.

ווי צעשראָקענע פויגל האָבן זיך שטיקער נעפל פון טאָל גע־הויבן און שווימענדיק האָבן זיי שוין דערגרייכט תענך און מגידו, וו סיסרא און די כנענים זענען מיט זייער לאַגער געשטאַנען. אפילו אויף די גלבוע־בערג האָבן זיך שוין די רויטע זונען־שטראַלן פאַרהאַלטן און אין דעם נעפל נאָך געשלאָפן. אויף דעם אָרט, וו דער ערשטער יידישער מלך איז געפאַלן, זענען זיי געלעגן און אין זייער רויטקייט האָט אויסגעזען, אַזוי ווי די ערד וויל נישט און קען נישט אריינעמען זיין בלוט אין זיך

אומבאַוועגלעך בין איך געשטאַנען. פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געטראָגן די טאַטן און מעשים פון דעם גרייז־גרויען אַלטער־טום. אָט זע איך פאַר מיינע אויגן, ווי דבורה פירט נאָך זיך די שבטים פון ישראל אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון די כנענים. ווי אַ שרעקלעכע לאַווע, ווי אַ באַרג שניי, וואָס פאַלט פון אַ הויכן

בארג, טראָגן זיך די ישראלים אויף די כנענים. אַלץ ווערט צע־שמעטערט אין זייער וועג. קיין זאַך קען זיי נישט אָפּהאַלטן. די פּיינט האַלטן נישט אויס דעם שטאַרקן אָנגריף פון די פרייהייטס־קעמפער און צעלויפן זיך ווי שעפּסן און הויך צעטראָגט זיך אין דער לופט זייער זיגרייך ליד:

וואַך אויף פון דיין שלאָף, דבורה,
וואַך אויף און זינג אונז דיין ליד.
אין די הענט פון דעם פיינט זענען מיר געלעגן...

צעגיסט זיך איבער די בערג און טאָלן דאָס ליד פון זיג און באַ־פרייאונג.

לאַנג בין איך געשטאַנען, נישט קענענדיק זיך אָפּרייסן, אַוועקגיין פון דער וואונדערשיינער פּאַנאָראַמע, וואָס איך האָב פאַר מיינע אויגן געזען. שטאַרק האָט די זון שוין געבאַקן, און אונטער דעם בילן פון די הינט, וואָס זענען ביי די ווענט פון מאָנאַסטיר־צוים אַרומגעלאָפן, בין איך שטיל צו דער קאָלאָניע פון באַרג גע־גאַנגען. עס איז שוין ביי מיטאָג געווען, ווען איך בין אין מסחה געקומען.

## במשעול הכרמים

אין ארץ־ישראל זענען פאראן כרמים. אויף די כרמים שומ־רים, און נישט פון גנבים היטן זענען די שומרים געשטעלט געווארן, נאר ווייל שלמה המלך האט דעם שיר השירים אנגעשריבן און דער אלטער מוסטאפע האט א טאכטער אזיזע. און דאס ווייס איך נאך זיך אליין.

שטענדיק, ווען איך פלעג דעם שיר השירים לייענען (און ליי־ענען פלעג איך אים גאנץ אפט) און קומען צו דעם פסוק „והנה הסתו עבר והגשם חלף הלך", אדער „יונתי בחגוי הסלע בסתר המדרגה, הראיני את מראיך, השמיעיני את קולך, כי קולך ערב ומראיך נאוה"... פלעג איך שוין נישט קענען ווייטער לייענען. פאר מיינע אויגן פלעגט גלייך ארויסשווימען דאס בילד פון מוס־טאפאס טאכטער. איך בין א שומר. אין שניי־ווייסע קליידער שפא־ציר איך איבער מיינע כרמים, איך זוך און רוף מיין געליבטע. „כי הנה הסתו עבר והגשם חלף הלך לו".

איינער אליין גיי איך אום איבער די כרמים. פון ערגעץ ווייט הערט זיך עפעס א שטילער איבער־קלונג, פון קאפ־מטבעות, נאז־באנטער און רינגען... פון דער ווייטנס הערטראגט זיך צו מיר א מילד ווייכע שטים, א שטים פון א גאזעל, וואס באגעגנט דעם זון־אויפגאנג... דאס איז דאך שולמית... איך בין א וועכטער געווארן.

---

די ערשטע צייט פון מיין וועכטעריי איז נישט אזוי גוט גע־ווען... שלמה בין איך טאקע געווען, איבער די גערטנער בין איך טאקע ארומגעגאנגען, אבער מיין פרינצעסין שולמית האב איך נישט געזען...

זי האט זיך געמוזט שעמען מיט אזא לא יוצלח ווי איך בין, ווייל די ערשטע צייט איז מיר נישט אמבעסטן געווען... די ערשטע

ציוט האָט שלמה דער העלד פון שיר השירים געהאַט אַביסל פחד.

אין דער נאַכט, אַ בוים איז ביי מיר אַ מענטש געוואָרן. עס ווערט אַ גערויש, דאָס ווינטל פליט פאַרביי שפּילנדיק זיך מיט די בוימער, דער שאָקאַל קריכט אין דעם שטאָק... און דער שיר השירים־העלד, איך הייסט דאָס, פלעג מיינען, אַז דער גאַנצער כּרם איז פול גנבים. אָבער איך האָב מיר צו דער וועכטעריי צוגעוווינט.

---

איין מאָל נאָך האַלבע נאַכט. די לבנה איז הויך איבערן הימל געשוווּמען און די וועלט מיט איר גאָלדענעם שיין פאַרגאָסן. שטיל איז אין דער נאַכט, און שטיל בין איך איבערן כּרם געגאַנגען, ביז איך בין אומבאַמערקט צו דעםביידל פון דעם אַלטן מוסטאַפאַ געקומען. די ביידל איז ליידיק. אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער פייף האָט די נאַכט דורכגעשניטן. אויפן פייף בין איך נאָכגעגאַנגען, און אויף אַ בערגל אין מיטן די כּרמים האָב איך אַלע שומרים געטראָפן ליגנדיק אין איין ראָנד־קרייז און איינער האָט אַ מעשה דערציילט פון דעם, ווי ער איז ביי די בעדואינער געווען און וואָס פאַר אַ גרויסער העלד זייער שייך איז, וויפל געסט צו אים קומען אַלע טאָג און וויפל שאָף ער קוילעט צוליב זיי. און ער האָט אַ פערד איז דאָס אין דער גאַנצער געגנט באַקאַנט... און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

ווי שטענדיק איז די נאַכט איר אייביקן וועג געגאַנגען און ווי גילדערנע שעפסן האָט זי די שטערן געטריבן איבער דעם טיפן פינסטער־בלויען הימל, דאָרט הינטער די בוימער, וואָס זענען אַזוי אומבאַוועגלעך געשטאַנען פאַרטראַכט. „נאָי את", האָט איינער אַ יונגער שייגעץ אָנגעהויבן זינגען. ער האָט פון דער ווייטער שיינער מיידל געזונגען, און פון אירע קליידער און פון זיין גרויס בענקשאַפט.

טו אָן דיין בוימל־קלייד,
טו אויס דיין בוימל־קלייד,
מיין שטוב איז חרוב —
מיין שטוב ווערט געבויט.

קום צו גיין, קום צו גיין, דו שיינע מיידל.
האט ער מיט א געוויין פארענדיקט.

אה ככבא! האבן די אראבער א לאנגן קרעכץ ארויסגעלאזן און גלייך זענען זיי זיך צעגאנגען. איך בין זיצן געבליבן: קום צו גיין, שולמית.. קום צו גיין, מיין טייבעלע... מיין שטוב איז חרוב... בין איך געזעסן און איבערגעחזרט דעם אראבערס געזאנג.

— וואס האסטו זיך צעזונגען? — האט מיך דער אלטער מוסטאפא גערופן מיט זיך. — אזיזע ברענגט היינט ברויט און אויך פלייש.

— אזיזע, — בין איך אים נאכגעגאנגען.

איך בין ביי מוסטאפאן געזעסן און אויף אזיזען געווארט.. אויף דער בעדואינקע פון עבר הירדן... ווי דער ווינט א פרייע און ווי דער קיפאריס א שלאנקע.

שטיל האט די לבנה זיך הינטער די ביימער באהאלטן. פארטיפט אין שלאף זענען די גערטנער געלעגן. פון דער זייט, ווו די אראבישע ביידלעך זענען געשטאנען, האט זיך שארף זינגען דערהערט און הענטפלעסקען.

— א גאנצע נאכט „פאנטאזיע"—האט מוסטאפא אומצופרידן אויסגערעדט.

איך הער מיך איין און זע די „פאנטאזיע" פאר מיינע אויגן. אט זע איך עס שטייט א צייל באהעפטעטע אראבער און ווארפן זיך אין אלע זייטן מיט זייערע קערפערס. אט זע איך ווי „זי" פארוויקלט אין א שווארצן שאל, מיט א בלויזן שווערד לויפט צו די אראבער. זיי ווארפן זיך צו איר. זי, אנגעשטעלט די שווערד אין זייער זייט לויפט אפ, לויפט פארביי אזוי ווי זי וואלט וועמען געזוכט.

— איך בין דא. איך טאנץ אויך. רעק אפ דיין געזיכט. לאז אראפ דיין שווערד, — בעט איך זיך ביי איר.

— א ווערכטער טאר נישט טראכטן — האט מיך מוסטאפא אויפגעוועקט פון מיין פארטראכטקייט. ער האט מיר די רער פון דער נארגילע געגעבן. איך האב אים באדאנקט.

ביי איר אוועקגיין האט שוין די נאכט געהאלטן. אין די

שטאָס איז דער באַגינען־ווינטל דורכגעלאָפן. הויך אויף די בערג האָבן זיך די פֿליִיאַדן אויפֿגעהויבן. די אַגלה האָט מען שוין נישט געזען.

דאָרט ווייט, וווּ דער הימל איז אויף די בערג געלעגן, האָט זיך דער עמוד־השחר געוויזן. שאָטנס זענען אין דעם נידעריקן שטאָס געלאָפן, — שאַקאַלן האָבן אין זייערע לעכער געאײַלט.

דער אַלטער מוסטאַפֿאַ איז געזעסן און שאָקלענדיק זיך האָט ער אַ ליד געבורעמט, ווי מען האָט נאָר צוויי נאָטן געהערט. דעם געוויין פֿון אַ שאַקאַל און דעם אויסרוף פֿון אַ נאַכט־פֿויגל. עס הויבט אָן ווערן אַלץ ליכטיקער, אַ שטאַרקער טוי האָט זיך אויף אונדז פֿון די בערג געטראָגן, און אַלץ מיט אַ נאַסקייט באַדעקט. און שטאַרקער האָבן מיר אונדז אין די אַבאַיעס פֿאַרוויקלט.

— אַזיזע קומט נאָך נישט, — האָט מוסטאַפֿאַ זײַן געזאַנג איבערגעריסן.

— מען דאַרף גיין, — האָב איך מיך פֿון אָרט אויפֿגעהויבן.

— זיץ, באַלד וועט זי קומען און מיר וועלן פֿלייש עסן, — האָט ער מיר געזאָגט, — איך וועל דײַן טרויבן ברענגען, — איז ער פֿון אָרט אויפֿגעשטאַנען.

איך בין זיצן געבליבן.

— היי יאַ אַבאַ! — האָט זיך פּלוצלינג אַ פֿרויען־שטימע דערהערט, ווי נאָר מוסטאַפֿאַ איז אַוועקגעגאַנגען.

— היי, — האָט זיך מוסטאַפֿאַ פֿון מיטן גאָרטן אָפּגערופֿן און גלייך איז ער צוגעקומען מיט אַנגעריסענע, נאַסע טרויבן.

פֿון הינטער די בערג האָט זיך אַ רויטלעכע קרוין געוויזן און אַלץ אַרום האָט געשמייכלט. אַ פֿייגעלע־צווייטשערן האָט דעם טאָג באַגעגנט.

איך זיץ און קוק אין דער זײַט פֿון וואַנען די שטים האָט זיך דערהערט. ווען וועט זי שוין קומען? ווען וועל איך זי שוין זען, די בעדואינקע פֿון די בערג? און אין פֿרימאָרגנשײַן האָט זי זיך געוויזן מיט אַ גרויסן קויש אויף איר קאָפּ. פֿריי און שטאָלץ האָט זיך איר קערפּער באַוועגט, קלינגענדיק מיט די מטבעות. „הראיני

את מראיך... השמיעיני את קולך" האָב איך גערופן, ווייז דיין פנים, לאָז הערן דיין שטים, ווייז דיינע טויבן־אויגן, ווי דער שני אויפן בארג חרמון זעגען דיינע האָר, ווי פלאַסטן גראַנאַט זענען דיינע שלייפן, ווי אַ ריח נחת איז דער הויך פון דיין מויל".

די זון איז שוין איבער די בערג אַרויס און האָט זיך אין אַזויס שיין־זאַכן אָפּגעשפּיגלט און פיל פאַרבן אין דעם נאָז־באַנד פאַרהאַלטן. דאָס שוואַרצע מיכל, וואָס האָט איר פּנים פאַרדעקט, האָט זי אָפּגעוואָרפן און, רבונו של עולם, וואָס איך האָב דערזען! אַ גראָבער און שוואַרצער, ווי ביי אַ טייוול געזיכט, ווו אין די באַקן איז צו דריי טיפע שניטן איינגעשניטן; דער שפּיץ נאָז איז אין דער הויך פאַררייסן, און געקוקט און געלאַכט פון מיר, — ווי גראָב ער איז געווען. די אויבערשטע דיקע ליפּ איז צום נאָז אויפ־געהויבן און די אונטערשטע אונטן אַראָפּגעקוקט. די שפּיציקע גאָמבע האָט פאַרויס געשטעקט און צווישן ליפּ און גאָמבע איז אַ גרויסע לאָך, אַ טיפער גרוב. אין דעם קליינעם, האַלב־רונדן, ווי אַ קעסל שטערן, זענען טיף צוויי קליינע אויגעלעך איינגעגראָבן, פון וועלכע עס האָט עפּעס געדונגען. מיט איר גראָבער שוואַרצער האַנט האָט זי יעדע ווײַלע דעם מויל געווישט, פון וועלכן עס האָט אויך עפּעס ווי געדונען, און פון איר האָט זיך געטראָגן עפּעס אַ מאָדר־נער גערוך, אַ מישמאַש פון רויך, שמוץ, שווייס, בהמות, שמאַל און נאָך אַזעלכע זאַכן. ווי אַ געליימטער בין איך געזעסן און אויף איר געקוקט און אין מיינע אויערן האָט געקלונגען: יונתי בחגוי הסלע, בסתר המדרגה א. א. וו.

— טפאַדאַל! — האָב איך ווי ערגעץ ווייט דערהערט און געזען, ווי מוסטאַפאַ האָט אויף דער צעשפּרייטער אויף דער ערד אַבאַיע צעלייגט געקאָכטע פלייש, פּיטעס, פייגן, טרויבן, ציבעלע, זיטונעס און בעט מיך עסן.

נישט אָפּפירנדיק פון אַזויען מיין בליק האָב איך מיין האַנט אויסגעצויגן צו נעמען עפּעס וואָס צו עסן, ווי זי האָט עפּעס גע־זאָגט, און מיט אַזאַ גראָבער, טעמפּער שטימע, ווי פון אַ ליידיקער פאַס.

ווי אַ שטאַרקער קלאַפּ האָט מיך איר שטימע געטראָפֿן, איך בין פֿון מיין אָרט אויפֿגעשפּרונגען און נישט אומקוקנדיק זיך בין איך צו זיך אין בייחל געלאָפֿן. איך האָב נישט געהערט וואָס מוס־טאָפֿאַ האָט מיר נאָכגעשריגן. איך בין געלאָפֿן און אין מיינע אויערן האָט געקלונגען: „הראיני את מראיך, השמיעיני את קולך, כי קולך ערב ומראיך נאוה".

# די שטילע...

חאסיע ווייסט, אז דער טאטע האט זייער נישט ליב די רוד־פישע און דאך זעט זי ווי צו זיי אין הויף, אין דעם קליינעם שטיבל, האט זיך אריינגעקליבן א יונגער בחור, איינער פון די באַרוועסע. זי האט דאס אויך דערציילט די חברטעס, ווען זיי זענען געקומען זי רופן שפּאַצירן און אַלע צוזאמען האבן זיי זיך אונטערגעגנבעט אונטערן פענסטער זען וואס ער טוט:

אין מיטן שטוב איז אָנגעוואָרפן פעק, פאפירן. אין ווינקל שטייט א בעטל צונויפגעשטעלט פון גאַזע־קעסטלעך און פונקט קעגנאיבערן פענסטער, אויפן וואַנט, הענגט א הוילער בחור, ממש נאַקעט, פונקט ווי דער משוגענער מחמד, וואס לויפט אום אין די גאַסן. מיט הילכיקע קוויטשערייען, און שטופנדיק איינע דער צווייטער זענען זיי אַפּגעשפרונגען פון פענסטער.

ביינאַכט האט חאסיע געהערט, אז די מאמע האט שטאַרק אויסגערעדט דעם טאטן, פאַרוואס ער האט אריינגענומען אַלס שכן א באַרוועסן.

אַלע פרימאָרגן זעט חאסיע, אז זייער שכן, יפה הייסט ער, גייט פאַרביי זייער טיר און טראָגט אין האנט א פלאַך קעסטעלע, אָבער פרעגן שעמט זי זיך. אגב האט זי טאַקע מורא פאַרן טאטן.

פון דער מאַמעס אָפטע געשפרעכן מיט די שכנות, האט זי זייער ווייניק געקאָנט דערגיין. א סברה, אז יפה לערנט אין בצלאל־שול, ווו מען מאָלט. זיינע חברים און חברטעס — די באַרוועסע בריידער און שוועסטער, רופן זיך ציוניסטן. וואס איז עס אזעל־כעס, — ווייס זי נישט. די ווייבער זאָגן, אז צוליב זיי שטאַרבן קליינע קינדער און פאַר זייערע זינד איז שוין צעשטערט געוואָרן

די צווייטע יתומישע חתונה. דאָס איז דאָך נישט קיין קלייניקייט. די מאַמע באַקלאָגט זיך זייער שטאַרק אויף דעם, וואָס מען האָט אים אַריינגעלאָזן ווייגען צו זיי. דאָס שטיבל שטייט דעם גאַנצן טאָג פאַרשלאָסן. די פענסטער — פאַרהאַנגען, און נאָט דער לע־בעדיקער ווייסט, וואָס דאָרט טוט זיך.

איינמאָל האָט חאַסיע באַשלאָסן פרעגן יפהן, פאַרוואָס מען רופט זיי ציוניסטן, באָרוועסע...

— וואָס איז זיך צו שעמען? וואָס האָב איך מורא? קיינער וועט נישט זען... טאַטע־מאַמע נישטאָ אין דער היים...

זי שטעלט זיך אין טיר און וואַרט, ביז יפה קומט אָן.

— „שלום" — איז ער געבליבן שטיין און קוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין, קענטיק גרייט צו הערן, וואָס זי וועט אים זאָגן. חאַסיע שווייגט, און יפה גייט זיין וועג.

חאַסיע קוקט אים נאָך און איז שרעקלעך אויפגעבראַכט אויף זיך:

— אפילו אויף דעם „שלום" נישט געענטפערט....

— כ'וועל דערציילן דער מאַמען, אַז דו האָסט גערעדט מיטן באָרוועסן, — שרייט איר די קליינינקע שוועסטערל, מירעלע.

חאַסיע צעשרייט זיך, הייסט איר שווייגן און שלאָגט זי אָן. אַ וויינענדיקע אַנטלויפט די שוועסטערל.

* * *

די צייט גייט, און עס איז געקומען ל"ג בעומר, וואָס ווערט געפייערט אין גאַנץ ארץ־ישראל און אויך אין ירושלים מיט גרוי־סע אילומינאַציעס.

אין אַ טאָל, צווישן הויך אויסגעשטרעקטע זיילן שטייט אַן אַלטער בנין, מיט אַן עפענונג אין אַ הייל, וווּ עס באַגעגנט דיך דער שמש מיט אַ חלבנער ליכטל. אין דרויסן אַרום הייל, צווישן די צעוואָרפענע אַליוון־ביימלעך איז פריילעך־רוּאיק. מען שפּאַ־צירט אַרום געמיטלעך, באַלעבאַטיש. חאַסיע איז אויך דאָ. זי שפּאַ־צירט מיט אירע חברטעס יום־טובדיק, אויסגעפּוצט. אַן אַראַבער לויפט פאַרביי און גיט איר אַ קניפּ. זי וואַרפט אים אַ קללה און גייט ווייטער איר וועג. מיט קנאה און פאַרדרוס קוקט זי צום

גרויסן שטיין, ווו יפה איז געזעסן מיט א גאנצער חברה „ברידער“ און „שוועסטער“, אלע — אין היטלען, זינגען העברעאישע לידער. רעדלעך מענטשן טייטלען אויף זיי מיט די פינגער. „האדא — מאסקאב“ (דאס זענען רוסן) — זאגן די אראבער. „בארוועסע, ציוניסטן“ — ברומען די ירושלימער יידן.

חאסיען פארדריסט עס: פארוואס רופט מען זיי די ציוניסטן? משמעות, זייער א מיאוס ווארט, — ציט איר צו זיי... די חברטעס שטימען צו און מען גייט פארביי דעם שטיין.

— קומט צו אונז, מיט אונז זיצן, — רופט זיי פון שטיין איינע פון די שוועסטער. זיי קוקן זיך אום.

— חאסיע, קום אהער מיט דיינע חברטעס. ביי אונז איז פרייליך. האב נישט קיין מורא. דער טאטע וועט נישט וויסן... — דערהערט זי יפהס קול. רויט ווי פייער ענטפערט זי נישט, גייט ווייטער און די חברטעס ווינקען זיך איבער. חאסיע האט נאך נידעריקער אראפגעזונקען דעם קאפ. פלוצלונג דערהערט זי א געשריי:

— „חברה!“

די גאנצע קאמפאניע, וואס איז געזעסן אויפן שטיין, האט זיך א לאז געטאן צו א גרופע מענטשן, וואס האט זיך נישט ווייט פון זיי באוועגט זייער אומרואיק. אין מיטן דער גרופע איז געשטאנען א מיידל פון די „שוועסטער“ מיט אראבער, ארום די אראבער א גרויסער עולם יידן. דא איז פארגעקומען א ערנסטער פאל.

אן אראבער האט ארומגענומען די שוועסטער, געוואלט זי קושן. האט זי אים א זעץ געטאן מיט איר שטעקן און געלעכערט זיין שארבן. די אראבער ווילן זי אוועקפירן צום קאנסול, אזוי זאגן זיי. אבער דא האבן זיך אריינגעריסן די „חברה“, אפגעשטויסן אלעמען און ארומגערינגלט דאס מיידל, גרייט צו געבן קלעפ יעדן, וואס וועט זיך פרווון דערנענטערן. די אראבער טרעטן אפ. חאסיע באוואונדערט זיי.

— ווען דאס טרעפט מיט אן אנדערע א מיידל, וואלט אויך געווען אזוי? — און חאסיען פארדריסט, וואס דער עולם מורמלט:

„באַרוועסע חברה, ציוניסטן". זי צעזעגנט זיך מיט אירע חבר־טעס און גייט אַהיים. די מוטער וווּנדערט זיך, וואָס זי איז געקומען אַזוי פרי און טאַפּט איר דעם קאָפּ, אַ באַאומרואיקטע:

— נישט געזונט? אַראָבער האָבן דיך באַליידיקט?...

— גאָרנישט, — רוימלט זיך חאַסיע מיט געזונקענע, צו דער ערד, אויגן און שווייגנדיק טראַכט זי דאָס אייגענע:

— פאַרוואָס רופט מען זיי „באַרוועסע"? זיי טראָגן דאָך שיך, ווי אַלע? און דאָס מיידל... אַ שטאַרקייט פון איר, גאָר גאָר קיין מורא נישט געהאַט!.... ווען דאָס טרעפט מיט מיר, וואָלט מיר דען איינגעפאַלן שלאָגן דעם אַראַבער? און יפה, וואָלט ער אויך געלאָפן באַשיצן מיך?...

אייגנמאָל, ווען יפה איז נישט געווען אין דער היים, האָט חאַסיע אַריינגעקוקט צו אים אין פענסטער און איז נשתומם גע־וואָרן: אַלע ווענט באַהאַנגען מיט משונהדיקע געמאָלן: נאַקעטע בחורים, קעפּ, האַלבע מענטשן, מיידלעך, ווייטער אין אַ ווינקל, אויף אַ ראָם — אַן אמתער ייִד, אַ תּימנער — ווי אַ לעבעדיקער. חאַסיע האָט נישט באַמערקט, ווי אין דער צייט איז צוגעקומען יפה:

— אַהאַ, מעג מען אַריינקוקן אין פרעמדע פענסטער?

פאַרשעמט, פאַרשמעלט חאַסיע דאָס פּנים מיט דער האַנט.

— אויב איר ווילט וועל איך אייך אויך אָפּמאָלן...

חאַסיע אַנטלויפט אין שטוב, לויפט אַריין אין דעם צווייטן צימער, פאַרשטעקט דעם קאָפּ אין אַלמער, אַזוי ווי זי וואָלט דאָרט עפּעס געזוכט. נאָכדעם רופט זי אַריין דאָס קליינע שוועסטערל, פרעגנדיק זי רחמנותדיק:

— מירעלע, ווילסט אפשר עסן? געבן דיר אַן איי?

אַ פרייטיק איז יפה אַריינגעלאָפן אין הויף און פאַרביי־גייענדיק אַ שטויס געטאָן מירעלען, וואָס האָט זיך שטאַרק צעוויינט. די מאַמע האָט זיך צעבייזערט:

— אַן אָנשיקעניש אויף אונז דער באַרוועסער!

חאַסיע שטעלט זיך איין, פאַרענטפערט יפהן:

— עס איז דאָך אומגערן.

די מאמע ברומט פארדריסיק:

— זע נאר, ווי זי נעמט זיך אָן פאַר אים!...

אין אַ ווײַלע אַרום רופט זיך אָן חאַסיע:

— כ׳לעבן מאַמע, אַ ביטערער רחמנות אויף אים, כ׳לעבן אַזוי יונג און אַזוי עלנט... אײנער אַליין... אַ מצוה, בנאמנות, זאָלסט אים פאַרבעטן אויף שבת. ער האָט דאָך נישט קײנעם, אָט רוף אים, מאַמע.

— ביסט טאַקע געראָכט, — שטימט צו די מוטער.

* * *

פרײַטיק צו נאַכט. דער טאַטע, יקותיאל, קומט פון שול. יפה איז אויך אַרײַנגעקומען אין אַ היטל, געזאָגט אַלעמען „גוט שבת״. זאָגט „אמן״ נאָכן קדוש, וואַשט זיך, מאַכט „המוציא״ און דער־ציילט אַלעמען:

— בײַ אונז אין דער היים איז איצט אַזוי פרײַלעך...

חאַסיען צעגייט דאָס האַרץ פאַר רחמנות. צו די זופ לייגט זי אים אַ זילבערנעם לעפל און רוימט איין דער מאַמען אַ סוד:

— גיס אים אָן נאָך אַביסל.

דער טאַטע זיצט אויבן אָן. זײַן ברייטער לאַנגער חאַלאַט צע־שפּיליעט און עס זעען זיך די לאַנגע ווייסע זאָקן און פּאַנטאָפל. פון אונטער דער יאַרמולקע הענגען אַראָפּ די לאַנגע פּיאות. ער זיצט, ווי זײַן שטייגער איז, פאַרוואָלקנט, אָנגעבלאָזן, ברוגז. ענד־לעך פרעגט ער אויף זײַן גראָבער געמבע:

— האָסט ווען געלערנט אין חדר?

— שוין לאַנג, גאַנץ לאַנג... אין שולע האָב איך געלערנט.

— גויים גמורים! — ברומט יקותיאל — ווילדע ברואים! אַ בייזער וויגט יאָגט זיי אין דער וועלט אַרײַן. וואָס וועט זײַן פון אייך דער תכלית? ארץ־ישראל ווילט זיך זיי די באַרוועסע!...

— לאָמיר בעסער בענטשן, — שמייכלט יפה, — אייער חברה ווילן שוין שלאָפן...

חאַסיע גיט יפהן אַ גלאָז מיט ווײַן און מיט ברוגזע אויגן קוקט זי אויפן טאַטן. דעם גאַנצן טאָג שבת האָט זיך חאַסיע געפילט נישט מיט אַלעמען. זי איז אַפילו נישט געגאַנ־

גען שפּאַצירן און נישט געוואָלט אָנטאָן דאָס נייע, ווייסע קלייד, וואָס מען האָט ערשט נעכטן פאַרנאַכט געבראַכט.

— וואָס איז מיט דיר, טאָכטער מיינע, וואָס גייסטו נישט שפּאַצירן? — איז די מוטער אומרואיק.

— דער קאָפּ טוט מיר ווי...

* * *

דער שבת קודש האַלט ביים אוועקגיין. און גאָס איז נאָך ליכטיק, נאָר די שול, פון אַנטקעגן, פאַרשטעלט די שויב. מיט אַמאָל — אַ געזאַנג. חאַסיע לויפט צום פענסטער און זעט יפהן מיט אַ קאָמפּאַניע בחורים און מיידלעך, גייען און זינגען. דער־זעענדיק חאַסיען באַגריסן זיי זי, נעמען אַראָפּ די היטלען. די חברטעס לויפן אַן און רופן זי שפּאַצירן. זי וויל נישט גיין. און אַליין רוקט זי זיך אַרויס פון פענסטער, קוקט נאָך די חברה, ווי ווייט דאָס אויג קען כאַפּן.

— חאַסיע, וועסט נאָך חלילה אַרויספאַלן, — וואָרנט די מוטער.

חאַסיע וואַרפט זיך אָפּ מיט אַ זיפץ.

אין שטוב ווערט אַלץ טונקעלער, פון אַנטקעגן, אין שול, פינקלען טונקעלע פייערלעך, ווי אַ שוועבנדער אָפּשיין פון פאַר־חלומטע אויגן: שוואַרצע שאָטנס גייען אַרום, שאָקלען זיך און ווערן צעשוומען, ווי אין אַ פינסטערן תהום. פון אַלע ווינקעלעך, פון אונטערן טיש און באַנק קריכט די פינסטערניש איבערן שטוב. חאַסיע ליגט, איינגעטוליעט אין דער מוטערס שויס. עס איז שטיל, אומעטיק — חאַסיע טראַכט, טרוימט:

— ווען איך האָב אַזאַ ברודער ווי יפה — ווי גוט דאָס וואָלט געווען! איך וואָלט מיט אים געגאַנגען שפּאַצירן, אין מיין ווייסער קלייד מיט פעלדעלעך פון אונטן. אַלע וואָלטן מקנא גע־ווען — אַזאַ ברודער...

— מאַמע, פאַרוואָס רופט מען זיי באָרוועסע? און ווי זאָגט מען עס אַזאַ וואָרט — ציוניסטן? פאַרוואָס?

— זעסט דאָך, טאָכטער מיינע, ווי זיי שלעפּן זיך אַרום, בחורים מיט מיידן, וויגען צוזאַמען, האָבן נישט קיין מורא,

ניש́ט פאַר גאָט, נישט פאַר לייט, פאַרלאָזן די עלטערן, דאַווענען נישט, גייען אַרום ווי אַראַבער מיט געזאַנג אין גאַס. פע, נישט שיין אַזוי...

— געדענקסט אָבער, מאַמע, דאַמאָלסט אין מאַרק, ווען אַן אַראַבער האָט געכאַפּט אַ יידיש מיידל, — געוואָלט אַוועקפירן,— האָט זיך קיינער נישט איינגעשטעלט, אַ חוץ די רוסישע. זיי האָבן דערלאַנגט דעם אַראַבער, געבונדן — און מען רופט זיי מיט אַזאַ נאָמען... פאַרוואָס?

אַ שטילשווייגן הערשט אין צימער. פון שול הערן זיך קולות — מען דאַוונט מעריב. דער אָפּשיין ווערט ליכטיקער. די מאַמע זאָגט אָפּ „גאָט פון אברהם" און צינדט אָן פייער. דער טאַטע קומט אַריין מיט אַ ברומענדיקן „גוט וואָך". פאַרביי דער טיר האָט זיך פלוצלונג דערהערט אַ געדודער. דאָס האָט זיך אומגעקערט יפה מיט דער גאַנצער חברה.

— גוט־וואָך, גוט־וואָך! — גייען זיי פאַרביי די טיר.

— זע נאָר די האָפּטע באַרוועסע, — ברומט יקותיאל, — אַ בייזע מהומה אויף זיי, אויף דער פולער וואָך.

חאַסיעס אויגן בליצן מיט כעס. און זי צעוויינט זיך.

* * *

פון דאַמאָלט אָן איז חאַסיע געוואָרן באַהאַרצטער, מוטיקער. זי שעמט זיך שוין נישט. ווען יפה גייט דורך און זאָגט „שלום", ענטפערט זי. איינמאָל האָט זי זיך געמאַכט האַריץ און געפרעגט אויף דעם קעסטעלע. יפה עפנט דאָס קעסטעלע און ערקלערט:

— דאָ איז פאַרבן, בערשטעלעך — צום מאָלן. זי קוקט אַריין נייגעריק אין קעסטעלע. מירעלע זעט און שווייגט. זי רייצט זיך שוין נישט: „איך וועל דערציילן"....

— „שלום", צייט צו גיין, — פאַרנעמט ער דאָס קעסטעלע.

חאַסיע קומט צו צו מירעלען, כאַפּט זי אויף די הענט, קושט, האַלזט, וויגט זי, ווי אַ וויינענדיק קינד, טראָגט זי אין שטוב אַריין, שטעלט זיך אָפּ יעדע ווײַלע מיט צוגעמאַכטע אויגן און די ליפּן צוגעפּרעסט צו אירע האָר.



אין אוונט האָט זיך חאַסיע געקליבן שפּאַצירן. זי איז גע־שטאַנען אויסגעפּוצט אין דער ווייסער קליידל און גרויסער הוט. זי האָט דערזען יפה שאָקלט מיטן קאָפּ:

— וואָס איז?

— איך וואָלט בעסער געפּאַסט קליידן זיך ווי אונזערע מיידלעך.

חאַסיע קערט זיך אום אין שטוב, טוט זיך איבער, קומט צו האַסטיק צו דער מוטער, נעמט זי אַרום און שרייט אויס:

— אַי, מאַמע, האָב איך דיך ליב!

— וואָס איז מיט דיר, טאָכטער מיינע? — ווונדערט זיך די מוטער.

חאַסיע קושט זי אָן ווערטער. שפּאַצירן גייט זי שוין נישט. די חברטעס זענען ברוגז. זי וויל מער נישט שפּאַצירן מיט זיי. נאָך שטענדיק זיצט זי אויפן שוועל און קוקט אַריין אין יפהס שטיבל. אַ פּאַרנאַכט איז זי געקומען פון גאַס. האָט זי געטראָפן אין שטוב אַ פרעמדן מענטשן. טאַטע־מאַמע זיצן אין די שבתדיקע קליידער, אויפן טיש — ווייַן מיט פּאַרביסן...

— דאָס איז אייער בתולה! — מזל טוב!

— מזל טוב, זאָל זיין מיט מזל און גליק.

— מזל טוב דיר, טאָכטערל, ביסט געוואָרן אַ כלה, — זאָגט צו איר די מאַמע.

אויף די רייד איז אָנגעקומען יפה.

— כ'האָב איך געבראַכט דירה־געלט. מאָרגן ווערט פריי דאָס שטיבל. איך פאָר אָפּ אין די קאָלאָניעס.

חאַסיע צעוויינט זיך אויפן קול.